נ. סיגאַלאָווסקי

# נאָכן שטורעם

און אַנדערע געקליבענע דערציילונגען



אַרויסגעגעבן פון.
יידישן קולטור-ראַט, ראָטשעסטער, נ. י.
1958

געווידמעט מײַן פרוי, דער באָבע שׂרהן
און די אײניקלעך, עטל-רבקהן און חיה-לאהן.

# AFTER THE STORM

**and other Selected Stories**

by

**N. SIEGALOVSKY**



Printed In The U. S. A. By

GRENICH PRINTING CORP.
151 West 25th Street
New York City



# אַ דאַנק



דער מחבר דריקט אויס דאַנק און אנערקענונג דעם

**יידישן קולטור-ראַט פון ראָטשעסטער, נ. י.**

פאַר אַרויסגעבן דאָס בוך.

אַ דאַנק דעם פּאָרזיצער, פון בוך־קאָמיטעט

**שלמה באָגאָראַד.**

אַ דאַנק אַלע פריינד, וואָס האָבן איינגעצאָלט פאַרן בוך,

נאָך איידער עס איז אַריין אין דרוק.

אַ דאַנק מיין רעדאַקטאָר,

**ברוך שעפנער.**

# אינהאַלט:

# ווי שטיל!

דאָס מאָל וועל איך אייך דערציילן אַ מעשה וועגן אַ יידיש יינגל, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אַן אוקראַינער דאָרף. די מערסטע מענטשן אין דאָרף זיינען געווען קריסטן, פּאַרמערס. דאָס יינגעלע האָט זיך צוגעקוקט צו זיי. ער האָט זיך גוט איינגעקוקט אין זיי, און ער וואָלט וועגן יעדן איינעם פון יענע מענטשן געקאָנט עפּעס דערציילן, אָבער היינט וועט ער דערציילן וועגן דער שטילקייט אין יענעם דאָרף. מיינט איר, אַז די מענטשן דאָרט זיינען געווען שטומע? ניין, זיי זיינען געווען מענטשן אַזוי ווי איך און איר. זיי האָבן געזונגען זייער שיין, גייענדיק פּאַרטאָג צו דער אַרבעט און אין אָוונט — פון דער אַרבעט. זיי האָבן גערעדט פריי און הויך, אַזוי, אַז ווען פּעטראָ בעביטש, אַ פּויער אַ ריז מיט אַ שטאַרק קול, האָט גערעדט פון יענער זייט טייך, האָט מען אים געהערט אויף אונדזער ווינקל. עס האָבן געדרוישט די שווערע הילצערנע וועגענער; עס האָבן געמאַכט ציי־טערן די לופט די קולות פון די בהמות, פערד, חזירים, הינט, גענדז און הינער און די גרויסע טשערעדע שאָף. אָבער אין אָוונט, אַז עס איז שטיל געוואָרן, איז טאַקע געווען שטיל.

ניט נאָר דערוואַקסענע, אַפילו קינדער פלעגן אויפשטיין זייער פרי, און דערפאַר איז מען פאַרפרי געגאַנגען שלאָפן. און פאַרפרי האָט גע־מיינט — ווי נאָר עס איז געוואָרן פינצטער. האָט דאָך דאָס יידישע יינגעלע אויך געדאַרפט גיין שלאָפן. איז ער טאַקע געגאַנגען שלאָפן. ער איז גע־לעגן אין זיין בעט לעבן זיין שלאָפנדיקן ברודער און האָט געקוקט אויפן בלייכן פּירעק פונעם איינציקן פענצטער אין אַלקער. דאָס פענצטער איז געווען צום גאָרטן, און אין גאָרטן, ביים פענצטער איז געשטאַנען דער אַלטער באַרנבוים. דורכן נידעריקן פענצטער האָט זיך געזען זיין דיקער שוואַרצער שטאַם. דער בוים איז געווען זייער אַ גרויסער, אָבער אַן אַל־טער, און עס האָט זיך געהערט, ווי ער קרעכצט און פּליסטערט עפּעס. וואָס קאָן אַ בוים זאָגן? לאַכט ניט, קינדער, אָבער דאָס יינגעלע האָט זיך ליב געהאַט איינצוהערן אינעם שטילן־שטילן פּליסטער פונעם אַלטן באַרנ־בוים. ער האָט געהערט, און דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפּט. יעדער בוים האָט זיין אייגן קול. אַ וויינשל־בוים רוישט אַנדערש ווי אַ פלוימען־בוים, און אַ פלוימען־בוים גיט אַרויס אַנדערע קלאַנגען ווי דער עפּל־בוים. מע דאַרף זיך נאָר איינהערן, וועט מען דערהערן. און אין אונדזער גאָרטן

האָבן מיר געהאַט אָט די אַלע און נאָך און נאָך אַנדערעביימער און קוסטעס אַגרעסן און ווײַנפּערלעך, און יעדער בוים און יעדער געוויקס האָט געהאַט זײַן פּנים און זײַן שטאַלט און זײַן לשון, און דאָס ייִנגעלע האָט זיך אין יעדן קול אײַנגעהערט און די אַלע קלאַנגען אַרײַנגענומען אין האַרצן און ער טראָגט זיי אין זיך ביזן הײַנטיקן טאָג, און ער האָט זיי ליב, און ער דערציילט עס אײַך.

אָבער אַז מע ליגט לעבן אַ ברודער אין הויז, פּילט מען ניט אַזוי די שטילקייט ווי ווען מע בלײַבט אין אָוונט אײנער אַליין, אין דרויסן, אויף דער לאַנגער באַנק, ביים פּאַרקאַן פונעם קלויסטער, איבערן וועג פון דער היים.

דאָס ייִנגעלע האָט שוין אָפּגעדאַוונט מעריב, אָפּגעגעסן וועטשערע און ער בעט זיך ביי דער מאַמען, ער וויל אַ ביסעלע זיצן אין דרויסן.

— וואָס וועסטו דאָרט אויסזיצן ? — מאַכט די מאַמע, און לאָזט איר זון גיין. און ער גייט צו דער לאַנגער באַנק, ער זעצט זיך אַוועק און ער זעט, ווי אויף ביידע זײַטן טייך לעשן זיך די לעצטע ליכטער אין די קליינע פּויערשע שטיבלעך מיט שטרויענע דעכער. עס ברענט נאָך דער לאָמפּ אָט דאָ, איבערן וועג, אין דער היים און פון ווײַטן, ביי אַ האַלבן מייל פון דאַנען — רײַסט זיך דורך די ליפּן־ביימער אַ שטאַרק ליכט פונעם פּריצישן הויף.

עס איז שפּעט זומער. עס שמעקן די איבערגערײַפּטע עפּל אינעם קלויסטער־גאָרטן און די צעגראָבענע ערד אין הײמישן גאָרטן, וואו מע האָט ערשט הײַנט אויסגעגראָבן די קאַרטאָפל. דער הימל וואָלקנט זיך. וואו זײַנען די שטערן ? וואו איז די לבנה ? אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך באַ־האַלטן. די פינצטערניש שפּאַרט פון אַלע ווינקעלעך. זי קומט אָן צווישן די פּויערשע שטיבלעך, שטאַלן, קלוניעס און זי גיסט זיי צונויף. זי קומט אָן צווישן די ביימער און רוקט זיך צום ייִנגל אויף דער באַנק.
ער איז אײנער, אײנער אַליין. עס איז אַזוי שטיל, אַז עס איז שווער צו גלייבן אין דער נאָענטקייט פון מענטשן. עס דאַכט זיך אים, אַז ער שווימט אַוועק מיט דער געדיכטער פינצטערניש. ער שווימט אַלץ ווײַטער און ווײַטער און עס ווערט אים אומעטיק. ער וויל זען זיי אייגענע האַנט. ער קוקט אויף איר, און זעט זי ניט. ער האָט שוין אַ ביסעלע מורא, אָבער ער רירט זיך ניט. די מורא טוט וויי און זי איז זיס. ער מאַכט צו די אויגן. ער זעט גאָרניט. ער עפנט די אויגן און זעט שוין אוי גאָרניט, נאָר ווען ער קוקט זיך גוט אײַן, באַמערקט ער, אַז דאָרטן, וואו ער האָט פריער געזען די פּויערשע שטיבל, איז איצט אַ נידעריקע קרומע וואַנט, אַ שוואַרצע, שוואַרצער, ווי די פינצטערניש איבער זיי זיך. ער וויל זיך אויפהייבן פון זײַן אָרט, און ער קאָן ניט. עס טוט אים באַנג. ער קוקט זיך אײַן. ער גע־וואוינט זיך צו צו דער פינצטערניש און ער זעט די קאָנטורן פון דער דער־

בייאיקער שטוב. דאַכט זיך, אַז ער זעט אויך אַ ביסל דאָס צווייטע הויז. די פינצטערניש ווערט אַביסעלע שוואַכער, אָבער די שטילקייט וואַקסט און זי נעמט אים איינגאַנצן־איינגאַנצן דורך. ווען ער הייבט זיך אויף פון אָרט, פילט דאָס ייִנגל, אַז ער טראָגט עפּעס אין זיך. ער אָטעמט דערמיט. און ווען ער קוקט עמעצן אין די אויגן, זאָגט מען: ער קוקט גלייך אין האַרץ אַריין. ער טראָגט אין זיך דעם גאַנצן גאָרטן מיט אַלע זיינע ביימער, קוסטעס, גראָזן און בלומען. ער טראָגט אין זיך די שטיבלעך, די מענטשן, די שיינע רוישנדיקע טשערעדעס, זייער טעגלעכן ברומען און זייער נאַכטיקע שטילקייט און די גרויסע־גרויסע שטילקייט האָט דאָס ייִנגל מיטגענומען מיט זיך איבערן אַטלאַנטישן אָקעאַן, זיי געבראַכט קיין אַמעריקע און דאָ דערציילט ער מעשיות פּאַר גרויס און קליין.



# דער בוים

עפּעס איז דאָ אינעם וויגן זיך פון גרין־באַוואַקסענעביימער. ווי אַזוי דערציילט מען עס? ווי גיט מען איבער דעם פלאַטער פון די בלעטער און די פאַרשיידנפאַרביקייט פון איין און דעם זעלבן קאָליר — גרין?

איך זיץ אין צימער,ביים פענצטער, קוק אַרויס אין גאַס, זע די קרוינען פון די ביימער, איבער די דעכער. מיר דאַכט זיך, אַז קיין ווינט איז ניטאָ. אָבער די שפּיצן פון די ביימער זיינען אומרואיק. זיי בייגן זיך קוים־קוים אין איין זייט, אַלע ביימער אין ריי, און אַלע ציטערדיקע קרוינען עטוואָס געבייגט. קוקסט און קוקסט, און עס דאַכט זיך דיר, אַז די אומגעזעענע שטאַמען בייגן זיך אויך, בייגן זיך, רירן זיך און שווימען שטיל. און מיט זיי — די גאַס און דו, ביים פענצטער, שווימסט מיט, ווער ווייסט וואוהין און אויף ווי לאַנג.

די קולות פון די מענטשן אין גאַס, דאָס אומאויפהערלעכע רוישן פון די אויטאָס, דער גאַנצער דרויסנדיקער ליאַרעם, ווערט ווי איינגעשטילט. דיווירקלעכקייט ווערט פאַרוואַנדלט אין עפּעס פאַנטאַסטישס, ניט־דאַאיקס. איז דאָס אפשר יענער כישופדיקער פלאַטער פון די גרינע ביי־מער־קרוינען? קוקט זיך איין, זעט: אויף אַן אויגנבליק האָבן זיך די ביימער־קעפּ אָפּגעשטעלט, ווי זיי וואָלטן זיך איינגעהערט. און אָט — ווידער דאָס זעלבע רוישלאָזע פלאַטערן און בייגן זיך אויף אַ זייט, שטרעקנדיק זיך צו די הייכן און צו די וויטן.

און אַזוי — טאָג נאָך טאָג, נאַכט נאָך נאַכט (ווען מע זעט זיי ניט און מע שטעלט זיך בלויז פאָר זייער שפּילעוודיקע גרינקייט און אומאויפהער־לעכע באַוועגלעכקייט) ביז זיי ענדערן זייערע גרינע קליידער אויף גאָלדיק־רויט, גאָלדיק־ברוין, גאָלדיק־זשאַווער, ביז די קעלטן און די פאַרדאַר־בנדיקע נעצן באַרייסן זיי צום לעצטן בלאַט און לאָזן אייך וואַרטן אויפן וויטן פרילינג.

איר וואַרט און וואַרט... עס איז שוין וואַרעם געוואָרן און די לאַנג־געגאַרטע גרינקייט האָט זיך נאָך אַלץ ניט באַוויזן. איר קאָנט עס גאָרניט באַנעמען. איר פאַרגעסט, וואָס פאַראַיאָרן און פריער איז געשען. איר האָט תרעומות... אויף וועמען? אויף וואָס? אַ בענקשאַפט נעמט אייך איינגאַנצן דורך... ווער ווייסט, אפשר איז ערגעץ אין די ספערן פאָרגע־קומען אַן ענדערונג? איר וואַרט אַ טאָג, איר וואַרט צוויי... וואָס וועט זיין, וואָס וועט זיין? איר קוקט זיך איין אין די שפּיצן פון די ביימער איבער די דעכער און אייך דאַכט זיך, אַז איר האָט דערזען אַן איבערבייט ערגעץ,

צווישן די דינע, שוואַרצלעכע צווייגן. אָבער אין וואָס דאָס באַשטייט, קאָנט איר ניט דערקלערן. אויף מאָרגן טראַכט איר זיך, אַז די ענדערונג איז געוואָרן קענטלעכער און איר זאָגט זיך: דאָס איז בלויז דער פאַרלאַנג אייערער, און עס האָט מיט דערווירקלעכקייט ניט צו טאָן.

אָבער אָט שטייט איר אויף (אויף מאָרגן, צי — איבערמאָרגן) און מיט איין מאָל דערזעט איר דעם וואונדער: די גאַנצע ריי ביימער־שפּיצן וויגט זיך פלאַטערנדיק אין רוים מיט דער ערשטער ליכטיקער גירנקייט. אייער האַרץ פלאַטערט־מיט און מיט פרייד טראַכט איר וועגן דעם וואָס עס שטייט אייך פאָר צו זען און צו זען.

***

און אָט האָב איך זיך אַריינגעקליבן אין אַ נייער וואוינונג אויף אַ נייער גאַס. און אויך דאָ, ווען איך האָב אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער, האָב איך פון וויטן געקאָנט זען צווי רייען ביימער־שפּיצן איבער די דעכער פון די הייזער אין גאַס. אָבער חוץ דעם האָב איך שוין אויך פאַרמאָגט אַן אייגע־נעם בוים, הינטערן הויז, אין הויף. מיט וואָס ער איז מיר געווען אייגענער פון יענע ביימער, קאָן איך ניט דערקלערן. זאָל עס זיין דערפאַר, וואָס ער איז געוואַקסן אַזוי נאָענט לעבן מיר? צי אפשר גאָר צוליב זיין ניט־אָנ־געזעעוודיקייט? ווייל געווען איז עס ניט געווען איינער פון די הויכע טאָ־פּאָלן, מיט וועלכע די מערסטע גאַסן אין שטאָט זיינען באַצירט, ניט קיין סאָסנע, ניט קיין דעמב, ניט קיין בעריאָזקע מיטן שיינעם ווייסן שטאַם, נאָר אַ קליינער, נידעריקער באַרנבוים, מיט אַ דיקן, קרומלעכן שטאַם און גאַנץ היפשן בונט לאַנגע, געבויגענע צווייגן. די גאָר־אונטערשטע דיק און שאַרסטקע און וואָס העכער אַרויף דינער און בויגעוודיקער.

געטראָפן האָב איך דעם באַרנבוים ווינטער, באַלד נאָך די ערשטע שנייען און בייסיקע פרעסט. ער האָט אויסגעזען אַזוי אָרעם און נעבעכדיק, אַז איך האָב אַ טראַכט געטאָן: „אויך מיר אַ בוים...” דער שניי אויף דער ערד האָט דעם אָפּגעפּליקטן בוים מיט זיין געשפּאָלטענעם שטאַם און, ווי מיר האָט זיך געדאַכט, איבערגעטריקנטע צווייגן, נאָך נעבעכדיקער געמאַכט. און זיין שוואַרצלעכקייט — נאָך טונקעלער און האָפנונגלאָזער.

איך האָב דעם קליינעם באַרנבוים דערזען אין קאַמף מיטן ווינט, וואָס האָט זיך אָנגעזעצט אויף אים, ווי אַ ווילדער רייטער אויף אַ שוואַך פערד. דער אומגעזעענער ווינט איז געשפּרונגען פון צווייג צו צווייג, יעדע פון זיי באַזונדער און אַלע מיט איין מאָל געבויגן און געריסן מיט אַזאַ בייזקייט און מיט אַזאַ שאָדנפרייד, ווי דער בוים וואָלט געווען הפקר. איך האָב גע־קוקט אויפן נידעריקן שטאַם און געטראַכט, אַז דער אומגליק קאָן געשען צו יעדן מאָמענט. עס האָבן פונעם ווינט געטרישטשעט שוין ניט נאָר די דינערע צוזאָגן, נאָר אויך די אונטערשטע און איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז אויך דער שטאַם וויגט זיך... נאָך איין בייזער ריס, און דער שטאַם וועט נאָכגעבן. איך האָב זיך ווירקלעך געשראָקן.

אָבער דער באַרנבוים איז שוין מער ניט געווען אַליין. איך בין געווען מיט אים. ווי נאָר איך בין געקומען אַהיים פון מיין באַשעפטיקונג, אַזוי האָב איך ניט פאַרגעסן געוואויר צו ווערן מיין איינזאַמען פריינד.

ער האָט געהאַט אויסצושטיין אַ שווערן ווינטער. שנייען האָבן אים פאַרשאָטן און אים פאַרשמידט אין אַן אייזיקן קלייד. די ווינטן האָבן עט־לעכע צווייגן זיינע אָפּגעבראָכן. נאָכדעם זיינען געקומען מילדערע ווע־טערן. עס איז אַפילו געווען אַ רעגן אין מיטן ווינטער. דער באַרנבוים האָט זיך באַפרייט פון די אייזיקן קלאַמערן און ווי אויסגעגלייכט אַ ביסל די מידע גלידער. אָבער דאָס וואַרעמע וועטער איז באַלד צוריק פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין מוראדיקע קעלטן.

דער באַרנבוים אין הויף איז ווי איינגעשרומפּן געוואָרן. יעדער צווייג זיינער און אויך דער שטאַם האָבן אויסגעזען קראַנק פון קעלט און אייביקן קאַמף.

איך האָב געקעמפט פאַר מיין טאָג־טעגלעך ברויט. אין שטאָט זיינען אָנגעגאַנגען סטרייקס, אונדזערע זין זיינען אומגעקומען אויף די שלאַכט־פעלדער. די צייטונגען, די ראַדיאָ און די טעלעוויזיע האָבן אונדז געבראַכט נייס פון אַלע ווינקעלעך און פון די ווייטסטע עקן פון דער וועלט. „נייס" האָט מען עס גערופן. די „נייס" זיינען געווען אַזוי אַלט ווי די וועלט. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אַלע מענטשן זיינען פאַרוויקלט אין אַ קאַמף קעגן בייז. יעדערער איז געווען זיכער, אַז דאָס בייזע איז ביי יענעם, און דער־פאַר האָט מען געקעמפט קעגן יענעם.

אַ וועלט אַ גאַנצע האָט געקעמפט קעגן דעם פאַרדאַרבנדיקן בייז, און דאָ, ביי מיר אין הויף האָט אַן אַלטער, קליינער באַרנבוים געקעמפט פאַר זיין שטיל, פרידלעך לעבן. איך בין געווען אינגאַנצן אויף דער זייט פונעם באַרנבוים און אינגאַנצן קעגן דער ווילדער סטיכיע, וואָס האָט זיך אָנגע־זעצט אויף אים.

איך האָב געקלערט וועגן דעם זין פונעם אייביקן מענטשלעכן קאַמף קעגן בייז. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דער קאַמף קאָן קיינמאָל ניט אויפ־הערן, מחמת דאָס בייז איז ניט אַרום אונדז, נאָר — אין אונדז, אין די אָרעמע און אין די רייכע, אין די שטאַרקע און אין די שוואַכע. קוים איז דער אָרע־מער רייך געוואָרן, ווי נאָר דער שוואַכער איז ביי אַ געלעגנהייט, שטאַרק געוואָרן, האָט ער אויפן שטעל פאַרגעסן זיין אָרעמקייט און זיין שוואַכ־קייט, און איז געוואָרן דאָס בייזע און דאָס פאַרדאַרבנדיקע אין לעבן. אַזוי צי אַזוי — די שוואַכע האָבן דערוויייל געליטן, און איך בין געווען אויף דער זייט פון די שוואַכע.

איך האָב געוואוסט די געזעצן פון דער נאַטור. איך האָב באַגריפן די נוצלעכקייט פון די ווינטן, וואָס האָבן אויף זייערע מעכטיקע פליגל גע־טראָגן שפע פאַר אַלע געוויקסן. אָבער זעענדיק, וואָס די זעלביקע ווינטן

טוען מיט מיין אָרעמען באַרנבוים, בין איך איבערגעפּילט געוואָרן מיט רעוואָלט קעגן זיי, מחמת אינאיינעם מיטן לעבן, וואָס זיי האָבן געבראַכט דעם בוים, האָבן זיי געטראָגן אין זיך זיין אונטערגאַנג.

עס איז באמת געווען רירנדיק צוצוזען, ווי ער האָט געקעמפּט מיט זיי, מיט די ווילדע ווינטן, מיט די שנייען, מיט די רעגנס.

איין נאַכט האָט זיך דער ווינט אַזוי אָנגעזעצט אויפן בוים, אַז איך בין געווען זיכער, ער וועט שוין דעם טאָג ניט דערלעבן. דורך די פאַרהאַקטע פענצטער האָבן זיך צו מיר דערטראָגן זיינע קרעכצן. אָבער אויף מאָרגן איז דער ווינט געשטילט געוואָרן, און דער באַרנבוים איז געשטאַנען, ווי אויסגעשעפּט פון לאַנגן שטרייט.

דער ווינטער איז אַריבער. דער פרילינג איז געווען אַ פריער, אַ וואַרע־מער, אָן ווינטן און מיט שטילע רעגנס. ווי אַזוי די ביימער אין גאַס, דאָרט, פון דער ווייטן, האָבן זיך געענדערט, האָב איך פון דאַנען ניט געקענט זען. אָבער דערפאַר האָב איך נחת געהאַט אין מיין בוים. פון טאָג־צו־טאָג האָט ער געביטן זיין אויסזען. דורך דעם קורצן, צעהרגעטן שטאַם האָבן זיך מיט געהיימע קאַנאַלן צו די צווייגן געטראָגן די זאַפטן פון דער ערד. זיי האָבן אָנגעטרונקען יעדן ריטל באַזונדער און זיי זיינען ווי אָנגעשוואָלן געוואָרן, ווי באַטרונקען.

איך האָב געזען ווי אויף די דינינקע שטאָמעלעך פון די ריטלעך זיינען אויפגעלאָפן, עטוואָס אָפּגערוקט איינס פון צווייטן, שוואַרצינקע שפּיצעלעך. אין גיכן האָבן זיי זיך געעפנט, און פון די עפענונגען, די גרויס פון אַ צע־שפּאָלטענעם פּאָדעם, האָבן זיך באַוויזן אַ דריט פעדימל פון אַ ליכטיק־גרינעם קאָליר. די שוואַרצע שפּיצלעך האָבן זיך איבערן טאָג פאַרטאָפּלט אין זייער גרויס און עטוואָס האַרטער געוואָרן. און פון זייער האַרטקייט, האָט דאָס גרינע שפּראָצל אַרויסגעקוקט נאָך צאַרטער און ליכטיקער ווי פריער.

נאָך אַ טאָג מיט אַ נאַכט האָט געדויערט — און אַלע צווייגן פונעם באַרנבוים זיינען ווי אָפּגעשאָטן געוואָרן מיט קורצע, דינע נעדעלעך. אויף מאָרגן, נאָך דער אַרבעט, האָב איך געטראָפן אַ נייעם בוים אין מיין הויף. איך האָב אים ווירקלעך ניט דערקענט! וואָס איז געוואָרן פון זיינע קראַנקע, טונקעלע, נאַקעטע צווייגן! זיי האָבן פריידיק געציטערט פונעם ווינטס לייכטער באַרירונג און די בלעטער האָבן געפּליסטערט, באַוועגנדיק מיט זייערע שפּיצן, ווי זיי וואָלטן עפּעס געזאָגט און ניט דערזאָגט, ווי זיי וואָלטן געמאַכט געווויסע צייכנס.

איך האָב געקוקט אויף אָט דער שטילער שטומער פרייד און איך האָב זיך דערמאָנט, וואָס דער באַרנבוים האָט געהאַט אויסצושטיין איבערן ווינ־טער. ניין, דאָס איז ניט געווען מער יענער שוואַכער, איינגעקוואַרטער בוים, וואָס האָט געקעמפּט קעגן ווינט און ניט געקאָנט באַשיצן זיינע אָרעמע

צווייגן. דער שטאַם און זיי זיינען איצט געווען איין שטאַרק געפלעכט, גרייט ווייטער צו לעבן און צו קעמפן.

דער צווייטער וואונדער איז געווען, וואָס נאָך איידער די בלעטער האָבן זיך צעוואַקסן, איז דער באַרנבוים באַדעקט געוואָרן, אין בלויז צוויי טעג — מיט אַזאַ געדיכטער ווייסער בליעכץ, אַז מע האָט די גרינקייט ניט אַרויסגעזען.

און ווען זיינע בליטן זיינען אַראָפּ, האָב איך ערשט דערזען מיין בוים אין זיין גאַנצער שיינקייט און אין זיין פּאַרנעם. זיין גרויסע גרינע קרוין איז געוואָרן, שווערער און פולער. און אין די זוניקסטע וועטערן האָט ער פאַרשפרייט אַרום זיך אַ קילן שאָטן.

די שיינע שפיצן פון די ביימער אין גאַס האָבן מיך אויך איצט ניט אויפגעהערט צו לאָקן און צו כישופן, אָבער דער בוים אין הויף איז מיר געוואָרן אַזוי אייגן, אַז איך האָב געוויסע טעג אַפילו פאַרגעסן אַ קוק צו טאָן אויף יענע דאָרט, אין גאַס. מיר איז געווען ליב דעם באַרנבוימס געוואו־נענער קאַמף. איך האָב זיך באַטראַכט שיר ניט ווי אַ שותף אינעם וואונ־דערלעכן זיג און איך האָב געפילט, אַז אויך איך וואַקס און בלי. איך האָב זיך נאָר געשראָקן פאַר דער צוקונפט... ווער ווייסט וואָס זי האָט פאַר אונדז אָנגעגרייט.

איך האָב לאַנג ניט געדאַרפט וואַרטן. עס איז געווען דער שיינער חודש מאַי. אָבער ווינטן זיינען פון ערגעץ אָנגעקומען, געבראַכט מיט זיך ניט קיין זומערדיקע וואָלקנס, וואָס האָבן געטריפט מיט אַ פרעמדער נעץ און מיט אַן אומהיימלעכער קעלט. די ווינטן האָבן זיך געשטאַרקט. ווידער האָט דער באַרנבוים געקעמפט און דער שטורעם האָט געריסן, איצט שוין, די בליענדיקע צווייגעלעך זיינע און זיי געשמיסן צו דער ערד.

דער באַרנבוים האָט ווידער געקעמפט מיט אַלע זיינע רוישנדיקע בלע־טער. זיי האָבן אָפּגעטרייסלט פון זיך די דערעסענע קאַלטע רעגן־טראָפּנס, זיך געקרימט און געדרייט פון ווייטיק און יסורים און פאַרלוירן ניט איין בלאַט אין קאַמף.

איך האָב דערלעבט דעם איבערגאַנג פונעם שטורעם, איך האָב נאָך דערלעבט צו עסן גרויסע באַרנעס, ליכטיק־געלע און אָנגעגאָסן מיט אַ טערפּקע זיסלעכקייט. איך האָב געזען מיין בוים אין פאַרשיידענע פאַזן פון זיין לעבן און איך האָב איינגעזען, אַז זיין רו איז פון צייט צו צייט גע־שטערט פון דער סטיכיע אין דער לופט. זיכער איז דאָס געווען דער גורל פון אַלע אַנדערע ביימער און פון אַלץ וואָס לעבט. נאָר דעם באַרנבוים האָב איך געהאַט לעבן זיך און איך האָב געזען, ווי ער האָט געלעבט און ווי ער איז אויסגעריסן געוואָרן.

דאָס איז געשען דעם קומענדיקן ווינטער.

אין איינער אַ פינצטערער נאַכט האָט זיך אויפגעריסן אַ מוראדיקער

ווינט מיט אַ שלאַקסרעגן. איך בין געווען אויף מיין געלעגער און איך האָב זיך פאַרגעשטעלט ווי דער בוים האַלט זיך אָן אָן דער ערד מיט אַלע זיינע וואָרצלען. איך האָב געהערט זיין קרעכצן און דאָס טרישטשען פון זיינע צווייגן און איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַרויסצוגיין פון בעט און לויפן אין הויף אַריין צוצוהאַלטן מיין אָרעמען בוים. איך האָב זיך לאַנג געדרייט אויף מיין וואַרעמען געלעגער, ביז איך בין איינגעשלאָפן. איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פאַרטאָג. איך בין צוגעלאָפן צום פענצטער און דערזען ווי דער ווינט בייגט דעם בוים און טרייסלט אים און וויל אים נאָר אַרויסרייסן. ער גיסט אים אָפּ מיט אַ שטאַרקן שטראָם קאַלט וואַסער און טוט אים אַ ריס איין מאָל און צוויי מאָל. ער כאַפּט אים אָן דאָ פון איין זייט דאָ פון אַ צווייטער זייט און וואַרפט מיט אַלע זיינע צווייגן, וואָס האָבן שוין מער קיין ווידערשטאַנד ניט. זיי האָבן זיך געשאָקלט ווי איבערגעבערענטע און עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט־אָט און זיי וועלן צעשאָטן ווערן. וואָס האָט זיי נאָך צוזאַמענגעהאַלטן? דער וואָרצל־שטאַם, דער שטאַם! אַזוי ווי פאַראַיאָרן, אַזוי האָט זיך אויך איצט מיר אויסגעדאַכט, אַז אויך ער, דער שטאַם אַליין וויגט זיך שוין.

מיין האַרץ האָט אין מיר געיאָגט. איך האָב געוואַרט. דער ווינט האָט ווייטער געטאָן זיין פאַרדאַרבנדיקע אַרבעט מיט אַ פאַרביסענער עקשנות. איך האָב מער ניט געקאָנט קוקן און בין אַוועק צום צווייטן עק פון מיין וואוינונג זען, וואָס מאַכן עפּעס יענע אַלעביימער פון דער ווייט, אין גאַס. איך האָב אויך דאָרט דערזען אַן אומהיימלעך בילד, נאַקעטע דינע צווייגעלעך האָבן זיך געבויגן, ווי זיי וואָלטן זיך געקאָרטשעט פון ווייטיק. אַ גאַנצן ריי ביימער־שפּיצן איז געשטאַנען געבויגן אין איין זייט, צו מזרח־צו און אַ ווילדער ווינט האָט געטאַנצט איבער זיי.

מיטאַמאָל האָב איך דערהערט אַ טויבן קלאַפּ. איך בין צוריקגעלאָפן צום קיך־פענצטער און אַ קוק געטאָן אין הויף. איך האָב דערזען דעם באַרנבוים ליגן אויף דער נאַסער ערד, אין אַ גרויסער קאַלוזשע וואַסער. די צווייגן זיינע האָבן זיך געוויקעט אין דער קאַלוזשע און דער צעצווייגטער, אויסגעריסענער וואָרצל האָט געסטאַרטשעט אַרויף צום רעגנדיקן הימל. דער שורש איז באַשטאַנען פון אַ געדיכטן בונט קרומע געדיכט־צוזאַמענגעוואַקסענע גראָבע, שוואַרצע שטעקנס, צעדרייטע און אויפגעשפּאָלטענע און צווישן זיי האָבן זיך געעזן ליכטיקע, ווייסלעכע, ווי אָפּגעשיילטע ריטלעך, ווי ווייסע בייטשן. דער רעגן האָט דאָס אַלץ געוואַשן. פון דעם זיינען די שוואַרצע טיילן פונעם וואָרצל געוואָרן נאָך שוואַרצער און גלאַנציקער און די ווייסע — ווייסער.

מיין ליבער באַרנבוים האָט נעבעך פאַרלוירן זיין גרויסן און זיין שווערן קאַמף.

# ביים זון־פּאַרגאַנג

מיר זיינען געזעסן אויף דער ברייטער וועראַנדע פון דער קאַסינאָ אין אַ זומער־קעמפּ, די מערסטע פון אונדז — מיטליאַריקע מענער און פרויען, וואָס זיינען זיך צונויפגעפאָרן אַהער שוין עטלעכע יאָר. בלויז איינע האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן אונדז, אינגאַנצן אַ „בייע".

זי איז געווען איינע פון די געקליבנסטע געסט : זי האָט געבראַכט מיט זיך אַ פּעקל יידישע לידער און זיי דאָ פאַרגעלייענט צוריק מיט עטלעכע טעג. זי איז געווען אַ דיכטערין, און מיר האָבן זיך געפילט געשמייכלט מיט אונדזער נייער באַקאַנטער. מיר האָבן זי געבעטן אויך איצט עפּעס לייענען. זי האָט זיך אָפּגעזאָגט.

— ניט איצט איז די צייט, — האָט זי ווירדיק אָפּגעענטפערט און דערביי געשמייכלט אַזוי קלוג און פאַרשטענדלעך, ווי נאָר קלוגע, רייפע פרויען קענען שמייכלען.

איך האָב זיך איינגעקוקט אין איר. זי איז נאָך געווען גאַנץ שיין, כאָטש די עטוואָס־געקרויזלטע, ברוינע האָר אויף איר שטאָלצן קאָפּ זיינען שוין דאָ און דאָרט געווען דורכגענומען מיט גרויליכע שפּורן. עס האָט אויסגעזען, ווי די יוגנט קעמפט מיט דער עלטער, און זי וועט נאָך לאַנג טריאומפירן איבער איר אָנגרייפערין.

— אויב ניט לייענען פּאָעזיע, לאָמיר ריידן פּאָעזיע, — האָט איינער פון דער גרופּע פאַרגעשלאָגן.

— סיידן דעקלאַמירן — האָט אַ פרוי אונטערגעכאַפּט. מיר האָבן זי דערמוטיקט דאָס צו טאָן, אָבער זי האָט זיך אויסגעדרייט מיט אַ תירוץ, אַז זי איז „עפּעס ניט געשטימט". זי האָט אַ ווײַלע געשוויגן און צוגעגעבן :
— זעט, זעט, ווי פּרעכטיק אַלץ אַרום אונדז איז! זעט נאָר די גראָזן, די בלומען, די ביימער!... וויפל קאָלירן, וויפל שאַטירונגען און וויפל אויסשטראַלונגען פון יעדער זאַך באַזונדער און פון אַלץ אינאיינעם!... — איר פּנים האָט אויפגעשיינט פון אַ גליקלעכן געדאַנק, און זי האָט געזאָגט :
— לאָמיר שווייגן פּאָעזיע.

מיר האָבן איר אַפּלאָדירט, אָבער שווייגן האָבן מיר שוין ניט געקאָנט. דערצו האָט די דיכטערין „גענומען אַ וואָרט". זי האָט געזאָגט:
— איר האָט גערעדט וועגן גראָזן, בלומען און ביימער. איך ווייס ניט,

וואָס פון זיי איז וויכטיקער, אָבער אָן ביימער וואָלט געווען זייער לאַנג־ווייליק אָט די גאַנצע לאַנדשאַפט. ביימער, ביימער, די קרוין פון אַלע גרינסן!

זי האָט זיך צערעדט אַלץ הימלעכער און וואַרעמער, אָבער וואָס ווייטער זי האָט געשילדערט די שיינקייט פון די ביימער, אַלץ אומעטיקער איז זי געוואָרן. מיר האָבן אַלע דערפילט, אַז די ביימער האָבן אַ שייכות צו אירער אַ טיפער איבערלעבונג.

— איך שרייב אויך דערציילונגען — האָט זי פאַרגעזעצט — און איך וועל אייך איבערדערציילן אַ מעשה, אין דער ערשטער פּערזאָן, אַזוי ווי מיט מיר אַליין וואָלט דאָס געשען.

„איך האָב זיך געגט מיט מיין מאַן. מיר איז געווען אַזוי אומעטיק, אַז איך האָב זיך שיער דאָס לעבן גענומען. איך האָב אויפגעהערט לייענען, איך האָב ניט געשריבן.

„איך האָב זיך אַריבערגעצויגן אין אַן אַנדער וואוינונג. עס האָט ניט געהאָלפן. איך האָב פּרובירט אַרויסצוברענגען מיין אומעט אין לידער. קיין לייטיש וואָרט איז פון מיין פען ניט אַרויסגעקומען. עס איז אפשׂ ניט פּאָעטיש, נאָר איך האָב זייער ליב צו קאָכן און צו באַקן. איך האָב אַפילו אַ גאַנצע סעריע לידער, וואָס באַזינגען די פרייד פון עסן.

„אָבער אין יענער צייט האָב איך פאַרלאָזט מיין קעניגרייך, די ווייסע קיך און — געגאַנגען עסן אין רעסטאָראַנען. דאָרט האָב איך באַשטעלט מיינע באַליבטע מאכלים, נאָר זיי האָבן געהאַט אַ טעם פון פרעמדקייט.

„איך וועל ניט לייקענען, אַז איך האָב געטרוימט וועגן אַ מאַן. אָבער די מענער, וואָס האָבן געקוקט אויף מיר ביי דער אַרבעט, צי אין די רעס־טאָראַנען, האָבן מיך ניט פאַראינטערעסירט.

„ביז איינמאָל האָב איך ביים עסן דערפילט, ווי עמיצער קוקט אויף מיר. פונקט אַקעגן מיין טיש איז געזעסן אַ מאַן אין מיינע יאָרן. (און מיר דאַכט זיך, אַביסל עלטער). ער האָט געהאַט אַזוינע גרויסע ליכטיקע אויגן, מיט קליינע קנייטשעלעך אַרום זיי. אין די דאָזיקע קנייטשעלעך האָבן ווי באַשטראַלט זיינע פאַרחידושטע אויגן. אַ שטילער שטראָם פון ווייך ליכט האָט זיך פון יענע אויגן געטראָגן אויף מיר, אַזוי ווי דער מאַן וואָלט זיך ביי מיר געבעטן, איך זאָל אים ניט אָפּשטויסן. דער בליק האָט געזאָגט: „דו ביסט מיר זייער געפעלן. אָבער איך בעט דיך, זיי ניט ברוגז אויף מיר!" איך האָב אים געענטפערט מיט אַ שמייכל. ער האָט שעמעוודיק אַראָפּגעלאָזט די אויגן און ווייטער געגעסן. געטאָן האָט ער דאָס אַזוי פּאַ־מעלעך און מיט אַזאַ הנאה, אַז איך האָב שוין באַצייטנס געטרוימט פון גרייטן פאַר אים זיינע באַליבטע מאכלים.

„איך בין שוין געווען גרייט אַרויסצוגיין פון דעם רעסטאָראַן, נאָר צוליב אים בין איך נאָך פאַרבליבן. איך האָב געוואַרט, ער זאָל וואַגן צוקו־מען צו מיר.

„איך האָב לאַנג געוואַרט. ער איז דערווייל אָנגעגאַנגען מיט זיין „אַרבעט", ווי ער וואָלט דורכגעפירט אַן אידעלע פריילעכע צערעמאָניע.

„ענדלעך איז ער פאַרטיק געוואָרן. ער האָט פאַררויכערט אַ סיגאַר. ער האָט זיך אויפגעהויבן. ער האָט אויסגעזען אַ סך העכער, ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט. זיין נאַקן איז נאָך מער פאַרברוינט געווען פון דער זון, ווי זיין פנים, און אַ טיפער קנייטש, ווי אַ ליכטיקער שניט, האָט זיך אין זיין נאַקן איינגעקאַרבט.

„מיין האַרץ האָט אויפגעקלאַפּט. אָט־אָט, האָב איך געטראַכט, וועט ער צוקומען צו מיר און זיך פאָרשטעלן. ער האָט דאָס אָבער ניט געטאָן. ער האָט זיך באַלד געלאָזט צום אַרויסגאַנג, און, שוין שטייענדיק ביי דער קאַסע, מיר ווידער צוגעוואָרפן זיין בליק פון באַוואונדערונג.

„ער איז אַרויס. איך בין ווידער געבליבן אַליין.

„אָט דאָס איז ער!" האָב איך געטראַכט און באַשלאָסן זיך נענטער צו באַקענען מיט אים און אויסגעפינען, צי ער איז ווירקלעך ער...

„ביז יענעם מאָל האָב איך אים ניט באַגעגנט. מיינט דאָך דאָס, אַז ער עסט דאָ צום ערשטן מאָל... אויב ער וועט קומען מאָרגן, אין אַ סימן... מיין אָרעם האַרץ איז פול געוואָרן מיט האָפענונג, און איך האָב געוואַרט אויף מאָרגן...

„אָ, יאָ. ער איז געקומען מאָרגן און איבערמאָרגן, און איך בין שוין געווען זיכער, אַז טוט ער צוליב מיר.

„ביי דער זעקסטער באַגעגעניש האָט ער שוין פון וויטן מיך געגריסט מיט אַ שאָקל פון זיין גרויילעכן, שיינעם מענלעכן קאָפּ. ער האָט ניט־זיכער געפרעגט: „קאָן איך עסן מיט אייך, ביי איין טישל?"

„— געוויס! — האָב איך אויסגערופן אַזוי הויך, אַז איך האָב זיך פאַרשעמט אַרומגעקוקט. ער איז צוגעקומען צו מיין טישל און באַלד אָנגעהויבן צו ריידן צו מיר און זיך אַנטשולדיקן פאַר זיין קוקן אויף מיר. עס איז אים אומעטיק. ער איז איינער אַליין. און איך בין אַזוי שיין, אַזוי שיין און אַזוי אינטערעסאַנט!

„— מיט וואָס האָב איך ביי אייך אַזוי אויסגענומען?

„— שווער צו זאָגן, מיס...

„— מיסעס, — האָב איך אים פאַרריכט.

„ער האָט זיך ווידער פאַרענטפערט. ווען איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז איך בין פריי, האָט ער זיך דערפרייט און מיר האָבן אָפּגערעדט צו טרעפן זיך נאָך דעם זעלביקן פאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט, ביים אַריינפאָר צום שטאָטגאָרטן. זיין קאַר איז אַ נעש, אַ בלויער נעש, לייסנס־נומער...

„ווי דער האַלבער טאָג איז פאַר מיר אַריבער, קאָנט איר זיך בלויז פאָרשטעלן. מיר האָבן זיך געזאָלט טרעפן זעקס אַזייגער און פאָרן אויסער דער שטאָט...

„איך בין געווען אין כעס אויף זיך: ער האָט שוין באַצייטנס געוואוסט, אַז איך בין פריי. און איך, די נייגעריקע פרוי, האָב אפשר איינגעשטימט צו טרעפן זיך מיט אַ פאַרהייראַטן מאַן... ווער ווייס?...

„זעקס אַזייגער בין איך שוין געווען אויפן באַשטימטן אָרט. איך האָב דערזען זיין קאַר. דער נומער פון די לייסנס האָט געשטימט. יאָ, עס איז געווען ער, אפשר מיין נייער באַשערטער, מיין נייער פריינד...

„קומען פינקטלעך האָב איך ניט געוואָלט: אים לאָזן לאַנג וואַרטן איז ניט כדאי געווען. אָבער... אַ קליין ביסעלע — יאָ...

„בין איך געשטאַנען פון וויטן, הינטער זיין קאַר, און אים געזען ביים רעדל פון דער מאַשין.

„דער אָוונט איז געווען זומערדיק. די ביימער אין פאַרק האָבן געגרינט מיט אַלע זייערע גרינקייטן. אַ ווינטל האָט קוים באַוועגט זייערע בלעטער. באַזונדער שיין זיינען געווען די טאַפּאָלן, אין אַ לאַנגער ריי, ביים וועג, אַרום דעם פאַרק. זיי זיינען געשטאַנען הויע, דינע, מיט די שפּיצן גלייך אַרויף, אין דער טיפער בלויקייט פונעם פאַרנאַכטיקן הימל און זיי האָבן אויסגעזען, ווי ריזיקע זאַנגען, אָדער ווי וואונדערלעכע גרינע ליכט, וואָס אָט־אָט וועלן זייערע ווייכע קנויטן זיך אָנצינדן פון דער פאַרגייענדיקער זון. איך קאָן יענעם פאַרנאַכט ניט פאַרגעסן! בלויז צען מינוט האָב איך אים געלאָזט וואַרטן, און אין דער קורצער צייט האָב איך אַריינגענומען אין זיך דעם גאַנצן אַרום: דעם שטאָטגאָרטן, די פלאַטערדיקע פאָן, די שפּאַצירער, די מוטערס מיט די קינדערוועגעלעך, די טויבן אין דער בידער און די טויבן אין דער הויך... ד סירענעס פון ד אויטאָס און די קולות פון די מענטשן... די פיל־קאָלירטע מאַשינען, ווי באַוועגלעכע שטאָלענע בלומען, וואָס זיינען אַריין אין פאַרק און אַרויס פון דאָרט, די גרויסע קורצשטראַליקע זון וואָס האָט זיך אין זיי געשפּיגלט און מיר געבלענדט די אויגן...

„איך האָב זיך דערביי פאַרגעשטעלט די גאַנצע שטאָט, דאָס לאַנד, אַנדערע לענדער, די גאַנצע וועלט, וואו די זעלביקע זון לויכט און, וואו עס איז נאָר זומער, איז אוודאי אַזוי ווי דאָ... און איך, איך שטיי דאָ, אין מיטן פון דער וועלט... אָבער דאָ, וואו איך שטיי אַצינד, איז נאָך ניט דיווירקלעכע מיט... דער צענטער וועט זיין אַ צוויי הונדערט שפּאַן פון דאַנען, וואו ע ר זיצט און וואַרט אויף מיר!

„איך האָב זיך געלאָזט צו דער קאַר. ווען איך בין צוגעקומען גאָר נאָענט און האָב שוין געזען דעם ווייסלעכן קאַרב אין זיין נאַקן, האָט מיין האַרץ אויפגעקלאַפּט פון שרעק און חידוש... ער קאָן דאָך מיך דערזען אין זיין שפּיגעלע! פאַרוואָס־זשע אַזאַ רואיקייט און אַזאַ ניט־באַוועגלעכקייט? פאַרוואָס!?...

„איך האָב אים באַלד פאַרענטפערט: מסתמא קוקט ער זיך אַזוי איין פאַראויס, אַז ער באַנוצט זיך ניט מיט זיין שפּיגעלע...

„שטיל האָב איך זיך פאַרגנבעט, פריער הינטן אַרום, נאָכדעם — ביי דער זייט, ביי זיין זייט, צום רעדל־צו.

„איך בין צוגעקומען און דערזען — ער שלאָפט, שטיל און רואיק, ווי אַ געזונט קינד. ער האָט אַפילו אונטערגעשנאָרכט...

„איך בין אַוועק, אַוועק פון יענעם אָרט, און מיין פוס וועט דאָרט קיינמאָל מער ניט טרעטן!"

מיר האָבן זיך איבערגעקוקט, און איך האָב די דערציילערין זייער געוואָלט פרעגן, צי זי אַליין איז די העלדין פון דער געשיכטע. איך בין געווען זיכער, אַז אַלע האָבן מיר דאָס געוואָלט וויסן, אָבער פרעגן האָט קיינער ניט געוואָגט.



# נאָכן שטורעם

איך בין אין מיין אויטאָמאָביל געפאָרן אין אַ זומער־קעמפּ זיך אויס־צורוען פון מיין שווער שטאָטיש לעבן. דאָס געשעפט, וואָס איך האָב פאַר־מאָגט, האָט מיר ניט דערלויבט עס צוצושליסן. איז מיין גוטע ווייב חנה פריער געפאָרן אויף וואַקאַציע, און איצט — איך. געוואָלט האָב איך רוען, דורכאויס רוען ניט נאָר פון מיין קראָם, נאָר אויך פון די צייטונגען, ראַ־דיאָ, טעלעוויזיע און פון מיטינגען. אָבער איך האָב אויסגעפונען, אַז דאָס איז אוממעגלעך, פשוט דערפאַר, ווייל אויך אין קעמפּ האָב איך געטראָפן שטאָטישע מענטשן. מיר, יידן, זיינען אַ ליידנדיק פאָלק און פון ליידן קאָן מען זיך ניט אויסבאַהאַלטן. זיי גרייכן אונדז אין די פאַרבאָרגנסטע ווינק־לען פון דער וועלט, דורך פאַרשיידענע קוואַלן.

איצט ווייס איך שוין דערפון, און רעוואָלטיר מער ניט. אָבער אין ערשטן יאָר אין קעמפּ, ווען איך האָב דערזען דעם פּאַק צייטונגען פון דער שטטאָ און ווי די געסט האָבן זיי געכאַפּט, בין איך אַנטלאָפן און זיך באַ־האַלטן. עס האָט מיר ניט געהאָלפן.

איינער און אַ צווייטער האָט מיט מיר פאַרפירט אַ שמועס, עפּעס אַזוי ווי מיר האָבן אים אָנגעהויבן ערגעץ פריער, און ניט ענטפערן האָב איך ניט געקאָנט. און אַן אַנדערער האָט אַפילו אַ דיסקוסיע מיט מיר אָנגעהויבן.

געסט מיט אייגענע אויטאָמאָבילן זיינען געווען זייער אָנגעלייגט, און איך בין געווען אַן אָנגעלייגטער גאַסט.

איך האָב זיך דערנענטער צום קעמפּ.

אַ פּייכטע היץ האָט געפּלייצט אויף מיר פון אַלע זייטן. קיינע פון די ווענטילאַציע־מיטלען אין מיין מאַשין האָבן מיינע ליידן ניט פאַרגרינגערט. איך האָב איינגעאַנצן צעעפנט אַלע פענצטער, אַ ווינט האָט אויף מיר גע־שטראָמט, אָבער זיין אָטעם איז געווען הייס. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז דער שטאָלענער קערפּער פון מיין אויטאָ וועט מער ניט אויסהאַלטן די היץ, וואָס האָט זיך אין אים אָנגעזאַמלט, און ער וועט אויפרייסן.

איך בין געפאָרן מיטן טראַקט. אויפן האָריזאָנט האָט זיך שוין געעזן דער וואַלד, וואו מיין קעמפּ איז געווען. איך האָב פאַרגיכערט דעם אימ־פּעט און אין אַ שעה אַרום בין איך אַראָפּ פונעם ברייטן, האַרטן וועג, און אַריין אין וואַלד.

ערגעץ הינטער מיר איז פאַרבליבן דאָס ברייטע פעלד מיטן ווייסלעכן

קאָנקריט־וועג, מיט אַ בלענדנדיקער זון איבערן קאָפּ, און איך בין שטיל און ווייך מיט איין מאָל אַרומגענומען געוואָרן פון אַ טונקעלער רו. דער וואַלד איז דאָ געווען אַ יונגער, דיביימער — שיטער. עטלעכע צעשראָקענע פייגל האָבן זיך איבער מיר אַ הייב אויף געטאָן. איך האָב געהערט זייער געשריי און עס האָט מיך פאַרדראָסן, הלמאי איך האָב געשטערט זייער רו.

איך האָב זיך עטלעכע מאָל געמוזט קערעווען און אַראָפּ און אַרויף פון איין וועג אויפן צווייטן. און די וועגן זיינען דאָ געווען שמאָל און גריי־בערדיק. איך האָב זיי שוין גוט געקענט. יעדער קער און דריי האָט מיך געבראַכט נענטער צו מיין געווינטשטער רו.

נאָך די פּרימיטיווע וועגן הייבט זיך אָן אַן אַנדער שליאַך, אַ ברייטער און ער איז אויסגעשפּרייט מיט קליינע ווייסע שטיינדלעך, דורכגענומען דאָ און דאָרט מיט רויטע אָפּשפּריצן, ווי פאַרגליווערטע צעדריקטע ווײַנשל, אַ סך פון די דאָיזקע רויטע שטיינדעלעך זיינען שוואַרץ דורכגעפּינטלט, און עס זעט אויס, ווי דער גאַנצער שטיק ווייסער וועג ווינקט צו אייך מיט רויטע אויגעלעך. דער ווייסער וועג איז ניט קיין געפלאַסטערטער, און די שטיינדלעך ריידן אונטער די רעדער, ווי זיי וואָלטן געפליסטערט אַ גרוס צו אייך. טוסט אַ קוק אין שפּיגעלע איבער זיך און דו דערזעסט ווי אַ ווייס רויכל הינטערן אויטאָ הייבט זיך פון די שטיינהעלעך אַריופצו און פאַלט צוריק.

ווען איך בין אַרויף אויפן ווייסן וועג, האָב איך, ווי שטענדיק, ווען איך קום אָן, באַגעגנט שפּאַצירנדיקע קעמפּערס, די מערסטע מיט אייגן־געמאַכטע שטעקנס. איך האָב געזען, אַז אייניקע האָבן זיך ממש אָנגעשפּאַרט אויף זייערע שיין־געשניצטע שטעקלעך. אַנדערע האָבן מיך דערקענט און באַגריסט. די ניט־באַקענטע האָבן אויך פריינדלעך געשמייכלט. אַ באַאַקנטער מאַן האָט מיך געבעטן זיך אָפּשטעלן און אים צופירן צוריק אין קעמפּ. בשעת איך האָב גערעדט מיט אים, איז אַרום אונדז דערווייל געוואָרן אַ רעדל.

— ווער עס וויל פאָרן, אַריין אין קאַר! — האָב איך פריילעך קאָ־מאַנדעוועט.

זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט, נאָר איינער אַ נידעריקער, מיט קלוגע וואַ־רעמע אויגן, האָט אָנגענומען מיין איינלאַדונג. איך האָב אים באַטראַכט. אַלץ אין אים איז מיר פּרעמד געווען, נאָר אינעם נערוועזן צוק פון זיין קליינער נאָז, אַ צוק וואָס מע מאַכט, וועןביידע הענט זיינען אייך פאַרנומען און איר קאָנט ניט צוקומען צו אייער אָטעם־גליד. עפּעס אַזאַ אייגנס, שיער־ניט משפּחהדיקס איז פאַר מיר אין אָט דעם צוק געווען, אַז איך האָב מיט איין מאָל דערפילט אַ שטיק פאַרגאַנגענהייט, ווער ווייס פון ווי לאַנג

צוריק. די כוואַליע זכרונות האָט זיך געטראָגן אויף מיר, זיך אָנגעשלאָגן אין מיר, געוועקט אין מיר עפּעס, געמאָנט...

איך האָב זיך אַ פּאַטש געטאָן אין שטערן, שטאַרק פאַרקוועטשט די אויגן, זיי צוריק געעפנט און — גאָרניט.

— הערט, האָב איך אין וואַקסנדיקער אויפרעגונג אויסגערופן — איר קענט מיך?

ער האָט מיך אָנגעקוקט. זיין קלוגער בליק האָט מיך געפּאָרשט. ער האָט אויסגעזען ביי די זעכציק, מ י י נ ע יאָרן.

ניין, האָט ער מיט אַ שוואַך קול אָפּגעענטפערט — ניין, מיין פריינד.

— צוויי חכמים — האָט מיין באַקאַנטער מיט חוזק אַ זאָג געטאָן. — לאָמיך אייך פאָרשטעלן, וועט איר זיך פאַרשפּאָרן ברעכן די מוחות.

ער האָט אים געזאָגט מיין נאָמען און באַלד — „מיסטער שאַפּיראָ״.

— מעקס? — האָב איך אויסגעשריגן און מיין קול ניט דערקענט.

— סעם? — האָט ער געפרעגט און זיין קליינע האַנט האָט זיך באַהאַלטן אין מיינער און דאָרט לאַנג געבליבן ליגן.

---

איך און מעקס זיינען ווירקלעך געווען פרעמדע. ערשט אין אונדזערע יונגע און גרינע יאָרן האָבן מיר זיך באַפריינדט. איך האָב חתונה געהאַט אין אַ שטאָט פינף הונדערט מייל פון ניו־יאָרק, און ער איז דאָרט פאַרבליבן. מיר האָבן זיך קיינמאָל ניט דורכגעשריבן. איך האָב געהערט, אַז ער האָט ניט געקאָנט צוקלייבן אַ פּאַסיקן שידוך און ער איז פאַרבליבן אַ בחור. יענעם גרוס האָב איך אָפּגענומען צוריק מיט צוואַנציק יאָר. מעקסן האָב איך שוין באַלד פערציק יאָר ניט געזען און איך האָב געהאָפט, אַז ער לעבט גליקלעך.

איצט האָט ער אויסגעזען אַלט, מיד און צעבראָכן.

אין שפּייזצימער האָב איך געבעטן, מע זאָל אונדז זעצן ביי איין טיש, האָט מען מיר געענטפערט, אַז מאָרגן וועט מען קענען נאָכגעבן מיין פאַרלאַנג. זיינען מיר געזעסן און פון וויטן ווי צוויי פאַרליבטע זיך איבערגעקוקט. מיינע באַקאַנטע האָבן אונדז ביידן באַטראַכט מיט קליינע פרעגנדיקע שמייכלען.

דער גרויסער שפּייזצימער איז פול געווען מיט געסט. אַלע פענצטער און טירן ברייט אָפן. און דורך אָט די אַלע עפענונגען האָט געשטראָמט די זעלביקע פייכטע היץ, וואָס מיר האָט זיך געדאַכט, איך האָב זי איבערגעלאָזט אין פעלד. און ווען אַ גאַסט האָט מיך געקיבעצט, אַז איך האָב געבראַכט די שטיקעניש, האָב איך זיך שיער־ניט געפילט שולדיק.

מיט איין מאָל איז אין עסצימער געוואָרן שטיל, שטיל און טונקל, אַזוי אַז מען האָט געמוזט אָנצינדן די עלעקטריע. אַ ווינט האָט זיך אַריינגעריסן און איך האָב דערזען עטלעכע פּאַפּירענע סערוועטקעס פליען איבער מיר.

אַ ווייטער דונער האָט זיך קוים געהערט. איך האָב אַ קוק געטאָן אויף מעקסן. ער האָט צופרידן געשמייכלט צום עזותדיקן ווינט און ווי אים געבעטן, ער זאָל שוין קומען וואָס גיכער און ברענגען דעם שטורעם.

מיר האָבן לאַנג ניט באַדאַרפט וואַרטן.

די לופט פאַרן שטורעם איז שוין געווען גרייט פון פריער. אין איר האָט זיך אָנגעזאַמלט דער גרויסער כוח, וואָס האָט עקספּלאָדירט.

טירן און פענצטער זיינען פאַרהאַקט געוואָרן. בייזע רעגנטראָפּנס האָבן דראָענדיק אָנגעקלאַפּט אין די פינצטער־געוואָרענע שויבן. די גאַנצע געביידע האָט אַ ציטער געטאָן. איך האָב זיך אָנגעכאַפּט אָן טיש און איך האָב דער־הערט דאָס קוויטשען פון אייניקע פרויען. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז עמעצער האָט זיך אונטערגעלייגט אונטערן דיל פונעם עסצימער און ער וויל אונדז אַלעמען אויפרייסן. באַלד האָט זיך דערהערט אַ קרעכץ און אַ קראַך. אַ בליץ האָט דורכגעשטאָכן דאָס גרויסע צימער און אַ דונער האָט אונדז אַלעמען באַטויבט. קיין טראָפּנס האָבן מער ניט געקלאַפּט אין די שויבן, נאָר שטראָמען האָבן זיי געוואַשן. איך האָב אַ קוק געטאָן צו מעקסן. צווישן אונדז אַלעמען האָט ער אויסגעזען דער רואיקסטער און זיינע קליינע קלוגע אויגן האָבן ווי געזאָגט: „שוין געזען שענערס״....

ביז מיר האָבן פאַרענדיקט דעם מאָלצייט, האָט דער רעגן אינגאַנצן אויפגעהערט. אַ פאַרנאַכטיקע זון האָט מיט איינמאָל אויפגעלויכטן.

מעקס און איך זיינען אַרויס און מיטן געפּלאַסטערטן וועג, וואָס איז געלאָפן פון דאָרט וואו דער וויסער וועג האָט זיך געענדיקט, זיך געלאָזט צום טייך. דער אַספאַלט האָט נאָך געגלאַנצט פון נאַסקייט און אויך אויס־געזען ווי אַ טייך, אָבער די זון האָט מיט איין זופּ אויסגעטרונקען דעם רעגן ביזן לעצטן טראָפּן.

דער טייך האָט זיך געפונען עטלעכע הונדערט שפּאַן פונעם עסצימער. דאָרט האָבן מיר זיך צוגעזעצט אויף אַ באַנק. שפּאַצירנדיק אַהער, האָבן מיר געפילט דעם שטילן ווינט אויף אונדזערע פּלייצעס. איצט האָט ער זיך אומגעדרייט פון דער פאַרקערטער זייט און אַן אָטעם געטאָן אויף אונדזערע פּנימער מיט אַ פרישער קילקייט. די לופט האָט זיך געזאַמלט, ווי געהאַר־טעוועט געוואָרן און איך האָב געפילט, ווי זי קנייטשט זיך פון קעלט. דאָס ערשטע מאָל, אין פאַרלויף פון אַ גאַנצן טאָג, האָב איך לאַנג און טיף אָפּגע־אָטעמט און געפילט, ווי די פרישע קילקייט קומט אַריין אין מיינע לונגען.

מעקס האָט געשוויגן. עס האָבן זיך באַלד געוויזן שפּאַצירער. זיי האָבן אונדז ניט געשטערט, ווי זיי וואָלטן פאַרשטאַנען, אַז מיר ביידע גייען דורך אַ טיפע איבערלעבונג.

אויך איך האָב ניט געוואָלט ריידן. פון צייט צו צייט האָבן מיר זיך איבערגעקוקט. וואָס מיין פּנים האָט אים דערציילט, ווייס איך ניט. אָבער זיין גאַנצער אויסזען איז געווען עפּעס אַזוי סודותדיק, פאַרכאַפּנדיק, אַז

איך האָב געפילט, ווי אָט־אָט וועט זיך דאָס קליינע מויל ביי מיין יוגנט־חבר עפענען און ער וועט מיר דערציילן פון אַ שטורמיש לעבן, וואָס האָט זיך אויסגעשטורעמט און געלאָזט טיפע שפּורן. דער נערוועזער צוק פון זיין נאָז האָט זיך דאָ איבערגעחזרט זייער אָפט. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וויל זיך באַפרייען פון אים, און קאָן ניט.

— קום — האָט ער אַ זאָג געטאָן. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און זיך געלאָזט גיין. איך בין אים נאָכגעגאַנגען. באַלד זיינען מיר צוגעקומען צו אַן אויסגעריסענעם בוים. ביים שטאַם האָט עס אים אָנגעכאַפּט און אים אומ־געוואָרפן איבערן וועג. און אַזוי איז ער געלעגן מיטן ווייסן אויפגעריסענעם בוימען־לייב, ביים וואָרצל. ביידע טיילן האָבן אויסגעזען פריש און שמע־קעדיק. עס האָט זיך געגלוסט אַ הויב טאָן דעם גאַנצן גרויסן בוים מיט אַלע זיינע צווייגן און צוויגעלעך און בלעטער, אים אויפשטעלן צוריק אויף זיין וואָרצל און אַרומבינדן די גרויסע וואונד.

מעקס האָט באַמערקט מיין בליק און אַ זאָג געטאָן:

— סענטימענטאַל, האַ?

— איך בין זיך מודה, אַז יאָ.

— איך זע שוין אין דיין פּנים... איך קלער בעסער, ווי שפּאַנט מען אים אַריבער?

עס איז ווירקלעך געווען אַ פּראָבלעם, נאָר מעקס האָט באַלד געפונען אַן עצה. ער האָט מיטן פּיכטן גראָז צוגעשפּאַנט צום וואָרצל און אַריבער. איך בין אים נאָכגעגאַנגען.

באַלד האָבן מיר געפונען אַ באַנק. מיר האָבן זיך ווידער געזעצט און מיר האָבן געזען, ווי שפּאַצירער קומען צו צום בוים, וואָס פאַרשטעלט זיי דעם וועג און זיי קערן זיך אום צוריק.

מעקס האָט געשמייכלט. די שטילקייט אַרום אונדז איז געוואַקסן, נאָר פון צייט צו צייט איז זי געשטערט געוואָרן פון עראָפּלאַנען איבער אונדזערע קעפּ. זיי זיינען געפלויגן און זייערע שאָטנס האָבן געשוועבט איבערן טייך. אויף יענער זייט האָבן מיר געזען לויפנדיקע אויטאָס און באַנען, אָבער זייער רויש איז צו אונדז ניט דערגאַנגען.

די זון האָט זיך אָנגעהויבן זעצן. די גרינקייטן אַרום אונדז האָבן זיך פאַרוואַנדלט, געוואָרן טונקעלער און שטילער. דאָ און דאָרט האָט אַ בלאַט אויף אַ בוים אַ ציטער געטאָן. אַ גרעזל האָט זיך לייכט געוויגט, זיך גע־בויגן, זיך אויסגעגלייכט און ווי זיך איינגעהערט אין דער אָנקומענדיקער נאַכט.

— אַלזאָ, וואָס מאַכסטו, מיין פריינד? — האָט מעקס מיך געפרעגט.

— וואָס זאָל איך מאַכן? האָב איך זיך ווי פאַרענטפערט — מיין לעבן איז דורכגעפלאָסן אַזוי שטיל, אַז ס'איז ניטאָ וואָס צו ריידן דערפון. חתונה

געהאַט, פיר קינדער אויפגעכאָוועט, אַ דריי גודס סטאָר אַרויפגעאַרבעט און . . . — איך האָב זיך פאַרהאַקט — דאָס איז די גאַנצע מעשה.

— נו, און ווי איז דאָס ביסעלע געזונט ?

— אַזוי בין איך, דאַכט זיך, אַלרייט, נאָר דאָס האַרץ. . . .

— דאָס נעמלעכע פון מיר צו הערן — האָט ער געזאָגט. — איז מילא, האָט ער פאַרגעזעצט — איך האָב כאַטש אַ סך דורכגעמאַכט אויף די פּיקעט־ליינס, קלעפּ געגעבן און בוכטשעס געכאַפּט ; אויפן שוואַרצן צעטל געווען, קיין אַרבעט ניט געקאָנט קריגן און געלאָפן פון שטאָט צו שטאָט אונטער פאַרשטעלטע נעמען, און . . .

האָט ער שוין אָנגעהויבן צו דערציילן, האָב איך אים מער ניט באַדאַרפט בעטן . . . די געשיכטע זיינע איז געווען שיין, אינטערעסאַנט און, ווי מע זאָגט, „באַלערנד".

איך האָב אים אויסגעהערט. אויך איך האָב געהאַט שווערקייטן, אָבער אין פאַרגלייך מיט זיינע איבערלעבונגען, זיינען מיינע געווען ווי אַט דער שטילער טייך מיט אַ ים, אַ שטורעמדיקן ים, וואָס האָט געקאָכט און איבער־געקאָכט אין זיינע טיפן. ניט נאָר אַרבעטער־קאַמפן, נאָר אויך אונדזער גרויסן נאַציאָנאַלן בראָך, וואָס היטלער האָט אויף אונדז געבראַכט. חוץ דעם איז מעקס געווען פאַרוויקלט אינעם אומרואיקן שטרייט פון פּאָליטיק. זיין גרויסע ליבע צום סאָוועטן־פאַרבאַנד, זיין נסיעה אַהין און זיין גרעסטע אָפּגענאַרטקייט אין לעבן, טאַקע דאָרט, אין דער כלומרשטער „אַרבעטער רעפּובליק" . . .

— פאַרשטייסט ? — האָט ער ביטער פאַרענדיקט — אַ בחור, אַ פרייער פויגל אַלע מיינע יאָרן, בין איך געפלויגן . . . אוי אוי אוי ! געפלויגן און געפאַלן ! און איצט ליג איך מיט צעבראָכענע פליגל, אָפּגעריסן פון מיין וואָרצל, ווי אַט דער בוים. און גרויס איז די וואונד, און היילן קאָן זי קיינער ניט ! . . . נאָר איין טרייסט, איין ליכטיקע האָפענונג האָב איך : מדינת ישראל. ניט סתם ווי אַ מדינה, נאָר ווי אַ יידיש לאַנד, וואָס זאָל זיין אַ מוסטער פאַר דער וועלט, אַ מוסטער פון חכמה און גוטסקייט, ווי עס איז אונדזער הייליקע תורה — פאַר אַלע פעלקער. אָבער, ליבער פריינד ! אַלע מיינע קאַמפן, געפאַכטענע, געוואונענע און פאַרלוירענע, האָבן מיך ניט געפרייט ביים געווינען און ניט מצער געווען ביים פאַרלירן : איך האָב אויס־געפונען, אַז — איצט מעג איך עס שוין זאָגן — איך, מיט אַלע מיינע אידעאַלן, בין שטענדיק געווען אַן עגאָאיסט. און ווייל דאָס לעבן האָט מיך אַזוי בייז באַהאַנדלט און איך האָב ניט געהאַט מיט וועמען זיך צו טיילן, האָט מיך יאָ געאַרט און ניט געאַרט. איך האָב זיך געפילט איבעריק און דאָס שענסטע און דערהויבנסטע אין לעבן האָט מיר אָנגעהויבן אויסצוקוקן ווערטלאָז.

— טוט מיר לייד — האָב איך געזאָגט. און ניט געפינענדיק קיין טרייסט־וואָרט, האָב איך אים געפרעגט מיט אָנטייל : האָט דיך דאָס לעבן דיינס

מיט גאַרניט באַלוינט, ניט געוויזן דיר כאָטש אַ ביסעלע ליכט, אַ טראָפּעלע גוטס ?

— גוטס ? — האָט ער ביטער איבערגעפרעגט — גוטס געוויזן פון דער ווייטן און צוגעכאַפּט, נאָך איידער איך האָב עס אָנגערירט.

די זון איז שוין געהאַט אינגאַנצן פאַרגאַנגען און אַ שטילער, קילער ווינט האָט אָן אויפהער געאָטעמט אויף אונדז, ווי מע וואָלט ערגעץ געעפנט אַ קעלטער און די טיר פאַרגעסן צומאַכן.

— סע ווערט קילבלעך — האָב איך געזאָגט.

— נישקשה, וועסט ניט פאַרפרוירן ווערן — זיין קול איז געווען האַרט. איך האָב זיך איינגעקוקט אין אים. זיין פּנים האָט זיך געענדערט. דער שאָטן פון ביטערניש האָט זיך געבליכט און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך זע ווי דורכן שאָטן רייסט זיך דורך אַ שטראַל ליכט.

איך האָב געוואַרט. פּלוצעם האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן:

— דו לייענסט נאָך אַלץ דיינע ביכער ?

איך האָב זיך מודה געווען, אַז יאָ.

— ווען דו ביסט אַ שרייבער, וואָלט איך דיר דערציילט אַ גאַנצן ראָמאַן.

איך האָב אָנגענומען זיין טאָן און אים אַ פרעג געטאָן:

— טאַקע דיינעם אַן אייגענעם ?

— וואָ, דען, אַ פרעמדן ?

— איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, האָב איך אים דערמוטיקט — דו דערציילסט אַזוי שיין, אַז איך הער דיך אויס מיט מער אינטערעס, ווי דעם בעסטן בוך — איך האָב ניט איבערגעטריבן. ער האָט ווירקלעך גוט דער־ציילט, כאָטש דער טאָן איז געווען אַ גראָבלעכער און אוודאי ניט קיין ליטעראַרישער. און אויב עס קלינגט דאָך ליטעראַריש, איז עס מיין שולד...

חוץ דעם האָט ער מיך ווי אויסגעפּרואווט, צי קאָן ער מיר געטרויען און צי וועל איך אים פאַרשיין.

פּלוצעם האָט אַ גרימאַסע אויסגעקרימט זיין קלוג פּנים. זיין צעעפנט מויל האָט אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, און איך האָב ניט געוואוסט, צי וועט ער אָנהויבן לאַכן, אָדער וויינען. ער האָט זיך אָנגעשטרענגט צו באַהערשן זיינע געפילן. ער האָט געזאָגט:

— איין ליבע האָב איך געהאַט, טאַקע אין אָט דעם גרויסן קאָך, ניו יאָרק, איין ליבע, וואָס איז געווען גרעסער ווי ניו יאָרק, ווי די גאַנצע וועלט! („ניט אַזוי רעדט מען וועגן ליבע!" האָב איך אים געוואָלט איבערשלאָגן, און ניט געוואָגט) מרים האָט זי געהייסן. זי איז געווען קוים קוים העכער פון מיר. ווען ניט אירע שוואַרצע קרוילן, וואָלטן מיר געווען איין הויך, אָבער זיי זיינען געשטאַנען אויף איר קאָפּ ווי אַ קעניגלעכע, אומבאַרירלעכע קרוין און אין אירע גרויסע, שוואַרצע אויגן, ניט אַזוינע שוואַרצע ווי די האָר, איז

געווען עפּעס נאַכטישעס, שטילס, ליבס און וואַרעמעס. אַז זי האָט אַ קוק געטאָן אויף דיר, איז דיר געוואָרן גוט אין יעדן אבר!

„און זי האָט דאָך מיך ליב געהאַט. מיר האָבן שוין געזאָלט פֿאַרקנסט ווערן. מיטן פֿינגערל אין מיין קעשענע, בין איך מיט מרימען געגאַנגען צום טאַנץ־באָל. דאָרט האָב איך זי געזאָלט איבערראַשן און טאַנצן מיט איר שוין ווי חתן־כלה.

„איז צוגעקומען צו אונדז אַ בחור מיט פּונקט אַזעלכע שיינע שוואַרצע האָר ווי מרימס. און אויגן — גרויסע, בלויע, ליכטיקע. און אַ פֿייער האָט פֿון אים געשלאָגן, פֿון זיינע אויגן, פֿון זיין מויל! איך בין ניט קיין שרייבער, בעסער מאָלן קאָן איך אים ניט, אָבער איך זאָג דיר, אַז ווען איך בין אַ מיידל, וואָלט איך איבערגעלאָזט אַלע מיינע ליבסטע און אים נאָכגעלאָפֿן עק וועלט.

„ער האָט זיך טיף פֿאַרנויגט און זי פֿאַרבעטן טאַנצן.

„זי האָט מיר מיט איין מאָל אויסגעזען ווי אַ פֿרעמדע, ווי אַ באַנומענע.

„צו וואָס זאָל איך מאַריך זיין? פֿאַרשטייסט דאָך, אַז דער בחור האָט צוגענומען ביי מיר מרימען. ער איז געווען אַ פֿילאַדעלפֿיער, און זי איז אַהין אַוועק. איך בין געווען זיכער, אַז זיי האָבן חתונה געהאַט. וואָס איך האָב אים געוואונטשן, וויל איך דיר ניט זאָגן, אָבער איך האָב געפֿילט, אַז מרים מוז זיין גליקלעך. און דערמיט האָב איך זיך געטרייסט.

„איך האָב געטראַכט וועגן זעלבסטמאָרד. איך ווייס ניט, צי וואָלט איך געהאַט דעם מוט דאָס צו טאָן, אָבער גלויב מיר, אַז גרייטנדיק אָנטאָן זיך אַ מיתה, האָב איך ערנסט געקלערט וועגן מרימען און איך האָב ניט געוואָלט, אַז זי זאָל טראָגן אויף זיך די שולד פֿאַר מיין טויט.

„אַ יאָר איז אַריבער. איך האָב געלעבט. עס איז מיר געווען זייער שווער. אָבער איך בין אַלע טאָג אויפֿגעשטאַנען צו דער אַרבעט און געגעסן מיינע דריי מאָלצייטן און אַ שטילע האָפֿענונג האָט ניט אויפֿגעהערט צו טליען אין מיר, אַז איך וועל נאָך צוריק האָבן מרימען.

„איך פֿלעג שטיין אַקעגן שפּיגל און זיך פֿאַרגלייכן מיט יענעם שיינעם בחור. ווי האָט מיר גאָר געקאָנט איינפֿאַלן, אַז פֿון אים וועט זי צוריקקומען צו מיר? אָבער עפּעס איז דאָ אין אונדז, וואָס לאָזט אונדז ניט פֿאַלן און צעטראָטן ווערן.

„איכל דיר זאָגן שענערס: איך האָב נאָך אַלץ געהאַלטן דאָס פֿינגערל פֿאַרשטעקט אין אַ שופֿלאָד...

„יאָ, איך האָב מרימען דערזען. און ניט נאָר דערזען זי, זי איז אַפֿילו געקומען צו מיר.

„איך בין נאָר־וואָס געהאַט אַריינגעקומען פֿון דער אַרבעט. עס איז געווען אַ שנייאיקער פֿאַרנאַכט. זאָגט מיר מיין באַלעבאָסטע, אַז אַ מיידל וואַרט אויף מיר.

„אַ מיידל? איך בין אַריין אין צימער און דערזען מרימען, שיין ווי

שטענדיק, אָבער אָפּגעצערט און זייער בלייך, ווי זי וואָלט איבערגעלעבט אַ גרויסע שרעק.

„וואָס איז געשען?

„אַ געוויינטלעכע געשיכטע", אָבער פאַר מיר איז דאָס געווען אַווירק־לעכקייט, אַז מע דאַרף זיין איינער פון דיינע לייט, מע זאָל באַנעמען און אַרויסברענגען דעם גאַנצן שוידער.

„יענער שיינער בחור האָט מרימען אויסגענוצט און איז אַנטלאָפן. איז זי געקומען אַהער אַרבעטן. זי וויל, איך זאָל איר העלפן געפינען אַרבעט און אַ צימער.

„איך האָב זיך אַרומגעקוקט. איך בין געווען מיט מרימען אַליין, איינער אַליין מיט דער, וואָס איך האָב אַזוי פיל מאָל אַזוי הייס געקושט און וועמענס כלה־פינגערל ליגט נאָך אַלץ אין מיין שופלאָד, טיף באַגראָבן דאָרט, אַזוי טיף ווי מיינע געפילן. דער ערשטער אימפּולס מיינער איז געווען צוצופאַלן צו מרימס שיין פּנים און עס אויסקושן, אָבער איך האָב ניט געוואַגט. עס איז ניט געווען מער מרים, מיין ליבע, מיין נאָענטע, מיין אייגענע. זי איז געשטאַנען לעבן מיר און איז דאָך געווען ניט־צוטריטלעך.

„האָב אים אין דר'ערד! — האָב איך אַ זאָג געטאָן וועגן איר פאַרפירער.

„זי האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן און איך האָב דערזען אין אירע אויגן טרערן.

„זי האָט גאָרניט געזאָגט, אָבער איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זי איז נאָך אַלץ פאַרליבט אין אים, אַז זי בענקט נאָך אים, אַז זי וואָלט שוין געגאַנגען צו אים, אָבער זי האָט ניט געוואוסט וואו ער איז.

„וואָס איך האָב יענעם מאָמענט איבערגעלעבט, נעם איך זיך ניט אונטער דיר איבערצוגעבן. אַ כעס האָט אין מיר געברענט אויף אים און אַ גרויס רחמנות אויף איר האָט מיך געפּייניקט ביז טרערן.

„און מרים האָט מיך געטריבן, ניט געלאָזט וואַרטן. שוין, באַלד, גלייך, תיכף ומיד זאָל איך איר זוכן אַ צימער.

„קוים געפּועלט ביי איר, זי זאָל איבערנעכטיקן ביי מיין באַלעבאָסטע. און אויף מאָרגן נאָך דער אַרבעט זיינען מיר אַוועק זוכן. איך האָב באַמערקט, אַז זי וויל אַ וואוינונג נאָר אויף אַ הויכן שטאָק... איך האָב לכתחילה ניט פאַרשטאַנען איר מיין, אָבער ווען איך האָב געפונען אַ חדר אויפן פערטן שטאָק, איז זי צוגעגאַנגען צום פענצטער, אַראָפּגעקוקט פון דאָרט אין גאַס און ווי פאַרגליווערט געוואָרן. אַ שרעקלעכער געדאַנק האָט מיך אַ טראָג געטאָן צו איר.

„איך האָב זי אַ ריס געטאָן ביים אָרעם און זי אָפּגעריסן פונעם פענצטער. זי איז צוגעפאַלן מיט איר פּנים צו מיין אַקסל און זיך צעוויינט און צעכליפּעט ווי אַ קינד.

„איך וועל דעם בזיון ניט אַריבערטראָגן! — האָט זי שטיל געפּליסטערט דורך טרערן.

„ערשט האָב איך באַנומען איר פּאַרצווייפלטע לאַגע.

„אַזוי ווייט האָט עס שוין ביי אייך געהאַלטן? — האָב איך זי געפרעגט.

„יאָ, האָט זי זיך מודה געווען.

„נאַרעלע, האָב איך אויסגערופן, וואָס־זשע זאָרגסטו זיך, וואָס? איך וועל מיט דיר חתונה האָבן און דאָס קינד וועט זיין אויך מיינס.

„ערשט האָב איך דערפילט אירע פייכטע ליפּן אויף מיין באַק, זי האָט מיך לאַנג געקושט, זיך מיט איין מאָל אָפּגעריסן פון מיר און געזאָגט:

— איך און מיין קינד וועלן דיר דאַנקען דאָס גאַנצע לעבן.

„זי האָט געקרעכצט, געזיפצט, געשטאַמלט צאַרטע רייד, אָבער צו מיר, צו איר געוועזענעם חתן איז קיין איינציק וואָרט פון ליבע ניט אַרויסגערעדט געוואָרן. זי וועט מיר דאַנקען, אַ גליק האָט מיך געטראָפן... אָבער איך האָב איר קיין פאָרוואורף ניט געמאַכט, ניט אויסגערעדט איר, אפילו קיין שלעכטע מינע ניט געוויזן.

„איך האָב איר געפונען אַ צימער אויפן ערשטן שטאָק. מיר זיינען נאָך דעם זעלביקן אָוונט אַוועק צו אַ רב. זיין אידעם איז געווען מיין אונטער־פירער. די כלה איז אונטערגעפירט געוואָרן פון דער יונגער רביצין. דאָרט איז געווען נאָך אַ פרוי און אויך צוויי עלטערע יידן מיט גרויסע בערד.

„דער רב האָט דורכגעפירט די צערעמאָניע אָן אַ מנין, אויף גיך. איך בין געשטאַנען לעבן מרימען און מיין האַנט האָט קיין ציטער ניט געטאָן, ווען איך האָב איר אָנגעטאָן דאָס פינגערל און געזאָגט דעם הייליקן פּסוק, וואָס פאַרבינדט מאַן און ווייב אויפן גאַנצן לעבן.

„איר פּנים איז געווען ווי פאַרשטיינערט. די גרויסע שוואַרצע אויגן קראַנק און מיד. איך האָב געפילט אָט־אָט און זי וועט אומפאַלן.

„מיר האָבןביידע אָפּגעטרונקען פונעם זעלבן גלעזל. איך האָב אָנגע־טראָטן אויף דעם און איך האָב געפילט, ווי איך וואָלט צום צווייטן מאָל צע־ברעקלט מיין גליק, אויף פיצפּיצלעך עס צעדרויבלט״.

אין דער פינצטער האָב איך געזען, ווי מעקס בויגט צו דאָס פּנים צו די הענט. ער וויל וויינען און ער קען ניט.

ער האָט געזוכט זיינע פילן צום האַרצן און איך האָב געפילט, אַז ער שרעקט זיך, טאָמער וועט ער זיי ניט געפינען.

ער האָט גענומען אַ פּיל.

איך האָב אים ניט געוואַגט צו פרעגן מער. איך האָב אים געזען אין זיין גאַנצער פאַרלוירנקייט, באַזונדער ביים רב אין הויז, ווי ער שטייט לעבן דער געגאַרטער. אין איר אינגעוויד אַ קינד פון אַן אַנדער מאַן. איך האָב געזען, ווי זיי טרינקען ביידע פונעם זעלבן גלעזל און איך האָב געהערט ווי דער רבי

מיט דער רביצין און דער איידעם און די צוויי בערד׳קע יידן ווינטשעווען חתן כלה מזל טוב.

מעקס האָט מיך געלאָזט וואַרטן. דער אָוונט איז שוין געווען שפּעטלעך. די פינצטערניש איז אויסגעוואַקסן אַריבער די ביימער און זיך געריסן אינעם לויטערן הימל. פון דאָרט האָבן שטיל אַראָפּגעלויכטן גרויסע העלע שטערן, נאָר אַזוינע גרויסע, וואָס מע קען זען בלויז אין פעלד אָדער אין וואַלד.

פון וויטן האָבן זיך געזען די באַלויכטענע פענצטער פון דער קאַסינאָ און באַלד האָט דער אָרקעסטער אויפגעשפּילט טאַנץ־מוזיק.

— וואָס אַ מענטש קאָן איבערטראָגן — האָב איך מיט אָנטייל געזאָגט.

— יאָ, האָט ער מיר געענטפערט. ווידער איז ער שטיל געוואָרן. איך האָב געוואַרט. פון יענער זייט טייך זיינען געלאָפן די אויטאָס. זיי האָבן זיך באַגעגנט און געבלענדט איינער דעם צווייטן. און די באַן איז דאָרט געלאָפן. איצט אין דער שטילקייט האָבן מיר אויפגעכאַפּט אַ טויבלעכן רויש פון די באַן־רעדער. אָבער סיי די באַן, סיי אויך די לויפנדיקע אויטאָ־מאָבילן האָבן איצט אויסגעזען נט רעאַל. די קייט פון צווייענדיקע ליכטער האָט זיך געצויגן אָן אַ סוף און אָן אַ שיעור, און זי האָט געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ חלום, וואָס ענדיקט זיך ניט.

צו אונדז האָט זיך עמעצער דערנענטערט, מיט אַ פלאַמיקן פּאַקעל אין האַנט. עס איז געווען מאָדנע. מיר האָבן ניט געקאָנט זען דעם מענטשן, נאָר זיין האַנט, די פאַרקרעמפּטע פינגער אַרום דער באַנקע און — דעם געלן פלאַם וואָס האָט זיך געוויגט און זיך געבויגן אויף צוריקצווועגס. באַלד איז באַלויכטן געוואָרן אַ שטיק פון דעם אויסגעריסענעם בוים, און דאָרטהאָטמענדעם פּאַקעל איינגעפּעסטיקט. אַ פריינדלעע האַנט האָט דאָס באַזאָרגט, אַז מיר זאָלן ניט געשטרויכלט ווערן אין דער פינצטער.

— זע, — האָב איך געזאָגט, אָנווייזנדיק אויף דער האַנט, וואָס שטעלט אַוועק דעם פּאַקעל — די אומבאַקאַנטע פריינדלעכע האַנט, וואָס זאָרגט פאַר אונדז.

— יאָ— —האָט ער ביטער צוגעגעבן — און צו ברענגען בלויז שלעכטס, איז אויך דאָ יענע געהיימע האַנט... מען ווייסט ניט פון וואַנען זי קומט און ברענגט אונדז נאָר דאָס שלעכטע.

זעסט, האָב איך מיין אָרעמען חבר געטרייסט, — אפילו אין דיין פאַל איז אויך דאָ עפּעס גוטס.

— וואָס? וואָס? — האָט ער אומגעדולדיק אויסגערופן.

— און דאָס וואָס דו האָסט זי אָפּגעראַטעוועט פון טויט, איז גאָרניט?

— בין איך דאָך געווען די גוטע האַנט!

איך האָב אים געגעבן גערעכט. ער האָט ווייטער גערעדט:

— ... און יענע בייזע האַנט האָט געהאַט אַזאַ בייזע שליטה אויף

מרימען! זי איז אַרויס מיט מיר פון דעם בית-הקברות, און באַלד אין גאַס צעעפנט איר גרויסן שוואַרצן בייטל. זי האָט אַריינגעקוקט אַהין און זיך היסטעריש צעוויינט.

„איך האָב זיך פאַרלוירן. איך האָב חושד געווען, אַז דאָרט האַלט זי זיין בילד. ווי אַ ווילדער האָב איך אַרויסגעריסן דעם בייטל פון מרימס הענט. איך האָב געעפנט און אים דערזען. איך האָב געפילט ווי מיינע אויגן ווערן פאַרגאָסן פון אַ פייערדיקער רויטקייט. אין שרעק, אַז איך וועל צעררייסן דאָס בילד, האָט מרים אָנגעהויבן ציטערן און זיך בעטן ביי מיר...״

עס איז אים געווען שווער צו ריידן.

ער האָט זיך אויפגעהויבן און זיך געלאָזט גיין. איך בין געגאַנגען הינטער אים און געבעטן גאָט, ער זאָל אים געבן כוח אַריבערצוטראָגן די יסורים.

מיר זיינען אַריבער דעם אויסגעריסענעם בוים, וואָס איז געלעגן גע־שלאָגן צו דער פייכטער קילער ערד.

ער האָט גייענדיק דערגאַנצט זיין געשיכטע. אָבער איך האָב זיך אינעם סוף ניט געגוויטיקט.

מרים איז אַוועק צו אירער אַ מומע אין אַן אַנדער שטאָט. זי האָט קיינמאָל ניט חתונה געהאַט. אויך ער, מעקס איז פאַרבליבן אַ בחור. מרימען האָט ער מער ניט געזען, נאָר אַ בילד האָט ער פון סיליען, פון איר טאָכטער, זי טראָגט זיין נאָמען. זי שרייבט אים אַמאָל אַ בריוול. אָבער שוין פינף יאָר פון איר ניט געהערט. ער האָט קיין כוח ניט צו שרייבן צו איר.

ביים פלאַם פונעם פאַקעל האָב איך באַטראַכט דאָס בילד. לויט ווי ער האָט מיר אָפּגעמאָלן מרימען, איז די יונגינקע געווען געראָטן אין איר, נאָר די אויגן בלויע, ליכטקע, לאָקעדקע און פאַרפירערישע, זיינע אויגן!

איך האָב וועגן דעם גאָרניט געזאָגט.

מעקס האָט צוריק אַריינגעלייגט דאָס בילד אין זיין בייטל.

ביי אונדזערע פיס האָט געברענט דער פאַקעל, און זיין געלער פלאַם האָט אַרויסגעגעבן פון זיך אַ שוואַרצלעך רויכל. און דערביי איז געלעגן דער בוים, צווישן אַלע שטייענדיקע ווי טריאומפירנדיקע בוימער, אונטער די גרויסע ליכטיקע שטערן.



# פּאַרזענע

(פּאָרטראַכט פון שרהלען)

## קאַפּיטל איינס

פונעם ערשטן טאָג ראש השנה ביז שמיני עצרת איז גאָרניט אַזוי ווייט, אָבער דער היפּשער עולם, ניט צו פאַרגלייכן מיט דער צאָל פון ראש השנה און יום כפּור, וואָס איז געקומען אינעם אַכטן טאָג פון סוכות צוליב יזכור, — האָט שוין געאָטעמט מיט אַ ניט־ווייטער פאַרגאַנגענהייט, מיט די ימים נוראים, ווען עס האָט דאָ געזשומעט און די שוהל איז פול געווען מיט יידן, יונג און אַלט.

ראַבּיי שלאָמאָוויץ האָט אין זיך געשמייכלט, כאָטש אין דער אמתן האָט עס אים פאַרדראָסן... דער היינטיקער טאָג איז געווען שיר־ניט ווי אַ טאָפּלטער יזכור: צו דערמאָנען און געדענקען איינעם, אָדער ביידע פאַר־שטאָרבענע עלטערן, און אים, דער רבֿ, ווי אויך די עלטערע שטענדיקע מתפּללים — צו דערמאָנען אָן דער ימים נוראמדיקער לעבעדיקייט פון דער שוהל, פון דער לעבהאַפטיקייט, וואָס ווערט איבערגעריסן אויף אַ גאַנץ יאָר, אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר!... די שוהל ביז ימים נוראים זעט אויס אויב ניט ווי קיין גאַנצער מת, איז לכל הפּחות, ווי אַ האַלבער.

ראַבּיי שלאָמאָוויץ איז געווען פון די אַריבערגעקומענע, אַ געראַטע־ווערטער פון די היטלער־שחיטות און ער האָט געזען זיך וואָס גיכער צופּאַסן צום נייעם לאַנד און צו די היגע יידישע מנהגים, אָבער עס איז געווען שווער. ער האָט די שווערקייט געוואָלט פאַרגרינגערן מיט אַ שמייכל. ער האָט שוין גוט געקענט זיין קאָנגרעגעישאָן: ביי די סאַמע ערנסטע תפילות האָבן ניט נאָר די מאַנסבלען, אפילו די פרויען ניט געוויינט. בלויז געציילטע אַלטיטשקע ווייבער האָבן זיך געלאָזט הערן מיט זייערע קלאָגעדיקע שטימען, וואָס האָבן אָפּגעקלונגען עלנט צווישן די אַלע יונגע, זאַטע און צופרידענע מענטשן.

היינט אָבער האָט זיך אין עזרת נשים באַוויזן אַ פּנים חדשות, וואָס האָט מיט איר געוויין און מיט אירע קולות איבערגעשטיגן די אַלטע קלאָגעריגס. זי איז געווען יונג, זייער אָרעם געקליידט. אַ יונגע פרוי זאָל אַזוי וויינען?! זאָל דאָס אפשר זיין אַ גרינע? פון די נאָר־וואָס אַריבערגעקומענע, האַ? דער רבֿ האָט זיך זייער געחידושט. ווער קאָן דאָס זיין???

שפּעטער האָט ער אַ פרעג געטאָן ביי מיסטער גליקן וועגן דער יונגער

ווייבערקע. גליק האָט שוין ניט געקענט אַזוי גוט זען, און ער האָט ניט געקאָנט דערקלערן דעם רב, ווער יענע ווייבל איז.

— זייט מוחל, רבי, פרעגט ביי מאָריסן. ער קאָן די גאַנצע שטאָט.

מאָריס, אויך איינער פון די שטענדיקע געטרייע מתפללים, אַ „ריטייערד" טראָק־אייגנטימער, האָט זיך איינגעקוקט אין דער ווייבל, וואָס האָט זיך שוין באַצייטנס געקליבן צו פאַרלאָזן די שול און געזאָגט:

— אָ, יענע — אָ? איך קען זי. איך האָב געהערט, איר מאַמע איז לעצטע וואָך געשטאָרבן.

ער האָט דערציילט, אַז איר מאַן איז אַ טראָק־דרייווער, אַ שלימזל אַ קבצן, אַ פוילער און ער האָט נאָך ליב צו מאַכן אַ כוסה, ווען... מאָריס האָט אָפּגעשוויגן, ווי ביים דערציילן אַ וויץ און פאַרענדיקט: — ווען ער זאָל נאָר האָבן פאַרוואָס...

מאָריס האָט זיך צעלאַכט, זיך פאַרהוסט, געזוכט דאָס טיכעלע און ניט געקאָנט געפינען. עס האָט שוין אויך געלאַכט מיסטער גליק. דער רב האָט פון יוצא וועגן אַ שמייכל געטאָן, אָפּגעמאָסטן די אַלטעטשקע מיט אַ שטראָפּנ־דיקן בליק און פרום אַ מוקע געטאָן: „נו, אָ".

זיי זיינען שטיל געבליבן. דער ראַביי שלאָמאָוויץ האָט נאָכן דאַווענען, טאָקע ביי דעם זעלביקן מאָריסן אויסגעפונען, וואו די ווייַנערקע וואוינט. אסרו־חג איז ער שוין געווען אין איר היים.

די שטאָט האָט זיך געטיילט אויף צווי הויפּט־געגנטן: די סאַוט און די נאָרט. די סאַוט איז געווען פאַר די בכבודיקע ווייסע און די נאָרט — פאַר דער אָרעמשאַפט, דער ווייסער און דער נעגערשער.

און אויף אַ זייטיק געסל, אַזאַ שמאָלס, אַז איין אויטאָ האָט קוים געקאָנט דורכפאָרן, האָט געוואוינט יענע ווייַנערקע, וואָס האָט געהייסן מיסעס גאָדיק מיט איר מאַן, דזשאָ און מיט דריי קינדער: דזשעיק, צוועלף יאָר, דאָריס, צען און עוועלין — פיר.

די הייזער זיינען דאָ געווען קליינע, באַזונדערע, און דאָך זיינען זיי גע־ווען אַזוי ענג איינס נעבן אַנדערן, אַז דער גאַנצער בלאָק האָט געמאַכט אַן איינדרוק, ווי איין לאַנגע הויז, מיט אַ סך סטופּלעך פון פאָרנט און אַ רי־זיקע נעץ פון שטריק צום אויסהענגען וועש — אין די הינטערשטע הויפן.

עס האָט ראַביי שלאָמאָוויצן גענומען לאַנג, ביז ער האָט זיך דערפרעגט צו דער יונגער פרוי (אויף מערסטע הייזער האָבן געפעלט די נומערן), און ער האָט אַזוי אַרום געהאַט אַ געלעגנהייט צו באַטראַכטן די גאַנצע סביבה: די הייזער די זעלביקע, ווי איין מענטש וואָלט זיי אַלעמען געבויט און די באַפעלקערונג — פאַרשיידן: ווייסע, נעגערס, געלהויטיקע, פּילי־פּינער.

אין דרויסן איז געווען קיל און וואָלקנדיק. דער אָוונט האָט זיך שוין געפילט אין אַלע ווינקעלעך. די גאַס איז געווען פאַרפלייצט פון אַ געמיש־

טער קליינוואַרג. די קינדער האָבן פאַרהילכט דעם כמורנע אינדרויסן מיט זייערע קולות.

פאַרן הויז, וואוהין ער איז צוגעקומען, איז געשטאַנען אַן אַלטער טראַק פון אַן אָפּגעקראָכענעם אַלטן קאָליר. אַ ניט־געגאָלטער מאַן איז געזעסן אין אים און זיך געסטאַרעט אָנצוצינדן דעם מאָטאָר. דער „סטאַרטער" האָט געהאַוועקעט, ווי אַן אַלטער, הונגעריקער הונט. דער מאַן האָט גע־שאָלטן. דער רב האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים אָפענעם פענצטער פון דער טראַק־טיר. דער מאַן האָט באַטראַכט דעם פרעמדן און נאָך אַ קליינער ווילע שווייגן אַרויס מיט לשון:

— דו, רבי פון שול? ניט?

— יאָ — האָט ראַביי שלאָמאָוויץ צופרידן געענטפערט — ווי אַזוי ווייסט איר?

— איך קען דו... איך קען אַלע יידן... זיי מיך ניט. איך זיי — יאָ... וואָס דו געקימט? וואָס דו ווילסט? ווילסט מיין באַי? שור, ער שוין באַלד בר־מיצווי.

און אַזוי האָט ער דעם רב דערציילט, אַז ער אַליין הייסט גאָדיק, דזשאָ גאָדיק, זיין ווייב — גאָסי, דער בר־מצוה־יינגל — דזשעיק און צוויי מיי־דעלעך, דאָריס און עוועלין... גרויסע מיילער אַזוי ווי די מאַמע... ער האָט זיך געקלאָגט אויפן טראַק. אַלט, אָפּגענוצט און לאָזן דאָ אים טאָר ער ניט. די פּאָליציי פאַרבאָט דאָס. הינטערן הויז איז דאָ גענוג אָרט, נאָר ווי אַזוי רירט מען דעם טראַק, די אַלטע שמאַטע?

— קאָן איך אַריינקומען אין הויז?

— ווי נאַט, רעבי? ווי נאַט? גאָ אַהעד, גיוו הער איי גוד טאָק... גיוו הער איי פּיס אָוו יור מיינד... גאָ אַהעד.

דער ראַביי האָט אַרויפגעשפּאַנט די עטלעכע קרומע טרעפּ צו דער טיר און אָנגעקלאַפּט.

— קאָם אין — האָט ער דערהערט אַ שאַרף, שניידנדיק קול פון אַ מויל, וואָס איז, ווייזט אויס, געוואוינט געוועזן צו שרייען און צו שילטן.

ער האָט געוואַרט, זי זאָל אים עפענען די טיר, אָבער ער האָט זיך ניט דערוואַרט און ער האָט זי אַליין געעפנט.

ער איז שטיין געבליבן אין אַ האַלב־פינצטערן צימער, אויף אַן אויס־געריבענעם שטיק לינאָלעיום. ער איז דאָ געוועזן אַליין. וואו איז זי אַהינגעקומען? ער האָט געהערט אירע לויפנדיקע טריט און דעם קלאַנג פון אַ זידנדיקן טאָפּ.

— הו'ז דעהר? — האָט זי פון ערגעץ בייז גערופן.

— ראַביי שלאָמאָוויץ — האָט ער געזאָגט און באַלד ווידער דערהערט איר קוויטשיקן „הו?"

זי איז אַריינגעלאָפן, מיט אַ האַנטעכל אין האַנט. ער האָט זי דער־

קענט. זי האָט מיט איין מאָל געביטן איר טאָן. זי האָט זיך געמיט צו ריידן שטיל און איר געשריי האָט זיך דורך דער שטילקייט געריסן. דערפון האָט איר קול וויברירט און די שיינע ברוינע אויגן האָבן פאַרשעמט געקוקט אַרונטערצו. זי איז געווען זיכער, אַז ער האָט זיך דערוואוסט פון איר דזשעיקעלען און ער האָט איר פאַרדאַכט באַשטעטיקט מיטן צוגאָב, אַז יעדע יידישע משפחה איז אויך זיין משפחה, אַז אַלע יידן זיינען ברידער.

זי האָט אים געבעטן זיך זעצן מיט אַזאַ טאָן, ווי זי וואָלט ניט די ווערט געהאַט ער זאָל באַטרעטן איר שוועל. ער האָט זיך געזעצט אויפן אויסגע־טויטשעטן דיוואַן ביי דער וואַנט. זי איז געשטאַנען און געוויקלט דאָס האַנטעכל אין אירע הענט.

ער האָט שוין געזען אָרעמע הייזער, אָבער אַזאַ אָרעמקייט, אַזאַ ליידי־קייט? וועגן אַזאַ נויט האָט ער נאָר געלייענט אין די צייטונגען. ער האָט איר געוואָלט העלפן, און ניט געוואוסט ווי אַזוי. ער האָט געדאַנקט גאָט, וואָס האָט אים אַריינגעגעבן אַ מחשבה צוצוגיין און זען אַ משפחה, וואָס ער האָט ביז היינט ניט געקענט, און אויב קיין ממשותדיקע הילף וועט ער די מענטשן ניט בכוח זיין צו ברענגען, וועט ער כאָטש טאָן דאָס מינדסטע, וואָס ער טוט געוויינלעך אין אַזעלכע פאַלן: ער וועט הייסן צושיקן אַן עוף און פיש אויף שבת. און דאָס וועט געטאָן ווערן אַזוי לאַנג, ווי עס וועט זיך ווענדן אין אים.

צו דערפרייען די אָרעמע פרוי, האָט ער זיך נאָכגעפרעגט אויף די קינדער און שטרענגלעך איר פאַרזאָגט נאָך די וואָך אים צושיקן איר צוועלפיעריקן זון. ער וועט אים גרייטן צו בר־מצוה און זען מאַכן פון אים אַ גוטן יידן.

איר שטרענג, בייז פּנים האָט אויפגעלויכטן און זי האָט אַ טראַכט געטאָן: אפשר וועט שוין פון איצט אַן גוט ווערן? אַז דער „הייליקער מאַן" האָט זי באַמערקט, וועלן אויך אַנדערע מענטשן זיך אומקוקן אויף איר מיט איר מאַן און קינדער? איז זי דאָך געווען פאַרזעץ, פאַרגעסן ניט נאָר פון פרעמדע, נאָר אויך פון אייגענע.

דער טויט פון איר אומגליקלעכער מוטער האָט אפשר געבראַכט דער־צו? און זי האָט געפרעגט דעם ראַביי:

— ווען דו געוואוסט מיך?

— האָסט אַזוי ביטער געוויינט אין שוהל! — האָט ער איר דערקלערט.

— אָ! דעהט׳ס ווײַ! — האָט זי אויסגערופן — אָ, מיי פור מאָדהער!

— זאָלסט זיך נאָר ניט זאָרגן, מיסעס גאָדיק — האָט ראַביי שלאָמאָוויץ געזאָגט. ער האָט געבענטשט דאָס הויז און איז אַוועקגעגאַנגען. און ערב שבת האָט מען איר געבראַכט ניט נאָר אַן עוף און פיש, נאָר אויך חלה און עטלעכע בייגע טלער און שיסלען.

יענער טאָג איז ווירקלעך געווען אַן ענדערונג אינעם לעבן פון אַ יידי־

שער משפחה. און קיינער, אויך ניט דער מחבר, קאָן ניט דערקלערן, ווי אַזוי און פאַרוואָס דאָס איז געשען.

## קאַפּיטל צוויי

איינע פון די יידישע אָרגאַניזאַציעס אין שטאָט איז געווען די פרויען־פּיאָנערן. זיי האָבן „געשאַפן" געלט צו העלפן מדינת ישראל. און פאַר די אַלע געלט־זאַמלונגען, וואָס זיי האָבן דורכגעפירט, סיי מיט מאָנען ביי יענעם, סיי אויך „רייסן פון זיך אַליין שטיקער", האָבן זיי צוגעטראַכט דאָס שיינע וואָרט „געשאַפן" און זיי האָבןווירקלעך געשאַפן וואונדער. זיי האָבן דאָס געטאָן אויף פאַרשיידענע אופנים. און אויב זיי האָבן אַליין ניט גע־קאָנט צוקלערן קיין מיטל צו זאַמלען געלט, האָט מען זיי פונעם הויפּט־אָפיס געהאָלפן מיט די נייטיקע אינסטרוקציעס.

איינער פון די מיטלען צו זאַמלען ביישטייערונגען איז געווען — גיין פון הויז צו הויז, קלאַפּן אין די טירן און מאָנען. מען האָט אָפּגעזאָגט, איי־ניקע האָבן אפילו באַליידיקט די פּיאָנערקעס, אָבער זיי האָבן ניט אויפגעגע־געבן. אַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס אין שטאָט האָבן דאָס זעלביקע געטאָן, און די פּיאָנערקעס זיינען געווען זיכער, אַז ז י י ע ר אַרבעט איז וויכטיקער פון אַלע אַנדערע אַרבעטן אינעם יידישן לעבן, און דעריבער האָבן זיי פאַר־געזעצט זייער „שאַפן" אונטער אַלע אומשטנדן.

ניט געווען קיין יידיש געשעפט אין שטאָט, וואו די פרויען־פּיאָנערן זאָלן ניט האָבן געווען כאָטש אַ פּאָר מאָל אין יאָר. אויך אין פּריוואַטע הייזער זיינען זיי געגאַנגען מאָנען געלט, הילף פאַר יתומים, קראַנקע און אלמנות, פאַר שפּיטאָלן און היימען פאַר היימלאָזע. עס איז זיי אָבער ניט איינגעפאַלן אַ גיי טאָן אין יענעם געסל, וואו דזשאָ גאָדיק מיט זיין משפחה האָבן געוואוינט. זיי האָבן געוואוסט, אַז אויף יענעם בלאָק וואוינען בלויז דריי יידישע אָרעמע משפחות, וואָס נייטיקן זיך אַליין אין הילף. אויב ניט „שאַפן", טאָ צו וואָס גיין אַהין און ברעכן די פיס אומזיסט ?...

אָבער אויף אַלץ קומט אַ צייט, און דאָס קליינע שמאָלע אָרעמע געסל, אָאַק טערעס, האָט זוכה געווען אין צייט פון אַ קאַמפּאַניע פאַר נייע מיטגלי־דער באַזוכט צו ווערן פון די פרויען־פּיאָנערן.

אינעם קאָמיטעט זיינען געווען די חברות (אַזוי איז געווען דער אָפּי־ציעלער טיטול פון די פּיאָנערן־פרויען) ענאַ זיידמאַן און פיי בראַוּוערמאַן „אָט האָסטו דיר", וואָס האָט פאַרדינט דעם צונאָמען צוליב איר אָפטן באַ־נוצן זיך מיטן דערמאָנטן אויסדרוק.

ווי נאָר די צוויי זיינען אַרויף אויף אָאַק טערעס, האָט פיי אַ זאָג גע־טאָן: „אָט האָסטו דיר !... דאָ בין איך נאָך ניט געווען". זי האָט שוין געוואָלט אַוועק פון דאַנען, אָבער שטעלן זיך קעגן דער חברה זיידמאַן איז

געווען אוממעגלעך. יענע, ווי קליין, דאַר און שוואַך זי איז געווען, האָט זי געקאָנט פאַררײַדן צען בראַוערמאַנס. זי איז געווען די פירערקע פון דער גאַנצער גרופע אויפן נאָמען פון הענריעטאַ סזאָלד, און עס האָט ניט אויסגעמאַכט, ווער עס איז געגאַנגען מיט דער חברה זיידמאַן. זי איז געווען די רעדנערין, די אויפקלערערין און די מאָנערין. און ווינטשעווען האָט זי געקאָנט, און בענטשן האָט זי געקאָנט פאַר דער קלענסטער ביישטייערונג אַזוי, אַז דער וואָס האָט די נדבה געגעבן, האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז עס לוינט זיך. און אויב מען האָט ניט געגעבן, האָט זי אַלץ צוגעווינטשעוועט און צוגעבענטשט אויף יידיש און אויף ענגליש און אַפילו פאַרבראָקט מיט אַ העבּרעאיש וואָרט. פּיי איז בלויז מיטגעגאַנגען, ווייל עס האָט ניט גע־פּאַסט פאַר איין מענטשן צו זיין אין אַ קאָמיטעט.

בייב מיטינג, ביים אָפּגעבן אַ באַריכט פון דער זאַמלונג, האָט די זעל־ביקע חברה זיידמאַן געטאָן די גאַנצע רעדנערשע אַרבעט. דערנאָך האָט די פּאָרזיצערין, פון יוצא־וועגן, אַ פרעג געטאָן ביי דער חברה פּיי בראַוער־מאַן, צי זי האָט עפּעס צוצוגעבן צום באַריכט. יענע האָט זיך דערפילט, ווי די רעדנערין וואָלט ביי איר אַרויסגענומען אַלע אירע ווערטער. האָט זי דעריבער פאַרלוירן געשמייכלט און געזאָגט:

—נאָך דער חברה זיידמאַן, וואָס קאָן איך שוין צוגעבן?...

אַלע האָבן גוטמוטיק געלאַכט און געלויבט פּיי פאַר איר באַשיידנקייט.

יענעם אָוונט, ווען אונדזערע צוויי חברות זיינען געקומען פון זייער טור, וואָס זיי האָבן גערופן „פון טיר צו טיר”, האָט חברה זיידמאַן אָפּגע־געבן אַ באַריכט, וואָס אַלע „פּיאָנערן” אין שטאָט געדענקען נאָך ביז היינט. און אַפילו דער הויפּט־אָפּיס פון ניו־יאָרק ווייס וועגן דעם.

און דאָ ערשט הייבט זיך אָן די מעשה:

## קאַפּיטל דריי

און אָט איז דער באַריכט פון חברה ענאַ זיידמאַן:

„חשובע פּאָרזיצערין, טייערע חברות!

„די חברה בראַוערמאַן וועט מיט מיר מסכים זיין, אַז אַזאַ באַריכט, ווי איך האָב היינט, האָב איך נאָך ניט געהאַט... ניט אַזוי, חברה בראַ־ווערמאַן?... יענע האָט געוואָלט ענטפערן, אָבער ענאַ האָט פאַרגעזעצט:

— מיר באַזוכן פאַרשיידענע הייזער — רייכע, ניט אַזוינע רייכע, אָרעמע און גאָר אָרעמע. אָבער אַזאַ אָרעם הויז, ווי איך און די חברה בראַוערמאַן האָבן היינט באַזוכט, איז זיך ווירקלעך שווער פאָרצושטעלן... ניט אַזוי, חברה בראַוערמאַן?... — ווידער האָט פּיי געוואָלט אַריינוואַרפן אַ וואָרט, נאָר ענאַ איז שוין „געגאַנגען אַ גאַנג”... פּיי האָט ברוגז אַ דריי געטאָן מיטן מויל. די פּאָרזיצערין האָט דאָס באַמערקט און געזאָגט, אַז אויך זי,

פיי, ווען האָבן אַ געלעגנהייט. — ... איך זאָג אייך, טייערע חברות, אַז צו אָרעמקייט איז גאָר קיין גרענעץ ניטאָ. איר ווייסט דאָך אוודאי פון אָאק טערעס ?... ווען פון אונדז קען ניט אָאק טערעס ? עס איז שמאָל און פינצטער, און אינגאַנצן זיינען דאָרט פאַראַן אַ צוויי־דריי יידישע משפחות. איז צו וואָס גיין אַהין ? אַבי גיין ? אָבער אַז מע גייט און מע גייט און — „עס גייט ניט", ווי עס דאַרף צו זיין, כאַפּט מען זיך אַריין אַהין, וואו מיין פוס איז קיינמאָל ניט געווען. דערצו האָבן מיר דאָך דעם „קאַמפּיין" פאַר נייע מעמבערס.

„נו, הכלל, מאַכן די מעשה בקיצור, זיינען מיר, איך און חברה בראַ־ווערמאַן, אַרויף אויף אָאק טערעס און זיך קוים דערפרעגט אויף אַ יידישער משפחה, מיטן נאָמען גאָדיק.

„מיר קומען אַריין, זאָל דער אייבערשטער היטן ! די דילן האַלב־נאַ־קעט און דאָס ביסל פאַרשפּרייטעכטס — הוילע לעכער. און דאָס מעבל אין פראָנט־רום פינצטער און צעטוישעט, מיט טיפע גריבער. און אַזאַ זויערער גערויך האָט פון אַלע ווינקעלעך געטראָגן, ווי פון אַלט, פאַרלע־גערט עסן.

„אין דרויסן איז שוין געווען טונקל, אין צימער פינצטער, אָבער קיין ליכט האָט מען ניט אָנגעצונדן, אפילו, ווען די מיסעס איז אַרויסגעקומען צו אונדז. אַרום איר זיינען געשטאַנען דריי קינדער און אונדז באַטראַכט.

„איך האָב דערפילט אַ גרויסן בזיון אין מיין האַרצן : צו וועמען זיינען מיר אַרונגעקומען ? און וואָס האָבן מיר דאָ צו טאָן ? באַדאַרפט געווען ברענגען מיט זיך אַביסל עסן און זיי איבערלאָזן, וואָלט געווען אַ גרויסער יושר. די חברה בראַווערמאַן האָט זיך באַלד אַ לאָז געטאָן צוריק צו דער טיר. איך האָב זיך פונעם אָרט ניט געקאָנט רירן און מיין מויל האָט קיין וואָרט ני געקאָנט אַרויסברענגען.

„וואָס ווילט איר ? — האָט די פרוי בייז געפרעגט. וואָס האָב איך גע־זאָלט ענטפערן. גאָר ניט קיין מיאוסע פרוי, נאָך אַ יונגע, מיט אַזוינע שיינע ברוינע אויגן. און אַזוי פיל צער אין זיי, אַזאַ כעס און אַזאַ פאַרדראָס ! איך האָב זיך פשוט געשראָקן פאַר איר, זי זאָל אונדז ניט אָפּזידלען און אפשר נאָך אַרויסטרייבן אויך ... און עפּעס ענטפערן האָב איך דאָך באַ־דאַרפט. און זאָגן צוליב וואָס מיר זיינען געקומען, האָב איך זיך געשעמט, און לייקענען האָב איך אויך ניט געקאָנט. האָב איך אָנגעשעפּט מיינע לעצטע כוחות און איר דערציילט, ווער מיר זיינען. איך האָב זיך גלייך פאַרכאַפּט און געזאָגט, אַז דאָ ערוואַרטן מיר גאָרניט קיין געלט־ביישטייערונג, אַז מיר גייען צו אַ ל ע יידן, און זי איז דאָך אויך אַ יידישע פרוי ... און זאָל זי קיין פאַראיבל ניט האָבן. מיר ווילן בלויז זאָגן „האַלאָ" און איר ווינטשע־ווען אַלדאָס גוטס, און ... (געוואַלד, וואו האָט זיך צו מיר גענומען דער כוח ?...) און עס וואָלט געווען פאַר אונדז אַ כבוד, ווען זי וויל זיך אָנ־

שליסן אָן די פּרויען־פּיאָנערן... איך פיל, אַז חברה בראַווערמאַן קוקט אויף מיר ווי אויף אַ משוגענער. איך אַליין האָב אויך וועגן זיך געטראַכט, אַז עפּעס איז מיט מיר ניט גלאַט, ווען איך קאָן אַזוי ריידן, אָבער הערט, חברות!... די יונגע פרוי קוקט מיר גלייך אין די אויגן, און איך זע, ווי אירע צוויי גרויסע ברוינע אויגן גייען איבער פון טרערן. און זי זאָגט „דו געקומט מאַכן פּאַן פון מיר! וואָס דו רעדסט און וואָס דו זאָגסט?... דו האָסט ברעינס... איז וואָס דו ווילסט, האַ?"

„איך בין אַנטשוויגן געוואָרן, מחמת איך האָב געפילט, אַז אויך מיך שטיקן טרערן. האָב איך געטאָן אַ שפּאַן צו צו איר. די קינדער האָבן זיך אָפּגערוקט. איך האָב זי אָנגענומען ביי דער האַנט, זי געגלעט און שטיל געזאָגט: גאָט באַהיט! מאַכן פּאַן (חוזק) פון אַ יידישער טאָכטער? ווי קאָן זי גאָר קלערן אַזוי? די, וועמען מיר העלפן, בייטיקן זיך אין הילף און מיר מאַכן פון זיי ניט קיין „פּאַן" און פון איר אַוודאי ניט. און ווען איך זאָג, אַז פאַר אונדז וועט זיין אַ כבוד, ווען זי וועט באַלאַנגען צו אונדז, מיין איך עס! און איך וועגד זיך צו דער חברה בראַווערמאַן און שטעל זי פאַר אַן עדות. און פיי שאָקלט צו פון ווייטן מיטן קאָפּ... „יאָ, יאָ, עס איז ווירקלעך אַזוי..."

„טוט שוין די יונגע פרוי אַ שמייכל און זאָגט: „יו אַר פאַני..." און איך האָב דערפילט, אַז איך האָב זי געוואונען... איר האַרץ האָט זיך אַ ריר געטאָן. ביי מיר האָבן זיך געעפנט אַלע קוואַלן רייד. איך האָב איר דער־ציילט, וואָס מיר טוען און פאַר וועמען מיר טוען... פאַר אָרעמע, קראַנקע און היימלאָזע... ווי מיר בויען און האַלטן אויס שפּיטאָלן, ווי מיר בויען און האַלטן אויס קינדערהיימען, ווי מיר שיקן שפּייז פאַר הונגעריקע און רפואות פאַר קראַנקע.

„איך האָב די גאַנצע צייט געהאַלטן איר האַנט אין מיינער. און, זינט איך טו מיין פּיאָנערן־אַרבעט, האָב איך זיך נאָך אַזוי ניט געפילט, ווי אין יענעם מאָמענט... און איך האָב איר געזאָגט, אַז אויב זי וועט קומען צו אונדז, וועט זי זיך פילן, אַז אויך זי האָט עפּעס געטאָן פאַר עמעצן... זי האָט מיך געהערט און געשמייכלט, ווי זי וואָלט זאָגן: „רעד, רעד", וואָס קאָן עס שאַטן?..." אָט' האָב איך געזאָגט, איז די מיסעס בראַווער־מאַן מיט מיר אין אַ קאָמיטעט. זי גייט בלויז מיט און איך רייד און מאָן. אַן אַנדערש מאָל איז זי אין אַ קאָמיטעט מיט עמעצן אַנדערש. איז יענע גייט בלויז מיט און פיי רעדט...

„וועל, זאָגט זי, יו אַר עי נייס ליידי... באָט... לוק: די פרוי קאָן אַליין אויך עפּעס געבן, צי זי רעדט, צי זי שווייגט... ווען קאָן איך געבן? ווען, האַ???"

— גאָט וועט העלפן, גאָט וועט העלפן — האָב איך איר מבטיח געווען.

„זי איז אויפגעשפּרונגען, ווי אַ געביסענע: „דזשאַסט לייק די ראַבײַ־! יו אַר דזשאַסט לייק די ראַבײַ־!" ער זאָגט אויך אַזוי..."

„וואָס רעדט איר? וואָס פאַר אַ ראַבײַ?

„זאָגט זי: „שוין באַלד אַ יאָר, אַז מיין מאַן פאַרדינט ניט. קיינער האָט ניט געוואוסט פון אונדז... שטאַרבט מיין מאַמע און איך גיי צו יזכור אין שוהל און וויין. און דער ראַבײַ שלאָמאָוויץ באַמערקט מיך און קומט, און שיקט יעדע וואָך אַ „טשיקן"... און איצט — איר... פון וואַנען האָט איר מיך אויסגעפונען?... „עט ליסט", דער ראַבײַ לערנט שוין מיין באָי בר־מצוה... ער העלפט מיר... און איר... יו אַר רילי פאַני..." אפשר, זאָג איך, בין איך טאַקע פאַני, אָבער אָט זעט איר, דער ראַבײַ העלפט אייך, און איר וועט העלפן עמעצן אַנדערש, וועט איר זיין איוועט (קוויט).

„איך בין שטיל געוואָרן. זי האָט אַרויסגענומען איר האַנט פון מיינער און געזאָגט:

„— וועל, אײַ עם ביזי... — איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַן אָנצוהערעניש, מיר זאָלן שוין גיין. האָב איך איר געזאָגט „גוד ביי" און געווינטשעוועט איר און איר מאַן און אירע קינדער אַלדאָס גוטס... און אפילו דער פאַרשטאָרבענער מוטער — אַ ליכטיקן גן־עדן. און איך האָב איר צוגעזאָגט, אַז ביים היינטיקן מיטינג וועלן מיר באַשליסן צו פלאַנצן אינעם יידישן לאַנד אַ בוים אויפן נאָמען פון איר מוטער.

„— באָט מיין מאַ גאָרניט געטיט פאַר אייך — האָט זי פּראָטעסטירט.

„— דאָס מאַכט ניט אויס — האָב איך זי באַרואיקט — אייער מוטער, עליה השלום, איז זיכער געוועזן אַ גוטע פרוי, און זאָל איר נאָמען פּאַראַיי־ביקט ווערן אין די דזשואיש לענד. זאָגט מיר נאָר, ווי אייער מוטערס נאָ־מען איז געווען. — זי האָט זיך געקווינקלט, איז געווען איינגעשפּאַרט, און צום סוף נאָכגעגעבן. זי האָט ברוגז אַזאָג געטאָן:

„— איר נאָמען, וואַהט'ס די דיפערענץ?... סערא קראַוועץ, וואַהט'ס די דיפערענץ?...

„שפּעטער האָט זי זיך איבערגעבעטן מיט מיר.

„— וועלל, האָט זי געזאָגט — דיס איז וועריי נייס אָוו יו.

„— וועל, — האָב איך איר אין טאָן געענטפערט — אונדזער מיטינג וועט זיין פונקט אין צוויי וואָכן אַרום. דער אַדרעס איז... איר וועט קומען?

„איך האָב איר פאַרשריבן דעם אַדרעס אויף אַ שטיקל פּאַפּיר. אויפן צווייטן האָב איך פאַרשריבן איר מוטערס נאָמען. זי האָט פאַרקוקט צו מיין געשריפטס מיט אַ פּנים, ווי זי וואָלט געזאָגט: „אָט מיט וואָס דער־וואַקסענע מענטשן קאָנען זיך פאַרנעמען..." אויף מיין פראַגע, צי וועט זי קומען צום מיטינג, האָט זי געענטפערט עפּעס אַזוי, ניט יאָ און ניט ניין. זי האָט בייזלעך און צערייצט אַ שפּאַן געטאָן צו דער קיך און אונדז אפילו צו דער טיר ניט באַגלייט. אַ גאַנצן וועג האָב איך זיך געשפּאַרט מיט דער

חברה פיי. איך האָב געזאָגט, אַז זי וועט יאָ קומען, און פיי, אַז ניט. טאָמער קומט זי, בעט איך אייך, חברות, זי אויפנעמען אַזוי גוט, ווי נאָר מעגלעך. מיר'ן אַלע האָבן אַ גרויסע מצוה!"

## קאַפּיטל פיר

גאָסי גאָדיק האָט געהאַט דריי שוועסטער און צוויי ברידער, איינער דאָנאַלד, ניט פאַרהייראַט. און ער איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט זיך אין איר אַמאָל דערמאָנט. ניט ער, ניט דער אַנדערער ברודער און די שוועסטער האָבן געוואוינט דאָ אין שטאָט.

דער עלטערער ברודער, דזשאָ דער בוטשער, פלעגט אפילו קומען אַהער אין שלאַכט־הויז נאָך פלייש, נאָר געוואויר ווערן צו דער שוועסטער האָט ער קיין צייט ניט געהאַט. איין מאָל האָט זי אים צופעליק אָנגעטראָפן אין גאַס און האָט אים אויסגערעדט זיין קאַלטקייט. ער האָט זי אויסגע־הערט און געשוויגן. ער האָט בלויז אַ בורטשע געטאָן: „סאָרי" און גע־פרעגט: „וואָס מאַכט דיין שלימזל?" זי האָט זיך צעוויינט און האָט אָנגעהויבן אַוועקצוגיין. ער איז איר נאָכגעגאַנגען און איר געשטופּט געלט אין האַנט אַריין. אָבער זי האָט זיך צו דעם ניט צוגערירט. נאָכדעם האָט איר זייער באַנג געטאָן, אָבער עס איז געווען פאַרפאַלן.

אויף מאָרגן האָט איר דער קצב, וואו זי פאַרגינט זיך אַמאָל קויפן אַ שטיקל פלייש, דערציילט אַ חכמה פון דזשאָ'ן. ער האָט געפרעגט איר ברו־דער, צי שרייבט אים אַמאָל די שוועסטער אַ בריוו. האָט ער געענטפערט: „ניין, און עס איז גוט..." ווען דער קצב האָט אים געפרעגט: „וואָס איז דאָ די גוטסקייט?" האָט יענער אַ זאָג געטאָן: „אַז ז י י שרייבן, מיינען זיי געלט..." ער האָט מער ווי איין מאָל איבערדערציילט די חכמה און זייער געשמאַק געלאַכט.

דאָנאַלד איז געווען אַ קאָסטאָמער־פּעדלער, דאָס מיינט, ער פלעגט צושטעלן סחורה אין די היימען פון זיינע קונים, און ער פלעגט אַמאָל אָנ־לייגן עטלעכע מייל און זיך אַריינכאַפּן צו דער שוועסטער מיט סוועטערס פאַר די קינדער, סוועטערס, וואָס עס איז געווען אַ געפאַר אויסצוואוואַשן, ווייל זיי פלעגן זיך אַזוי איינלויפן, אַז מע האָט זיי ניט געקענט דערקענען. ער פלעגט אויך ברענגען זאָקן פאַר דער שוועסטער, אַ שניפּס פאַרן שוואָ־גער און, איבערהויפּט, אַ פולן קאָרב מיט שפּייז.

זיינע וויזיטן זיינען אָבער געווען זעלטענע: איין מאָל, צוויי מאָל אַ יאָר. און פון שרייבן אַ בריוו האָט ער אויך ניט געהאַלטן. אַזוי אַז דער בריוו־טרעגער פלעגט בלויז איין מאָל אין דער וואָך אַריינלייגן צו די גאָדיקס אין בריווקעסטל די לאָקאַלע ענגליש־יידישע צייטונג, דעם „דזשואיש טאַימז".

נאָר אויף אַלץ קומט אַ צייט.

זינט איר מאַמע איז געשטאָרבן, האָט די פּאַרלאָזענע, פאַרגעסענע מיסעס גאָדיק געפילט, האָט זיך עפּעס געענדערט אין איר פינצטער לעבן. פאַרוואָס דאָס האָט געדאַרפט געשען נאָך איר מוטערס טויט, און ניט פריער, האָט זי ניט פאַרשטאַנען. און אפשר איז גאָר קיין ענדערונג ניט פאָרגעקומען? מעגלעך, אַז דאָס איז בלויז געווען אַזאַ דאַכטעניש? אפשר איז איר געדאַנק וועגן דער ענדערונג געקומען פון דער שטאַרקער צערו־דערונג, אָדער ווי זי האָט עס גערופן „שאָק?"

אָבער אין איר לעבן האָט זיך פאָרט עפּעס אַ ריר געטאָן:

אָט האָט דער רב זי באַמערקט. די זעלביקע וואָך זיינען אַריינגעקומען יענע צוויי פרויען, ווי זיי האָבן זיך גערופן „פיאָנערן", און דאָס האָט איר, ווי אַן אַמעריקאַנערין, דערמאָנט די שיף „מייפלאַוער". נעכטן איז דאָ גע־ווען דאָנאַלד און זי און דער מאַן און די קינדער האָבן געהאַט „אַ גוד טיים" און די בעסטע זאַך איז, וואָס דזשאָ אַרבעט שוין דעם דריטן טאָג, און דזשעיק לערנט שוין די ברכות פון דער תורה.

אַזוי האָט מיסעס גאָדיק געטראַכט גייענדיק פונעם בוטשער אַהיים.

עס איז געווען אַ שעה פאַר מיטאָג. די קינדער זיינען איצט געווען אין סקול. דער מאַן — ביי דער אַרבעט.

דער הימל איבער איר איז געווען אומגעוויינלעך לויטער, אָבער קאַלט. די האַרבסטיקע זון האָט געבלענדט, נאָר ניט געוואַרעמט. איר איז אויסגע־קומען דורכצוגיין דאָס נאַשעריי־געשעפט. דער אייגנטימער, מיסטער בראַנפמאַן, מיטן וויסן רעקל און מיט די צוגעפּאַרבטע האָר, האָט זיך ניט געגריסט מיט איר. עס האָט אויך אויסגעמיטן איר בליק דער גראָסערי־מאַן און דער גרינס־סטאָר־מאַן, וועלכער האָט אויך פאַרקויפט פיש.

נאָר איינער האָט זי פריינדלעך געגריסט. דאָס איז געווען דער שוס־טער, אַן אַמעריקאַנער שוסטער, וועלכער האָט נאָך אויף זיין לעבן קיין נייע פּאָר שיך ניט אויפגענייט, נאָר צורעכט געמאַכט געניצטע. און כאָטש די מיסעס גאָדיק איז אים געווען שולדיק עטלעכע דאָלער, איז די סומע געווען אַ קליינע, און דערווייל האָט ער געהאַט פינף פּאָר שיך צו פאַרריכטן. די אַנדערע ברוגזע געשעפטלייט איז זי געווען שולדיק צענדליקער דאָלאַרן, און ניט נאָר זיי — זי אַליין האָט שוין אָנגעוואוירן די האָפענונג צוריק־צוצאָלן די חובות.

די זון האָט זיך געהויבן העכער אין הימל, און דערפון האָט זיך גע־דאַכט, אַז זי וואַקסט, אַז ניט נאָר איר ליכט ווערט גרעסער און שטאַרקער, נאָר אויך די וואַרעמקייט.

פון דער ברייטער דזשאַנסאָן עוועניו האָט זי זיך אַריינגעשטעלט אויף „איר" אָאַק טערעס. אויך דאָס שמאָל געסל איז אינגאַנצן געווען פאַרגאָסן מיט זונליכט. פאַר איר וואוינונג האָט זי היינט ניט געזען דעם מאַנס רויטן

אָפּגעקראָכענעם טראַק. אויפן טראָטואַר האָבן זיך געשפּילט די צוויי קליינע פּיליפּינער קינדער. ביי פּאָלאַ, דער שוואַרצער, האָט די ראַדיאָ אַזוי הויך געשפּילט, אַז מען האָט געקאָנט הערן אַהערצו. ווייטער מיט עטלעכע היי־זער איז אָנגעקומען דער בריווטרעגער. היינט איז ניט געווען פּרייטיק, ווען ער ברענגט איר די „דזשואיש טאַימז", וואָס ווערט אַלעמען געשיקט פריי, און זי האָט שוין געוואוסט, אַז ער וועט אויסמיידן איר הויז.

זי איז אַריין אין קיך און זיך גענומען גרייטן מאַכן עסן פאַר די קינ־דער.

באַלד האָט זי דערהערט טריט אויפן סטופּל, פאַרן הויז. זי האָט זיך גלייך דערמאָנט אָן די געדאַנקען, וואָס האָבן זי באַהערשט אין גאַס, ווען דער ענדערונג אין איר לעבן און זי האָט בייז אַ טראַכט געטאָן: „ווער איז דאָס שוין ווידער ?...

זי איז געווען בייז און צעשראָקן. זי האָט געפילט אַן ענדערונג און מורא געהאַט פאַר איר. קיין גליקן האָט זי ניט דערוואַרט. איז צו וואָס ?... זי האָט זיך איינגעהערט אין די טריט און געקלערט : ראַבּי שלאָמאָוויץ, פּיאָנערן, מייפלאוער... די טריט זיינען שטיל געוואָרן. זי האָט ניט געהערט, מע זאָל אַראָפּגיין די עטלעכע טרעפּ. מען האָט זיך גאָר געפּאָ־רעט ביים בריווקעסטל... ביים בריווקעסטל ?! איצט האָט זי זיך אויף אַן אמת דערשראָקן. עפּעס איז אוודאי געשען מיט אַ שוועסטער, צי מיט אַ ברודער...

זי איז דורכגעלאָפן די דריי טונקעלע צימערן, וואָס זיינען געווען אויס־געלייגט אין דער לענג, — אַזאַ וואוינונג האָט מען גערופן „רעילראָאַד רומס" — און דערזען, ווי דער בריווטרעגער האָט מיט זיך אַ ברייטן קאָנ־ווערט און לייגט אַריין אין דער שמאָלער עפענונג פונעם קעסטל, און — סע גייט ניט.

דער אַלטער בריווטרעגער מיטן ניט־געגאָלטן פּנים דרייט אומצופרידן מיטן קאָפּ. ער נעמט אַרויס זיין פייפל פון דער קעשענע און פייפט, ער רופט זי, הייסט עס.

גאָסי האָט זיך געכאַפּט „ביים האַרצן" און אַן עפן געטאָן די טיר.

גוד מאָרנינג — האָט ער זיך געגריסט און איר איבערגעגעבן אַ היפּשן קאָנווערט. זי האָט אים באַדאַנקט, איז אַריין אין פראָנט־רום, זיך אַראָפּגעלאָזט אינעם צעטויטשעטן דיוואַן און אויפגעריסן דעם קאָנווערט. בשעת זי האָט אים געהאַלטן אין עפענען, האָט זי געפילט, אַז אינעווייניק איז ניט קיין בריוו... זאָל עס זיין אַ בילד ? פון וועמען ? צו וואָס פאַר אַ געלעגנהייט ? יאָ, דאָרט איז ווירקלעך געווען אַ בילד, אָבער אַזאַ, וואָס זי האָט ניט דערוואַרט און וואָס זי איז געווען זיכער, אַז זי האָט עס ניט פאַרדינט.

זי האָט זיך איינגעקוקט אין דעם. עס איז געווען עטוואָס גרעסער

פון אַ בלאַט אין אַ בוך. דער אייבערשטער ברעג פונעם בילד איז געווען בלוי, מיט דער בלויקייט פון אַ לויטערן הימל. די בלויקייט איז געווען איבערגעריסן פון אַ ווייסער, געבויגענער ליניע. אין איר זיינען געווען געדרוקט הייליקע יידישע ווערטער, וואָס זי האָט ניט געקאָט לייענען. דערפאַר האָט זי איבערגעהיפּט די אַנדערע טיילן פונעם בילד און אַ קוק געטאָן אַרונטער, וואו עס האָבן היימיש זיך אויסגעשטעלט אין דריי שורהלעך איר מאַמעס ערשטער און צווייטער נאָמען, עליה השלום, אויף דער צווייטער קורצער שורהלע און אויף דער דריטער, די דאַטע פון איר שטאַרבן און זי זאָל געדענקט ווערן אויף אייביק. לעבן די דריי שורהלעך איז געווען אָנגעמאָלן אַ ברוינער אָוואַל, אַרומגעכאַפּט מיט צוויי זאַנגען. אינעם אָוואַל זיינען געווען צוויי ווערטער איבער אַ ווייסן פּירעק מיטן נומער איינס. אונטערן נומער איז געווען דאָס ענגלישע וואָרט „בוימער״ און איבערן פּירעק, ווידער יענע געהיימע הייליקע אותיות, וואָס האָבן, ווי עס ווייזט אויס, אויך געמיינט דאָס זעלביקע.

איבער דעם איז אין אַ געבויגענער ליניע געווען אָפּגעדרוקט: „פּיאָניר ווימענס פאַרעסט אין איזראַעל״, און פון דער אַנדערער זייט פון אָוואַל, אַרומגעכאַפּט מיט די צוויי זאַנגען איז געווען פאַרצייכנט: געפלאַנצט פון די פּיאָנערן־פרויען, „בנות העבריעטאַ סזאַלד״.

ווייטער זיינען דאָ געווען נאָך דריי יידישע אותיות און אַקעגן זיי, ביים אַנדערן ברעג, דריי ענגלישע אותיות דזשעי ען עף, וואָס זי האָט אויך ניט פאַרשטאַנען, אָבער דאָס ניט פאַרשטיין האָט איר אָט די פלוצעמדיקע פרייד און די גרויסע איבעררעשונג ניט פאַרשטערט. זי האָט פאַרשטאַנען, ווער עס האָט איר דאָס שיינע הייליקע בילד געשיקט און זי האָט זיך איינגעקוקט און איינגעקוקט אין דעם... זי האָט געזען זאַמדיקן באָדן מיט ביימער, ברוינע שטאַמען און ליכטיק־גרינע צווייגן. בלוילעך־ווייסלעכע בערג אין דער ווייטן און, צופוסנס זיי, גרינע לאַנקעס און וועלדער.

זי האָט נאָכגעקוקט יעדן שטריכעלע אויפן בילד, ווי זי וואָלט עס געמאָלן און איר וואָלט געווען ליב יעדער קלייניקייט. זי האָט געקוקט אויף די צווייגן, אויף די שטאַמען און דער העלער גרינקייט איבער זיי. זי האָט געוואוסט, אַז יידן האָבן צוריק זייער לאַנד, וואָס האָט אַמאָל געהייסן פּאַלעסטינע, אָבער זי האָט קיינמאָל דערפון ניט געטראַכט. עס איז געווען אַ ווייטער נאָמען פון אַ ווייט לאַנד, וואָס האָט מיט דער ווירקלעכקייט קיין שייכות ניט געהאַט, און דאָס שיינע בילדעלע דאָ, פאַר אירע אויגן איז עפּעס אויך געווען ווי אַן אָפּשפּיגלונג פון יענעם ניט־ווירקלעכן לאַנד.

און דאָך איז עס געווען אמת, אמת... זי האָט זיך דערמאָנט אַן ענאַ זיידמאַנס רייד: אָרעמע, קראַנקע, אלמנות, יתומים, היימלאָזע...

זי האָט צוגעדריקט דאָס בילד צו דער ברוסט און געקלערט: „וואו הענגט מען עס אויף?״ ווען זי וואָלט געהאַט אַ בילד פון דער מאַמען,

אַ שיין גרויס בילד אין אַ ראַם, וואָלט זי דאָס דאָזיקע בילד אויפגעהאַנגען „לעבן דער מאַמען“. אָבער... זי האָט זיך דערמאָנט, אַז ערגעץ דאַרף זיין אַ „סנעפשאָט“ פון דער מאַמען... ערגעץ אין אַ שופלאָד... זי האָט לאַנג געזוכט און ניט געפונען.

די קינדער זיינען געקומען פון סקול. זי האָט זיי געגעבן עסן און פונעם בילד זיי ניט דערציילט, ערשט ווען זיי זיינען אַוועק צוריק לערנען, האָט זי זיך גענומען „איבערקערן די שטוב“. עס האָט איר לאַנג גענומען, אָבער זי האָט דאָך געפונען דאָס בילד פון דער מאַמען, אַנגעשפּאַרט אין דער הרויסבדיקער וואַנט, אין הויף, דאָרט האָט דאַנאַלד פאַרצווייפלט אַראָפּגעכאַפּט די מאַמע, ווען ער איז דאָ דורכגעפאָרן. די מאַמע האָט אַראָפּגעקוקט פונעם בילד מיט אַ שטילן, פאַרשעמטן בליק און מיט אַ ברייטלעך מויל, וואָס וויל שמייכלען און קאָן ניט. די האָר שטייף פאַר־קעמט אַרויף. דעם קאָפּ אַ קליין ביסל אָנגעלענט צום רעכטן אַקסל. עס איז אויך יענעם טאָג, ווען דאָס בילד איז גענומען געוואָרן, געווען קאַלט. די מאַמע, עליה השלום, האָט געטראָגן דעם סוועטער, וואָס דאַנאַלד האָט איר געבראַכט. יענער סוועטער איז טאַקע פאַרבליבן נאָך איר.

מיסעס גאָדיק האָט געקוקט דאָ אויף דער מאַמעס קליין בילדעלע, דאָ אויפן גרעסערן נייעם בילד פונעם יידישן לאַנד, מיט פעלד און וואַלד, און בערג. זי איז געגאַנגען פון איין צימער אין צווייטן און זיך אומגעקערט צוריק אין פראָנט־רום. און איבער דעם אַלטן צעטויטשטן דיוואַן, פונקט אין דער מיט, האָט זי מיט „סקאָטשטעיפּ“ צוגעפּעסטיקט דאָס צוגעשיקטע בילד פון די פּיאָנערן־פּרויען און איבער דעם — די קליינע פאָטאָגראַפיע פון דער פאַרשטאָרבענער מוטער.

## קאַפּיטל פינף

דער זאַל, וואו די פּיאָנערן־פרויען האָבן זיך פאַרזאַמלט, האָט געדינט די אינטערעסן פון נאָך יידישע אָרגאַניזאַציעס און גרופּן. אין פאַרלויף פון די ימים־נוראים איז דער מיטינג־זאַל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שוהל. וואַנדערנדיקע יידישע טעאַטער־טרופּן האָבן דאָרט דורכגעפירט שפּילן פונעם ביליקערן מין. פון צייט־צו־צייט האָט די יידישע אַרבעטער־אינטע־ליגענץ אַראָפּגעבראַכט אַהער אַ שרייבער, אַ דעקלאַמאַטאָר, אָדער אַן אַקטיאָר פונעם בעסערן סאָרט. אין דער צייט, ווען עס איז אָנגעגאַנגען דער קאַמף צווישן רעכטע און לינקע אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועג־גונג, האָבן די ווענט פונעם זאַל געהערט ניט נאָר הייליקע יידישע תּפילות, יידיש פאָלקס־געזאַנג, לעקציעס און דעקלאַמאַציעס, נאָר אויך לעסטערנ־דיקע דרשות.

און חוץ די אַלע אויסגערעכנטע און ניט־אויסגערעכנטע געזעלשאַפט־לעכע טעטיקייטן, זיינען אין דעם זעלביקן זאַל אויך געפּראַוועט געוואָרן

בר־מצוהס, חתונות, ניי־יאָר פייערונגען יעדן 31־סטן דעצעמבער, חתונה־יובילייען און געבורטסטאָג־שמחות, און סתם שמחות און שמחהלעך, צוליב פאַרשיידענע געלעגנהייטן, יחידישע און קהלשע. דאָס רוב אונטערנעמונגען זיינען געמאַכט געוואָרן „מיט אַ הייליקן צוועק". צו „שאַפן" מיטלען, צו ברענגען הילף.

יעדע אָרגאַניזאַציע און יעדע גרופּע איז געווען זיכער, אַז א י ר אַר־בעט איז די נוצלעכסטע און די וויכטיקסטע. דעריבער האָט יעדער געאַר־בעט פאַר זיך און אָפט געשטערט יענעם. אָבער עס איז אויך אויסגעקומען אַזוי, אַז דער זעלביקער מענטש האָט באַלאַנגט סיי צו זיין גרופּע, סיי אויך צו דער „קעגנערישער" און ער — אָדער זי — האָט „געשאַפן" פאַר צוויי און אַמאָל אפילו פאַר דריי אָרגאַניזאַציעס אין דער זעלבער צייט.

כדי אַריינצוברענגען אַ געוויסן טאָלק אין די יידישע אונטערנעמונגען, אַז מע זאָל וואָס ווינציקער שטערן איינער דעם אַנדערן, האָט „דזשואיש טאַימז" איינגעפירט אַ „קאַלענדאַר" מיט די אונטערנעמונגען פון שטאָט, און דער דאָזיקער קאַלענדאַר איז געווען די מערסט־געלייענטע „פּיטשור" ניט נאָר פונעם „לעדזשער", נאָר אויך פון אַלע ענגלישע און יידישע צייטונגען צוזאַמענגענומען.

למען האמת דאַרף איך זאָגן, אַז די יידישע אָרגאַניזאַציעס פלעגן אַראָפּ־ברענגען „טאַלאַנטן" פון צענטער נאָר דערפאַר, וואָס היימישע טאַלאַנטן ווערן דאָ ניט אָנערקענט. כמעט אין יעדער גרופּע האָט איר געקענט גע־פינען ניט נאָר פאָרלייענער און רעדנער, נאָר אפילו פּראָפעסאָר, וואָס זיי־נען, לויט זייער אייגענער מיינונג און לויט דער מיינונג פון זייערע אָנהענ־גער, פאַרלוירן געגאַנגען אין דער פּראָווינץ.

אויך די פּיאָנערן־פרויען, אויפן נאָמען פון הענריעטאַ סזאָלד, זיינען ניט געווען פונעם געוויינלעכן מין. זייער צאָל האָט דערגרייכט צוויי און פער־ציק. צו מיטינגען פלעגן קומען צוואַנציק און אַמאָל דרייסיק מיטגלידערינס. פון דער צאָל זיינען געווען גאַנצע צוועלף טאַלאַנטן, אויף פאַרשיידענע גע־ביטן פון קונסט. אויך זיי זיינען אין דער שטיל פון די אייגענע חברות ניט אָנערקענט געוואָרן, אָבער זיי זיינען געווען אַקטיוו און אַריינגעבראַכט אַזוי פיל „גוטע רעזולטאַטן". אַז אינאיינעם מיט לויב פאַר דערגרייכונגען אויפן געביט פון זאַמלען, האָט מען זיי שוין אויך געלויבט פאַר זינגען, טאַנצן, קלעפּן, פאַרלייענען און שרייבן פּאָעזיע.

עס דאַרף אויך פאַרצייכנט ווערן, אַז די מערסטע פּיאָנערן־פרויען זיי־נען אויך געווען מיטגלידערינס פון אַנדערע יידישע קערפּערשאַפטן און אויך דאָרטן האָבן זיי „געשאַפן" מיטלען צו העלפן בויטבאַדערפטיקע. די געשיכטע איז פול מיט לעגענדעס פון גבורים. דער מחבר פון דער דער־ציילונג שטייט אין שטומער באַוואונדערונג פאַר די יידישע פאָלקסמענטשן — און אין דעם פאַל, פאַר די פּיאָנערן־פרויען — פאַר זייער אויסדויער

און פאַר זייער גבורה און ער איז זיכער, אַז זיי וועלן פון דיכטער באַזונגען ווערן. און אויב אָט די דערציילונג וועט אין דעם פּרט באַהילפיק זיין, וועט מיין באַשיידענער צושטייער זיין נאָך אַ דימענט אין דער קרוין, וואָס וועט אַרויפגעטאָן ווערן אויף זייערע קעפּ.

דער אויטאָר לייגט צו זיין אויער צו אַ וואַנט פון מאָנטגאָמערי־האָל אויף דיוויזשאָן סטירט, דאָרט וואו די פּיאָנערקעס האַלטן אָפּ זייערע מי־טינגען, און אים דאַכט זיך, אַז ער הערט אַ שטיל און מעכטיק ברומען פון אַן אַלט און אייביק פאָלק, אַ דורותדיק געזאַנג, וואָס איז בלויז אַן אַקאָרד פון דורות פריער און וויטער, אַריבער ימים און קאָנטינענטן. און די אַלטע און די נייע אומבאַשרייבלעכע און אומפאַרגלייכלעכע סימפאָניע איז אין אַלע אירע שאַטירונגען און אין אַלע אירע טענער און בייטענער, דורכגענומען מיטן אייביקן ענטפער אויף גאָטס רוף: „הנני״ איך בין אָנגעברייט צו טאָן דיין ווילן. און דיין ווילן איז גוטס טאָן.

און אָט אין דעם זאַל האָט מען גערופן גאָסי גאָדיק, אַז אויך זי זאָל טאָן, וואָס זי קאָן צו העלפן נויטבאַדערפטיקע.

דריי טעג נאָכדעם, ווי זי האָט דערהאַלטן דאָס שיינע בילד, מיט אַן אָנווייזונג, אַז די פּיאָנערן האָבן פאַרפלאַנצט אַ בוים אויף איר פאַרשטאָר־בענער מוטערס נאָמען, האָט זי דערהאַלטן אַ קאַרטל מיט אַן איינלאַדונג צו אַ מיטינג. די דאַטע האָט געוויזן שפּעטער מיט פינף טעג. דאָס ערשטע האָט גאָסי אַ קלער געטאָן: „געלט!״ וואו נעמט מען געלט?

אין אָוונט האָט זי זיך געווענדט צום מאַן נאָך צוויי דאָלער. ער האָט שוין געהאַט געזען די „פּאַלעסטינער פּיקטשור״ ווי ער האָט דאָס בילד איבערן קאָוטש גערופן און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז עס האָט אַ שייכות מיט איר איצטיקער בקשה.

דאָס ערשטע האָט ער זי אָפּגעגאָסן מיט אַ שטראָם זידלערייען און ערשט נאָכדעם האָט ער איר געזאָגט, אַז ער וועט זי ניט לאָזן גיין צו יענע „גוד פאַר נאַטינגס״, וואָס נאַרן אויס געלט ביי נאַראָנים, אַזעלכע ווי זי, גאָסי, איז. ער איז ניט זי... און אים וועט מען ניט נאַרן... זיי ווילן געלט, זאָלן זיי גיין אַרבעטן, זאָלן זיי!

זי איז אים ניט געבליבן שולדיק קיין ענטפער און אין זיך האָט זי טאַקע דערפילט, אַז אפשר איז איר מאַן גערעכט... אָבער דאָס שיינע הייליקע בילד פונעם הייליקן לאַנד, מיט דער פאַרשטאָרבענער מאַמעס פאָטאָגראַפיע איבער דעם, האָבן איר עפּעס ווי צוגעזאָגט און זי האָט אָפּגע־שלאָגן דעם מאַנס טענה:

— זיי זאָלן זיין ווי דו זאָגסט, וואָלטן זיי **דאָס** ניט געטאָן פאַר מיר.

ער האָט געלאַכט און איר פאַרשפּראָכן:

— ס'עט דיך קאָסטן טייער...

— איי דאָנט קעיר! — האָט זי אויסגערופן — קיינער קאָן מיך ניט צווינגען. איך וועל זיין דאָרט, ווען איך זען.

— איי דאָנט קעיר! — האָט ער איר אין טאָן אָפּגעענטפערט — אַבי זאָלסט ביי מיר קיין געלט ניט בעטן פאַר זיי...

ער האָט שוין געהאַט געאַרבעט צוביסלעך און ער איז געווען גרויס ביי זיך. זי האָט זיך געגרייט צום מיטינג, און ווען דער אָוונט איז געקומען, איז זי אַוועק אויף דיוויזשאַן סטריט. געקומען איז זי צו דער ריכטיקער מינוט, ווי אין קאַרטל איז געווען געשריבן: 8.30.

דער מאָנטגאָמערי־זאַל איז געווען העל באַלויכטן. זי האָט ניט דרייסט געעפנט די טיר, דורכגעגאַנגען דעם קליינעם, שמאָלן קאָרידאָר און געעפנט די טיר אין זאַל אַריין.

זי איז געבליבן שטיין געפּלעפּט. דער זאַל איז געווען ליידיק. די טישן געגרייט, פאַרשפּרייט מיט ווייס־פּאַפּירענע טישטעכער. קאַפּי־טעפּעלעך זיינען געשטאַנען אין שאַלן, און לעבן יעדן טעפּעלע איז געלעגן אַ פּאַפּירענע סערוועטקע, אַ לעפעלע און אַ מעסער.

זי איז געשטאַנען אַ ווײַלע און זיך אַרומגעקוקט.

— האַלאָ! — האָט זי ניט זיכער אויסגערופן. קיינער האָט איר ניט געענטפערט.

איר איז איבערגעגאַנגען אַ געדאַנק, אַז אפשר איז זי ניט אין דעם ריכטיקן אָרט. „דזשי וויז!" האָט זי שטיל אויסגערופן און זי געלאָזט גיין צוריק, צו דער טיר. זי האָט זי געעפנט און צוריק אַריין אין קאָרידאָר. און ערשט דאָרט האָט זי צו איר דערטראָגן די שטימע, וואָס זי האָט באַלד דערקענט, מיסעס זיידמאַנס קול.

ערשט האָט גאָסי באַמערקט, אַז אַן אַנדער טיר פירט ערגעץ אין אַן אַנדער צימער.

אפשר איז דאָרט דער מיטינג? זי האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. אַ וואוקסיקע פרוי האָט איר געעפנט און זי געפרעגט, וואָס זי פאַרלאַנגט. אָבער נאָך איידער גאָסי האָט געהאַט צייט צו ענטפערן, האָט זיך באַוויזן די מיסעס זיידמאַן.

פון יענעם מאָמענט אָן איז אַלץ אַוועק אַנדערש, ווי זי האָט זיך פאָרגעשטעלט. זי האָט געוואוסט, אַז מען וועט זי באַקוקן און אַרומקוקן פון אַלע זייטן. אָבער די באַקוקעניש האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן, ניט פון יענע, וואָס האָבן זי ניט געקענט, ניט אויך פון די צוויי, וועמען זי פלעגט באַגעגענען ביים קצב.

מיסעס זיידמאַן האָט זי געהאַלטן לעבן זיך. און אַזוי ווי יענע איז געזעסן אויבן אָן, איז שוין ממילא אויסגעקומען, אַז זי, די אָרעמסטע און די פאַרזעעצנסטע האָט פאַרנומען אַ בכבודיק אָרט.

דער מיטינג איז געפירט געוואָרן אין צוויי שפּראַכן, אין ענגליש און

אין יידיש. פרויען האָבן איינגעצאָלט זייערע מיטגליד־שטייערן און אַרייג־געבראַכט געזאַמלטעביישטייערונגען. גרויסע איינצאָלונגען זיינען ראַשיק אַפּלאָדירט געוואָרן, קלענערע סומען געלט זיינען דורך אונבאַמערקט.

„און איך האָב דאָך גאָרניט! און איך האָב דאָך גאָרניט! האָט עס אין גאַסין געשריען. „וואָס טו איך דאָ? אויף וואָס דאַרף מען מיך דאָ?"

אָבער די גוטע מיסעס זיידמאַן, ווי זי וואָלט זיך צוגעהערט צו אירע שטומע פראַגן, האָט „גענומען אַ וואָרט". זי האָט געזאָגט:

— טייערע חברות! יעדע פּעני איז אונדז אַזוי ליב ווי אַ דאָלער, און אפשר נאָך מער אָנגעלייגט: ווייל עס קאָן אַמאָל זיין, אַז די פּעני איז שווערער צו געבן, ווי דעם דאָלער. איי, מע אַפּלאָדירט די גרעסערע ביי־שטייערער... נו, אַזוי זיינען מיר שוין. אַזוי איז אומעטום, אַזוי איז אויך ביי אונדז. מיר האָבן דריי קאַטעגאָריעס. גרויסע געבער, קליינע געבער און בלויז מאַנער. דאָס מיינט, חברות וואָס קאָנען אַליין ניט געבן און זיי מאַכן דאָס אַנדערע צו טאָן. זיי ווערן באַשטימט אין קאָמיטעטן און זיי מאָנען אין ביי רייכערע, ביי אַזעלכע, וואָס וואָלטן קיינמאָל ניט געגעבן. און יענער קאַטעגאָריע חברות קומט דער גרעסטער קרעדיט דערפאַר, וואָס זיי האָבן ניט דאָס גרויסע פאַרגעניגן אַליין, פון זייער אייגן געלט, בייצו־שטייערן. נישטאָ, טייערע חברות, קיין גרעסער און שענער פאַרגעניגן, ווי צו געבן.

די חברה זיידמאַן האָט זיך ערשט פאַרנומען ריידן. זי האָט דערביי דערציילט וועגן די אַכט מדרגות פון צדקה. זי האָט ניט דערמאָנט גאָסיס נאָמען, אָבער די ניי־געקומענע און אַלע אָנוועזנדע האָבן געוואוסט, צוליב וואָס די גאַנצע דרשה ווערט געהאַלטן. אַלע האָבן נאָך געדענקט דעם באַריכט, וואָס די רעדנערין האָט אָפּגעגעבן ביים פאַריקן מיטינג.

„... און — האָט זיידמאַן פאַרענדיקט — מיר זיינען אַלע גלייכע מיוחסים, מחמת מיר טוען אַלע איין גרויסע, הייליקע אַרבעט. ניט גלייך זיינען בלויז יענע, וואָס טוען ניט".

די רעדע איז אַפּלאָדירט געוואָרן. מען האָט באַלד אַריינגעבראַכט קאַפּי און פּרוכט. אַלע האָבן זיך מיט איין מאָל דערפילט ווי באַפרייט און דאָס ערשטע האָט מען געלאָזט איין גאַנג דאָס ריידן. עס האָט זיך געדאַכט, אַז די מענטשן האָבן נאָר געוואַרט אויף דער געלעגנהייט, חברה זיידמאַן זאָל אויפ־הערן, דאַמאָלט וועלן זיי אַלע אָנהייבן... און ווען זיי האָבן אָנגעהויבן, האָבן זיי זיך שוין ניט געקאָנט אָפּשטעלן.

דאָך איז די שטימונג געוואָרן אַ גוטע און אַ פרייע. אפילו גאָסי האָט זיך דערפילט בעסער. וואָס זי דאַרף טאָן, האָט זי ניט געוואוסט. פרעגן איר שכנה, האָט זי זיך געשעמט. איז זי געזעסן געטרונקען איר קאַפּי, שוין געהאַט אויפגעגעסן צוויי שטיקער קעיק און הונגעריק פאַרקוקט צום איבעריקן אין דעם גרויסן טעלער.

אין זאַל איז געווען רוישיק. ניט נאָר האָט מען גערעדט, אַלע מיט אײן מאָל, נאָר אײנע האָט פאַרצויגן אַ ניגון, און אַ גרופּע האָט אונטערגעכאַפּט. זײדמאַן איז צוגעקומען צום הויפּט טיש און מיט אַ לעפעלע אָנגעקלאַפּט. עס איז איר אָנגעקומען שווער, אָבער ענדלעך האָט זיך דער עולם אײנגעשטילט און די רעדנערין האָט געזאָגט:

„הײנט, חברות, האָבן מיר געענדערט אונדזער פּראָגראַם. געוויינלעך שטעלן מיר פאָר אַ נײע חברה ביים אָנהייב פונעם מיטינג, הײנט טו איך עס ביים סוף פון דער פּראָגראַם, איך טו עס דערפאַר, אַז די נײע חברה זאָל האָבן צייט זיך אַרומצוקוקן. די נײע חברה הייסט מיסעס גאָסי גאָדיק און איך און די חברה פּיי בראַוועמאַן האָבן זי ווערבירט."

חברה זײדמאַן האָט געדריקט גאָסיס האַנט און אַלע האָבן אַפּלאָדירט. גאָסי איז געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, זיך אײנגעהערט אין די רייד וועגן איר. זי האָט זיך ניט געדאַרפט שעמען, לויט זײדמאַנס רייד, און דאָך האָט זי זיך געשעמט און זיך אפילו געפילט איבעריק, ווייל זי האָט שוין געזען, אַז זי וועט דאָ ניט זיין ניט נאָר פון די קלײנע געבעריגס, נאָר אַפילו ניט פון די קלענסטע, אַז זי וועט זיין אַ מאָנערין ביי יענעם... זי האָט זיך דערמאָנט אָן איר מאַנס וואָרנונג און זי האָט געטראַכט: „מער וועט איר מיך דאָ ניט אָנקוקן!"

עס זײנען צוגעקומען צו איר פרויען און איר געדריקט די האַנט און צוגעווינטשעוועט. זי האָט ברוגזלעך געענטפערט אָדער פאַרשוויגן און שוין געוואַרט, אַז עס זאָל זיך ענדיקן. און ווען דער מאָמענט איז געקומען און די חברה בראַוועמאַן האָט זי געוואָלט מיטנעמען אין איר קאַר, האָט זי זיך אָפּגעזאָגט און אײנע אַליין אַוועק אַהיים.

## קאַפּיטל זעקס

די טירן אין בראַוועמאַנס קאַר זײנען געשטאַנען אָפענע. דערפון איז זי אויטאָמאַטיש געווען באַלויכטן אינעווייניק. פרויען האָבן זיך געהאַלטן אין אײנזעצן. זיי האָבן גאָסין געוואונטשן אַ גוטע נאַכט און זי גערופן אין קאַר. זי האָט זיך נאָך אײן מאָל אומגעקוקט, געזען דאָס טײערע, ווייכע גע־בעטעכטס אינעווייניק, אין דער קאַר און דעם שטילן, נגידישן גלאַנץ, אַקעגן דעם גאַסן־לאָמפּ, פון דרויסן און זי האָט געטראַכט, אַז זיי זײנען איר פרעמד און אין זײערע פרײנדלעכע אויסרופן און אין דעם ווינטשעווען איר אַ גוטע נאַכט, האָט זי געהערט אַן אָפּנאַרעריי. ווי גוט און ווי שיין די מיסעס זײדמאַן האָט ניט פאַרענטפערט די רוישיקע אַפּלאָדיסמענטן פאַר די גרויסע ביישטײערונגען און ווי וואויל זי האָט ניט געלויבט די קלײנע מנדבות, האָט גאָסי אויך אין דעם געזען אַ פאַלשקייט... און אין דער אײנלאַדונג צום מיטינג האָט זי אויך מיט חשד דערפילט, ווי מע וואָלט זי אַרײנגענאַרט אין זאַק טרײַן.

זי האָט האַסטיק געשפּאַנט מיטן ברייטן טראָטואַר. די אויסגעריבענע אָפּצאַסן פון די אַלטע שיך האָבן איר געדרייט די פיס. דער ניט־געשטילטער הונגער האָט זי געמאַטערט. זי איז אַרויף אויף דער הויפּטגאַס. דער אויטאָ־פּאַרקער האָט זיך עטוואָס איינגעשטילט, אָבער די לאָמפּן אין גאַס און די גרויסע עלעקטרישע ליכטער אין די שוי־פענצטער האָבן — כאָטש עס איז שוין געווען שפּעט, — געברענט מיט דער ערשטער פרישקייט פונעם אָנ־קומענדיקן אָוונט. די פאַרביקע, טאַנצנדיקע לעמפּעלעך איבער דער מואווי האָבן זיך געדרייט אין אַ ווילדן קאַראַהאָד און פון דער אָפענער טיר האָט זיך אַהער געטראָגן דער שאַרפער און נודנער גערויך פון געפּראַזשעטן פּאָפּ־קאָרן.

אויף אָאָק טערעס איז נאָך מיסטער בראַנפמאַנס נאַשעריי־געשעפט געווען אָפן. אַ יונג פּאָרעלע האָבן דורך צוויי לאַנגע שטרוי געזופּט אַן אייז־קרים סאָדע פון איין הויכער גלאָז. דער גראָסערי־מאַן האָט שוין געהאַלטן אין צושליסן דאָס געשעפט. פּאָלאָס ראַדיאָ האָט מער ניט געשפּילט. דער גרויסער גאַסן־לאָמפּ האָט אַזוי העל געלויכטן אַקעגן דעם פענצטער פון איר וואוינונג, אַז עס האָט זיך געדאַכט אין הויז איז ליכטיק.

דער מאַן און די קינדער זיינען שוין געשלאָפן, און די היימישע לופט האָט איר איצט, נאָכן מיטינג אינעם ליכטיקן זאַל און נאָכן שפּאַציר אויף דער פרישער, קילער לופט, געשמעקט פרעמדלעך און ניט אָנגענעם.

דער מאַן האָט געשנאָרכעט און איר האָט זיך געדאַכט, אַז פונעם שלאָף זידלט ער זי, וואָס זי האָט זיך געלאָזט אַריינגאַרן אין זאַק. זי האָט אים אין די געדאַנקען געגעבן רעכט און צוגעזאָגט זיך און אים, אַז — „מער ניט!״ . . .

נאָר ווען זי האָט אויף מאָרגן אַרויסבאַגלייט דעם מאַן צו דער אַרבעט און די קינדער אין סקול און זי האָט איבערן קאָוטש באַמערקט דאָס צוגע־שיקטע בילד פון די פּיאָנערקעס און דער מאַמעס בילד איבער דעם, האָט זי איבערגעקלערט אירע נעכטיקע מחשבות און וועגן איר נעכטיקן באַשלוס מער ניט צו גיין צו יענע פרויען. די הייליקע, אונפאַרשטענדלעכע אותיות האָבן צו איר פריינדלעך געקוקט פון דער ליכטיקער קאַרטע אַראָפּ און דער מאַמעס שמייכל האָט איר עפּעס געזאָגט און ניט דערזאָגט. געשטאָרבן איז זי אין מושב זקנים, אַ פאַרגעסענע פון דער גאַנצער וועלט און פון די אייגענע קינדער און קינדס־קינדער. זי האָט קיינמאָל אין ערגעץ ניט באַלאַנגט און קיינער האָט איר קיין כבוד ניט פאַרשאַפט. זי האָט געהאַט דער טאָכטערס מזל: איר גאַנץ לעבן האָט זי זיך געראַנגלט מיט הונגער, נויט און שלאַפקייטן. דעם איינציקן כבוד, וואָס זי האָט ניט דערלעבט, האָט איר צוגעטיילט די מיסעס זיידמאַן און אירע פרויען . . .

דאָס אויבערשטע שטיקל סקאָטש־טעיפּ, וואָס האָט צוגעהאַלטן דער מאַמעס בילד, האָט אָנגעהויבן אָפּצושטיין. גאָסי האָט עס מיטן פינגער גוט צוגעפּרעסט. דאָס הייליקע בילד, אונטער דעם האָט געשיינט מיט אַ ווייט

פאַרבאָרגן ליכט, ווי אַ זון וואָלט אויף דעם געפּאַלן און עס דורכגענומען מיט אירע שטראַלן. זי האָט אַ קוק געטאָן אין פענצטער. דער הימל האָט זיך געוואָלקנט און געוואָרן שווערער און טונקעלער אַזוי ווי פאַר אַ רעגן אום זומער. אָבער עס איז שוין געווען טיפער האַרבסט. די צימערן זיינען געווען דורכגענומען פון אַ שטילער, פאַרטייעטער קעלט.

גאָסי האָט אָנגעצונדן דעם גרויסן קעראָסין־אויוון און דערהערט דעם גוט־באַקאַנטן קלאַפּ אין דער טיר... ראַביי שלאָמאָוויץ!

— אַזוי פרי?! — האָט זי געפרעגט, ווי זי וואָלט געהאַט אַ טענה צו אים.

דער ראַביי האָט זיך ניט געוואָלט זעצן. ער איז געשטאַנען און ניט אויפגעהערט צו ריידן און צו דערציילן די מעלות פונעם בר־מצוה. ער האָט אפילו פאַר איר איבערגעזאָגט די יידישע בר מצוה־דרשה, וואָס איר זונעלע וועט האַלטן, ווען די צייט וועט, אם ירצה השם, קומען. וואָס מער ער האָט געלויבט איר קינד, אַלץ ליכטיקער איז איר פאַרזאָרגט פּנים געוואָרן און די שיינע ברוינע אויגן האָבן זי געענדערט ניט צו דערקענען.

ער איז אַרויס אין דרויסן. גאָסי האָט אים נאָכגעקוקט און זי האָט מיט איין מאָל דערזען, ווי פונעם נידעריקן פאַרוואָלקנטן הימל האָבן זיך געטראָגן אין דער קאַלטער לופט גרינגע שנייעלעך. זיי זיינען אין זייער ווייסקייט און זייער לייכטקייט געווען אַ ליכטיקע דערמאָנונג פון אַן ערשטן שניי, וואָס זי האָט יאָ געדענקט און ניט געדענקט. פון איר ברוסט האָט זיך אַרויס־געריסן אַ שווערער זיפץ, און אַלץ אַרום איז גרינג געוואָרן. אַלע שווערקייטן וואָס האָבן איבער נאַכט און איבער טאָג זיך אין איר אָנגעזאַמלט, זיינען פאַרשוואונדן. קיין ספיקות און אומצוטרוי האָבן זי אין יענעם מאָמענט מער ניט געמאַטערט. מסתמא, האָט זי פרום געזאָגט, וויל גאָט אַזוי, אַז דער ראַביי זאָל מאַכן איר קינד פאַר אַ גוטן יידן און איך זאָל באַלאַנגען און זאָל העלפן, כאָטש גאָט האָט מיך געשטראָפט און מיר ניט געגעבן מיט וואָס.

## קאַפּיטל זיבן

די ערשטע נדבה, וואָס גאָסי גאָדיק האָט בייגעשטייערט פאַר די פרויען־פיאָנערן, איז געווען אַ כמו־גנבה: דער מאַן האָט איר געגעבן צוויי דאָלער צו פאַריכטן זיינע אַ פּאָר שיך, האָט זי דאָס געלט אַוועקגעגעבן... דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן וואָס זי האָט געהאָלפן יענעם. ווען די חברה זיידמאַן האָט אויסגערופן די נעמען פון די געבערינס, האָט זי געזען, ווי די פרויען מיידן אויס צו קוקן אויף איר. די איינציקע, וואָס האָט זי „געהאַלטן אויפן אויג", איז געווען טאַקע די זעלביקע זיידמאַן.

זי האָט ניט אויפגעהערט צו שמייכלען צו איר, ווי זי וואָלט איר געזאָגט: „כאָטש דו גיסט ניט און כאָטש דו ביסט אָרעם, ביסטו מיר ליב"...

דער אַלטער בייטל איז געהאַנגען אויף גאָסיס האַנט. מיט דער צווייטער

האַנט האָט זי צוגעהאַלטן דעם שלאָס און אים ניט געוואָגט צו עפענען. מען האָט שוין געהאַט באַלד פאַרענדיקט דאָס אויסרופן די געבעריגס און אייניקע „פלעדזשעס”. גאָסי האָט נאָך אַלץ ניט געוואָגט. זי האָט זיך געשעמט, געשראָקן, און דערביי אויסגערעכנט, וויפל שפּייז זי וואָלט פאַר אָט די צוויי דאָלער איינגעהאַנדלט. פאַר אירע אויגן איז געשטאַנען דאָס פּנים פון דעם גראָסערי־מאַן, וואָס וויל איר שוין מער ניט באָרגן און דאָס פּנים פונעם אַנדערן געשעפט־מאַן, וואָס האָט מורא, זי זאָל ביי אים ניט אָנהויבן צו באָרגן... און אַלעמאָל, ווען ער ענדיקט רעכענען, וויפל זי האָט „אָנגענומען”, מאַכט ער אַזוי אײדל און קאָלט: „קעש, פּליז”...

צוויי רייען בענקלעך האָבן גאָסין אָפּגעטײלט פון דער פּאַרזיצערס טישל...

— ווער נאָך? — האָט זיידמאַן געפרעגט. גאָסי האָט זיך נאָך אַ קווײנקל געטאָן. זי האָט זיך אויפגעשטעלט און דערפילט אַלעמענס בליקן אויפן רוקן, אויפן פּנים. די פּיאָנערקעס האָבן געהאַט גערעדט צווישן זיך. אָבער ווי נאָר גאָסי האָט זיך געלאָזט גיין צו דער פּאַרזיצערינס טישל, איז שטיל געוואָרן, אַזוי שטיל, ווי דאַכט זי, קיינמאָל ביז אַהער... גאָסי האָט אַרויסגענומען די צוויי דאָלער־בילס און אַוועקגעלייגט אויפן טישל.

זיידמאַן האָט זיך ניט פאַרלוירן און טריאומפאַל אויסגערופן:

— אונדזער ליבע חברה גאָדיק — צוויי דאָלער! — זי האָט גאָסין אַרומגעכאַפּט און זי געקושט. אין נאָטיצן וועגן פאַרזאַמלונגען נוצן די רעפּאָרטערן דעם אויסדרוק „שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן”. דער מחבר קאָן ביי דעם מאָמענט קיין בעסערן אויסדרוק ניט געפינען פאַר דעם אַפּלאָז, וואָס האָט זיך דורכגעריסן דורך דער פּלוצימדיקער שטילקייט. ווי אַ פרילינג־רעגן אין אַ זוניקן טאָג, וואָס ווערט אָנגעטראָגן פון אַן איבערגעלאָדענעם וואָלקן און פאַרשווינדט, באַגלייט פון אַ לאַכנדיקער זון און שעמערירנדיקע טראָפּנס אויף אַלץ און אויף אַלעמען.

אין אייניקע אויגן זיינען אויפגעלאָפן טרערן.

גאָסי איז, זינט זי האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן די פּיאָנערקעס, געווען דער צענטער פון אַלע פאַרזאַמלונגען מיט דעם, וואָס מען האָט אויסגעמיטן צו קוקן אויף איר. אַציגד האָבן זי אַלע באַטראַכט מיט דאַנק, וואָס זי האָט זיי באַפרייט פונעם שווערן געפיל...

דער ווינטער איז דערווייל אַריין אין זיין ראָל. ער האָט זיך איינגע־פעסטיקט און געלייגט זיינע קעלטן פּלאַסט אויף פּלאַסט. די מענטשן האָבן געקעמפט מיט אים, געקערט און פאַרקערט זיינע דערעסענע שנייען, אָבער ער האָט זיך ניט אונטערגעגעבן. ער האָט געבראַכט נייע. און אויב מען האָט זיי פאַרראַמט פון די הויפּט־גאַסן, האָט ער זיי אָנגעהויפנט אויף אַלע זייטיקע גאַסן און געסלעך.

אָאַק טערעס איז געלעגן אונטער אַ געדיכטער ווייסער מאַסע, וואָס איז

שוין לאַנג געווען איינגעטראָטן און געשריען אונטער די מענטשלעכע טריט. די גאָדיקס האָבן איצט, ווי אַלע ווינטער, געליטן פון קעלט. גאָסי איז מיט די פּיאָנערקעס געגאַנגען „שאָפּן" . זי האָט זיך אויסגעלערנט מאָגנען און פּאָדערן, און בעטן, און ווינטשעווען... אין אַ קאָמיטעט איז זי געווען די רעדנערין. זי האָט זיך אויסגעלערגט ביי דער חברה זיידמאַן צו ווינטשעווען, אָבער זי האָט עס געטאָן אויף איר אייגענעם שטייגער. פון איר מויל, וואָס האָט יאָרן-לאַנג געשאָטן מיט קללות, האָט זיך מיט איין מאָל אַרויסגעריסן אַ שטראָם פון ברכות, אויף ענגליש, פאַרווירצט דאָ און דאָרט מיט אַ יידיש וואָרט, וואָס האָט זיך יאָ געפּאַסט און ניט געפּאַסט און וואָס האָט אָבער שטענדיק אויסגענומען ביי די מנדבים, און גאָסי האָט אין גיכן געקראָגן דעם צונאָמען „די טשעמפּיאָנקע".

די סומען געלט, וואָס זי האָט אָנגעהויבן אַריינצוברענגען, זיינען פריער באַריכטעט געוואָרן אין דער לאָקאַלער פּרעסע. נאָכדעם האָט שוין איר נאָמען „פיגורירט" אינעם זשורנאַל פון די פּיאָנערן-פרויען, וואָס איז געווען געדרוקט אין ביידע שפּראַכן, אין יידיש און אין ענגליש.

דער מאַן האָט זי געזידלט, זיך געוואָרפן אויף איר מיט די פויסטן... די קינדער זיינען געווען ניט צופרידן מיט דער מאַמעס מיטינגען. די קעלט האָט דורכגעדרונגען יעדן ווינקעלע אין די צימערן. מען האָט אַריינגעשטעלט נאָך אַ קעראָסין-אויוון, אָבער די קעלט איז דערפון ניט שוואַכער געוואָרן.

אין די גאַסן האָבן זיך באַוויזן נייע קאַרס, יעדע קאַר, ווי יעדע שיינע פרוי, מיט איר באַזונדער חן און מיט איר באַזונדער כישוף... עס איז נאָך דאָס נייע יאָר ניט אָנגעקומען, אָבער די נייע אויטאָס פון איבעראַיאָר זיינען שוין אומגעלאָפן איבער די גאַסן, און די פאַראַיאָריקע מאַשינען האָבן אין פאַרגלייך מיט זיי, אויסגעזעען אַלט...

אויף די נייע און אויך אויף אייניקע אַלטע אויטאָס האָבן שוין זיך איינ־געפעסטיקט די לייסענס-בלעכלעך פונעם אָנקומענדיקן יאָר. די אַלטע האָבן זיך געוואַלגערט אין די מיסט-קאַנען און, וואו ניט וואו, אויך אין די גאַסן.

אויך גאָסין איז שוין אויסגעקומען צו פאָרן אין אַן „איבעראַיאָריקער" קאַר. זי איז מיט אַ פאַרמעגלעכער פּיאָנערקע געפאָרן „שאָפּן" פאַר דער נייער קוואָטע און פאָרן „דאָנאָר-דינער"... די קאַר איז ניט געווען אירע און דאָס איינגעמאָנטע געלט איז געווען גאָטס און פרעמדס, אָבער דער געדאַנק וועגן דעם האָט זי ניט געמאַטערט. זי האָט געטאָן איר „הייליקן חוב" צום „יידישן פאָלק און צום יידישן לאַנד" (דער באַליבטער אויסדרוק פון דער חברה זיידמאַן) און אויפהערן האָט זי שוין ניט געקאָנט.

חוץ די „קאָלעקשאָנס" אין איר בייטל, זיינען דאָרט אויך געלעגן די אויסשניטן פון די „דזשואיש טאַימס" און פון דעם פּיאָנערן-פרויען-זשורנאַל מיט די באַריכטן פון גאָסיס גוטער אַרבעט. זיי זיינען געווען פאַרבאַהאַלטן

אין אַ קליין בייטעלע, וואָס זי פלעגט עפּענען יעדן אין דער פרי נאָכן אַרויס־באַגלייטן דעם מאַן צו דער אַרבעט און די קינדער — אין סקול אַריין, אַריינ־קוקן אין די נאָטיצן און זיך פאַרלייענען.

## קאַפּיטל אַכט

דער ווינטער האָט לאַנג געדויערט, אָבער זיין סוף איז דאָך געקומען. דער שניי איז עפּעס ווי מיט איין מאָל פאַרשוואונדן אפילו פון די זייטיקסטע געסלעך. ווי אַ געטרייע באַלעבאָסטע האָט דער פרילינג־ווינט אויסגעקערט יעדעס ווינקעלע און יעדע שפּאַרונע אין די צעבראָכענע טראָטואַרן, וואו אַ ביסל שניי האָט זיך נאָך געהאַט פאַרשטעקט. דער ווינט האָט אין זיין פייכטקייט געטראָגן אַ שפּעדיקע וואַרעמקייט און געפּלאָנצט גראָזן און ווילד־גראָזן דאָרט, וואו עס איז געווען שטיין. פון זיינע שפּאַלטן האָבן זיך צום פרילינגדיקן הימל געצויגן די ערשטע גראָז־שפּראָצן און די „העדזשעס" ביי די הייזער האָבן שוין געגרינט.

די צאָל נייע קאַרס האָבן זיך אַזוי פאַרמערט, אַז עס האָט זיך געדאַכט, פאַר די פּאַראַיאָריקע, און פאַר די עלטערע נאָך, וועט בלד קיין אָרט ניט זיין. גאָדיקס טראָק האָט איצט אויסגעזען אין זיין אָפּגעקראָכענער רויטקייט, ווי איינגעטונקט אין זשאַווער. דער אַלטער מאָטאָר האָט צו זיין געוויינלעכן בייזן קלאַנג צוגעקראָגן עטלעכע נייע קלאַנגען און ביי־קלאַנגען, און אין די אַלע קלאַנגען האָט זיך געהערט אַ סימפּאָניע, וואָס איז געווען דער שאַרפסטער דיסאָנאַנס צום יונגן פרילינג, מיט די נייע העל־געפּאַרבטע קאַרס פון פאַרשיידענע שאַטירונגען רויט און גרין, און בלוי, און קרעם. זיי האָבן, שטילע און מעכטיקע, געשוועבט הין און הער, ווי גרויסע באַוועג־לעכע מעטאַלענע בלומען.

גאָדיקס טראָק האָט מיט זיין הייזעריקן זשום פאַרטויבט דאָס רוישן פון אַלע יונגע מאָטאָרן אַרום און פון זיין קוימען האָט געשפּאַרט אַ געדיכטער טונקל־גרינער רויך־שטראָם.

צוליב גאָסיס נייע באַקאַנטשאַפטן האָט ער געקראָגן נייע באַשטעלונגען, און ער איז שוין מער ניט אָנגעפאַלן אויף איר. ער האָט זי זעלטן־ווען געזען. זי איז געלאָפן צו אירע מיטינגען, וואָס זיינען לעצטנס געוואָרן אָפטער און אָפטער. די „דזשואיש טאַימס" וואָס איז ביי די גאָדיקס קיינמאָל ניט געלייענט געוואָרן, איז איצט אויך דורכגעקוקט געוואָרן אפילו פון אים, פונעם מאַן. ער האָט זיך שוין געהאַט צוגעוואוינט צו זען דאָרט גאָסיס נאָמען, און ער האָט שוין איצט געוואוסט, אַז די פּיאָנערן גרייטן זיך צו דער נאַציאָנאַלער קאָנווענשאָן.

אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער ווייסט... אפילו זי, גאָסי, האָט ניט געוואוסט, וואָס אין די „פירנדיקע" קרייזן קומט פאָר, הינטער די קוליסן.

חוץ די פאַרזאַמלונגען, וואָס זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין אַלגעמיינעם זאַל, האָט מען אויך געהאַט מיטינגען און „מיטינגלעך" אין פריוואַטע הייזער. און די טעלעפאָנען האָבן „געאַרבעט" אין די טעג און אין די שפּעטע אָוונטן. מען האָט באַדאַרפט נאָמינירן דעלעגאַטקעס. און דאָס צעטל איז יעדעס יאָר געווען פון פריער צוגעגרייט.

ביים ערשטן און ביי די ווייטערדיקע מיטינגען פון די געקליבענע פּיאָנערקעס, האָט די חברה זיידמאַן נאָמינירט גאָסין, ווי אַ דעלעגאַטין צו דער נאַציאָנאַלער קאָנווענשאָן. ווי די הויפּט־פירערין אין שטאָט, איז זי געווען זיכער מיט איר וואָרט און מיט איר עצה. זי, די קליינע, טיכטיקע פרוי, האָט פאַרגעסן, וויפל מאָל זי האָט זיך מיט יענעמס מיינונג ניט גערעכנט און דערמיט אַ סך מאָל ווי געטאָן יענעם ביי וויכטיקע און אומוויכטיקע געלעגנהייטן. ניט איין טרער איז צוליב איר עקשנות פאַרגאָסן געוואָרן; ניט איין פּיאָנערקע האָט איבער דער חברה זיידמאַן „רעזיגנירט", און מען האָט אַזאַ באַליידיקטע באַדאַרפט איבערבעטן און שיקן צו איר קאָמיטעטן פון די וויכטיקסטע מיטגלידערינס אויף אַרייננעמען זי צוריק „אין די רייען". ערשט איצט האָט זיידמאַן, צום ערשטן מאָל דערפילט „דאָס קול פונעם פאָלק"... ווען זי האָט נאָמינירט גאָסין, האָט זי דערפילט אַ שטילן, פאַרעקשנטן ווידערשטאַנד פון אַזאַ פאַרנעם, אַז שטעלן זיך קעגן, האָט קיין זין ניט געהאַט. האָט זי ביי די ווייטערדיקע געהיימע זיצונגען ווידער און ווידער דאָס געטאָן, און ענדלעך געמוזט אויפגעבן דעם געדאַנק.

עס זיינען אָנגעגאַנגען „הייסע קאַמפּן" אויך וועגן די אַנדערע צוויי נאָמינירטע, אָבער זי די חברה זיידמאַן, איז געווען און געבליבן די ערשטע אויפן צעטל. זי האָט דעם כבוד צוריקגעוויזן, אָבער מען האָט עס אויף איר אַרויפגעצוואונגען. ביים אָפיציעלן „אָננעמען" האָט זי אַ וויין געטאָן און זיך „אונטערגעגעבן איר שיקזאַל"...

ווי האָט גאָס אַליין אויפגענומען איר „דורכפאַל"?

זי האָט זיך אויף דעם גערעכנט און זי איז געווען זיכער, אַז אַזוי קומט עס איר. זי איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיט איר מאַנען געלט פאַר דער קוואָטע און זי האָט דערביי שטילערהייט געטראַכט, אַז פון די צעטלען מיט די נעמען פון די מאָנערינס און „שאַפּערינס" זאָל מען כאָטש איר נאָמען ניט אַרויסוואַרפן, ווייל „הו עם איי, עפּטער אָל"? (דאָס הייסט, ווער נאָך אַלעמען בין איך?)

עס איז געווען אַ יובילי־קאָנווענשאָן אין איינער פון די גרעסטע אַמעריקאַנער שטעט. צוליב דעם יובילי האָט מען באַשלאָסן מאַכן פון די נעמען פון די מאָנערינס אַ לאָטעריי און די גליקלעכע זאָל האָבן די געלעגנהייט צו געווינען אַ פרייע רייזע קיין ישראל.

פאַר די דעלעגאַטינס האָט מען געמאַכט אַן „אָפּשיידס־אָוונט". מען האָט אַלעמען געגעבן דאָס וואָרט. ווען מען האָט פאַרגעשטעלט די

חברה גאָסי גאָדיק, האָט זי זיך אפילו ניט אויפגעשטעלט, נאָר אַזוי זיצנדיק, האָט זי געקוקט אויף אירע צעטראָטענע שיך און ברוגזלעך אַ בורטשע געטאָן „מזל טוב".

— שטיי אויף! שטעל זיך אויף! — האָט זי דערהערט בייזלעכע פליסטערן. זי האָט אַלעמען באַטראַכט מיט אירע שיינע, ברוינע אויגן און גראָבלעך ווידער אויסגערופן:

— מזל טוב, מזל טוב!

עס האָבן זיך דערהערט עטלעכע אַפּלאָדיסמענטן... אַן אַנדער חברה האָט שוין „געהאַט דאָס וואָרט", און זי האָט שוין גערעדט פאַר גאָסין אויך...

די דעלעגאַטינס זיינען שפּעטער מיט דריי טעג אָפּגעפאָרן צו דער קאָנווענשאָן.

## עפּילאָג

די געשעענישן האָבן זיך אַ יאָג געטאָן אַזוי האַסטיק איינע נאָך דער אַנדערער, אַז זי האָט ניט געוואוסט, ווען איינע האָט זיך געענדיקט און אַ צווייטע האָט זיך אָנגעהויבן.

ביז עס איז געקומען דער בריוו פונעם הייליקן לאַנד און פון אים אַליין, פונעם העכסטן באַאַמטן אין לאַנד, פון פּרעמיער דוד בן גוריון.........

און באַלד נאָכדעם — דער קבלת־פּנים פאַר אי ר, פאַר דער פאַרזע־ענער, דער פאַרגעסענער, וואָס האָט צוליב אַ צופאַל זוכה געווען צו העלפן פאַרגעסענע און פאַרזעענע... דער באַלויכטענער זאַל, מיט איר נאָמען אויף אַ פּלאַקאַט איבערן הויפּט־טיש, מיט די אָנגעזעענע געסט דערביי...

און איר מאַן ביי איר זייט, אַ ברוגזער ווי אַלעמאָל, אָבער דאָך אַ שטילער און אַ פאַרגאַפטער און ווי אַן איבערגעשראָקענער...

און זי, גאָסי, אין איר שיינער, געבאָרגטער „דרעס"...

ווי אין אַ גרויסן חלום, ווען מען האָט אין זינען, אַז ער וועט זיך באַלד איבעררייסן, די פרייד וועט פאַרשווינדן און עס וועט צוריק אַ קום אַן טאָן די שווערע ווירקלעכע בויט...

דער מאַן האָט זי געהאַלטן אין איין מונטערן:

— וואַטס די מעטער וויט יו? (וואָס איז דיר??)

די חברה זיידמאַן איז צוגעקומען צו איר און זי געקושט. אירע נייע פריינדינס, וואָס האָבן זיך גערופן „חברות", האָבן איר געדריקט די האַנט, איר, דער גליקלעכער געווינערין. און זי האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז דאָס האָט זיידמאַן ניט זי געקושט און ניט איר האַנט דריקט מען און ניט צוליב איר איז דאָס אַלץ געטאָן געוואָרן, נאָר צוליב אַן אַנדערער, וואָס איז „מער מענטש" פון איר, ווילטיקער פון איר, בעסער פון איר...

און זי איז אפילו ניט געווען אייפערזיכטיק אויף „יענער"...

# יהודית

## קאַפּיטל איינס

אונדזערווירקלעך לעבן פליסט ניט אַזוי גלאַטיק ווי דאָס לעבן אין ביכער, און דערפאַר וועט מיין איצטיקע דערציילונג, אַן אמתע געשעעניש, זיך ניט קאָנען אויסצייכענען מיט יענער אָרדענונג, וואָס שרייבער היטן אָפּ, ווען זיי פּלאַנעווען אויס זייערע ווערק.

וואָס פאַר אַ שייכות האָב איך צו די אַלע געשעענישן, וואָס איך קלייב זיך דאָ אייך איבערגעבן? דער ענטפער איז: די שייכות פון אַ באַאָבאַכטער, פון איינעם וואָס קוקט זיך צו, זעט און פאַרנעמט. עפּעס אַ דורשט ברענט אין מיר, אַ דורשט ניט צום לעשן, פון וועלן זען, קענען און דערקענען וואָס מער מענטשן און וועגן יעדן פון זיי זיך דערוויסן וואָס מער. און נאָך אַ שוואַכקייט האָב איך: ווידער צו זען מענטשן פון אַמאָל, און וואָס לענגער איך זע זיי ניט, אַלץ מער בענק איך נאָך זיי.

און ווען מיר קומט אויס צו באַגעגענען פריינד און באַקאַנטע פון אַמאָל און איך דערזע די שפּורן, וואָס דאָס לעבן האָט איינגעקריצט אין זיי, דע־מאָלט ערשט, אין זיי, דערפיל איך אויך דעם שיכט יאָרן, וואָס די צייט האָט אָפּגעשניטן פון מיר. דאָס יונגע האַרץ מיינס, וואָס וויל ניט אַלט ווערן, וואָס שלאָגט מיט אַלע קוואַלן פון לעבן, שטעלט זיך אָפּ און וואַרט און הערט זיך איין אין זיך אַליין מיט אַ שטילן ציטער, וואָס קאָן נאָר איבערגעגעבן ווערן מיט אַ בליק.

און אָט אַזוי האָב איך געקוקט אויף יהודיתן, ווען איך האָב זי דערזען נאָך זעקס יאָר זיין צעשיידט. מיר זיינען קיינמאָל ניט געווען נאָענט און דאָס וואָרט „צעשיידט" פּאַסט זיך ניט אַריין, אָבער מיר האָבן זיך ניט געזען אַזאַ לאַנגע צייט, און איך האָב זייער געוואָלט וויסן ווי עס לעבט זיך איר. איך האָב אַלע יאָר באַזוכט די שטאָט, וואו איך און יהודית זיינען געווען לערער אין אַ היברו סקול, איך אַ גאַנצע וואָך, און זי — בלויז זונטיק. איך האָב איר טעלעפאָנירט, אָבער יענער נומער האָט מיר פון איר קיין ענטפער ניט געבראַכט. אויפן צווייטן יאָר האָב איך טעלעפאָנירט אין אָפיס פון דער היברו סקול. מען האָט מיר געענטפערט, אַז יהודית לערנט דאָרט מער ניט, אַז זי האָט צרות פון אירע קראַנקע עלטערן און זי אַליין איז אויך ניט געזונט. דאָס מיידל אין אָפיס האָט מיר געעצהט צו טעלעפאָנירן אין פּאַ־בליק סקול, וואו יהודית איז געווען לערערין. איך האָב אַזוי געטאָן. דער

ענטפער פון דאָרט איז געווען, אַז יהודית האָט פאַרלוירן איר מוטער. ווען איך האָב געבעטן דער לערעריגס אַדרעס, האָט מען מיר אָפּגעענטפערט: „דאָס טוען מיר ניט...״ איך האָב אין זיך אַ שמייכל געטאָן און געדאַנקט דער פרוי אויפן טעלעפאָן פאַר איר זאָרג וועגן יהודיתן... פון יענער זייט טעלעפאָן האָב איך דערהערט אַ קליין לאַכעלע.

איך בין ווידער אַוועק הונדערטער מײלן פון דער שטאָט ביז איבער־אַ־יאָר.

יהודית איז ניט געווען מײן אײנציקע באַקאַנטע אין יענער שטאָט. מײנע פרײַנד זײַנען געווען גאָר פון אַן אַנדער מין, פון אַן אַנדער לשון און פון אַן אַנדער קולטור. קײנער פון זיי האָט ניט געקענט יהודיתן, אָדער מיס בערן, ווי די קינדער האָבן זי גערופן. מיר זײַנען אַלע געווען אונטערן אײַנפלוס פון דער יידישער קולטור, יהודית — האָט גערעדט נאָר ענגליש און יידיש האָט זי קוים פאַרשטאַנען. זי איז געגאַנגען דאַווענען אין טעמפּל און דאָרט געזונגען אין כאָר. טאָ וואָס האָט זי זיך אָנגעקערט מיט אונדז? אָבער איך האָב אין איר אַנטדעקט אַ וואוילע און געטרײַע יידישע טאָכטער מיט אַ ליבע צו איר פאָלק און מיט אײביקער זאָרג פאַרן וואוילזײַן פון די יידן. יהודית האָט זיך מודה געווען פאַר מיר, אַז אויך מיך האָט זי אַנטדעקט, אַז אײדער זי האָט זיך באַקאַנט מיט מיר, האָט זי ניט געהאַט קײן גוטע מײנונג וועגן יידן פון מײן מין . . .

זעקס יאָר זײַנען אַריבער.

ווען איך בין ווידער געקומען אין שטאָט אַרײַן, האָב איך טעלעפאָנירט אײניקע פרײַנד און דערבײַ אויך אַ זוך געטאָן צווישן די נעמען וואָס הייבן זיך אָן מיט „בי.״, דעם נאָמען בערן, וואָס זי האָט פאַרקירצט פון אירע על־טערנס נאָמען בערנצווייג.

איך האָב שיר אויסגעשריגן פון פרייד: אַזוי ווי צוריק מיט זעקס יאָר, האָב איך איצט דערזען איר פולן נאָמען, ערשטן און לעצטן איך האָב אָנ־געקלונגען, און דערהערט איר שטים, אַזוי יוגנטלעך און פריש און ווי אַמאָל מיט אַ טאָן פון מענלעכקייט, הייזעריקלעך און וואַרעם, אָן אַ סימן פון אַ יידי־שער נאָטקע. דער געזונטער קלאַנג פון איר שטים האָט מיט אײן מאָל אָפּ־געשטעלט די צייט אויף זעקס יאָר.

איך האָב זיך ניט באַהערשט, און נאָך אײדער איך האָב זי געפרעגט, וואָס זי מאַכט, האָב איך איר געגעבן אַ קאָמפּלימענט פאַר איר יוגנטלעכער שטים.

— יו דאָנ׳ט סאַאונד סאָ בעד אידער — האָט זי מיר צוריקגעצאָלט.

איך האָב איר אויסגעדריקט טרויער אויפן טויט פון איר מוטער. האָט זי מיר געדאַנקט און געזאָגט, אַז אויך דער פאָטער לעבט מער ניט.

— מיט וועמען־זשע וואוינט איר איצט? (איך האָב זיך ניט פאַרגע־שטעלט אַז יהודית זאָל וואוינען אַליין).

— מיט טילין — האָט זי געזאָגט, און נאָך איידער איך האָב צייט געהאַט צו פרעגן, וואָס טילי מאַכט, האָט זי מיר אָנגעהויבן צו דערציילן די חכמות פון יענערס קינדער.

גוט איז געווען צו ריידן אויפן טעלעפאָן: די איינציקע ענדערונגען זיינען געווען דער טויט פון יהודית׳ עלטערן און טיליס הייראַט און אירע צוויי קינדער, און מיס בערנס קול יונג, געזונט און פריש. אָבער ווען איך האָב דערזען מיין אָמאָליקע מיטאַרבעטערין פון דער היברו סקול, האָט מיר אָפּגענומען דאָס לשון. שווייגן האָב איך ניט געטאָרט און ריידן איז געווען אוממעגלעך. האָב איך עפּעס יאָ אַ זאָג געטאָן, אַז זי זאָל ניט דערזען מיין דערדריקטקייט. דאָס פּנים אירס איז ניט געווען פאַרעלטערט, אָבער אין די גוטע גרויע אויגן איז געזעסן אַ גרויסע שווערע מידקייט, וואָס האָט זיך געבלייבט אונטער יהודית׳ געצוואונגענעם שמייכל, און זיך געוויזן צו־ריק, ווען זי האָט אויפגעהערט צו שמייכלען. ווי זי וואָלט מיך געוואָלט אַרויסנעמען פון דער פאַרלעגנהייט, האָט זי זיך צערעדט וועגן אירע עלטערן און וועגן זייערע לעצטע טעג.

איך האָב זיי גוט געקענט; איך האָב געפירט יהודיתן אין מיין מאַשין אין דער היברו סקול און צוריק אַהיים. אירע עלטערן זיינען שוין דעמאָלט ניט געווען געזונט, און יהודית איז געווען זייער מאַמע, די קעכין, די אויפ־קויפערין און די קראַנקן־שוועסטער. דערצו איז געוואַקסן טילי, אַ יתומה, אַ טאָכטער פון אירער אַ פאַרשטאָרבענער שוועסטער און יהודית האָט זי דערצויגן. זי האָט דאָס מיידל איינציקע מאָל אויך געבראַכט אין דער היברו סקול, זי זאָל זיך אַ ביסל אָנשעפּן מיט יידישקייט. די הוצאה איז געווען גרויס, דאָס געהאַלט פון פּאָבליק סקול האָט ניט געקלעקט, און דערפאַר האָט מיס בערן צוגעאַרבעט אין די זונטיקס.

זי איז שוין דעמאָלט געווען איבער די פערציק, אָבער אירע בלאָנדע האָר זיינען נאָך ניט געווען באַדראָט פון גרויקייט און דער גאַנצער אויסזען אירער איז געווען פון אַ מענטשן, וואָס פירט אַ באַרמאַל לעבן. זי האָט גע־ראַמט די גרויסע צימערן, זיי געפּוצט, געפּאַרבט, צוגעקויפט מעבל און דאָס אָפּט איבערגעשטעלט. און ווען נאָר איך בין אַריינגעקומען, האָט זי מיך געפרעגט ווי עס געפעלט מיר. אירע עלטערן האָבן גערעדט אַ גוטן געשמאַקן יידיש און געלייענט די יידישע פרעסע, אָבער יהודית האָט קיין סך פון יידיש און יידישקייט ניט געוואוסט און זי האָט מיך זייער מקנא געווען אויף מיינע קענטענישן.

פאָרנדיק מיט איר אין מיין מאַשין, פלעגט זי מיר דערציילן חכמות ניט נאָר פון דער יתומה, נאָר אויך פון אירע עלטערן, אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען קינדער.

איך האָב געהערט און איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז אָט־אָט וועלן זיי אַריינקומען און מיך באַגריסן. ער וועט שמייכלען מיט זיינע גרויסע שוואַר־

צע אויגן און מיר געבן שלום מיט אַ קליינער אָדערדיקער האַנט און זי וועט בלויז אַ בייג טאָן מיטן גרויען קאָפּ און פרעגן אין אַ גוטן ענגליש: „האַו דו יו דו?"

אויף דער פּיאַנאָ, לעבן וועלכער איך בין געזעסן, זיינען געשטאַנען די בילדער פון יהודית׳ עלטערן און עס האָט מיר אויסגעזען, ווי זיי הערן זיך איין און ווי דער ליאַרעם, וואָס טיליס קינדער מאַכן אין די צימערן, שטערט זיי. טילי האָט זיך געבייזערט אויף דער קליינוואַרג. אין אַ ווילע אַרום האָט זי זיי אַריינגעבראַכט, אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר פינף און אַ מיידעלע פון דריי. טילי, די דיניקע טונקלהויטיקע מיידל איז איצט געווען פּרעכטיק שיין און ראָסקאָשנע צעוואַקסן. זי איז ניט נאָר געוואָרן פולער, נאָר אויך העכער און איר שטים ברייט און ווייך. זי האָט מיך באַגריסט און איז מיט די קינדער אַרויס אין דרויסן.

— דאָס גייען זיי באַגעגענען דעם פּאַפּ פון דער אַרבעט — האָט יהודית מיט נחת אין קול מיר דערקלערט.

— איר — האָב איך די דערציילערין איבערגעריסן — רעדט נאָר פון יענעם און פון זיך — קיין איינציק וואָרט ניט. איך וויל וויסן, וואָס איר מאַכט און ווי לעבט זיך אייך?

זי האָט אַ לאַך געטאָן, אַזוי קאַלט און רואיק און אַזוי ניט־יידישלעך.

— איך? — האָט זי איבערגעפרעגט — איך בין איינע פון אַ מיליאָן. איך זאָל אַזוי לעבן.

— וואָס מיינט איר?

— איך האָב דאָך געהאַט אַ קענסער! — האָט זי אויסגערופן.

פון שרעק האָב איך זיך אַ רוק אָפּ געטאָן. מיר, יידן, רופן קיינמאָל ניט אָן אַזאַ געפערלעכע קראַנקייט ביים נאָמען. מיר זאָגן קראַנק, חולה אָדער אַ חולה מסוכן. אַזוי אָפּן אָנרופן אַזאַ חולאת קאָן נאָר אַ ניט־ייד. איך האָב זי ווידער באַטראַכט. זי האָט אויסגעזען אינגאַנצן געזונט, זי האָט אַפילו צו־גענומען וואָג און איר קול איז געווען ריין פון וויטיקן. איר קורצער געלעכ־טער, וואָס האָט זיך דורכגעריסן דורך אירע רייד, האָט עדות געזאָגט אויף אַ געזונט און פּרוכטבאַר לעבן. זי האָט מיר דערציילט, אַז זי לערנט וויטער אין דער זעלביקער פּאָבליק סקול און ווי וואונדערלעך גוט די לערער האָבן מיט איר קאָאָפּערירט, ווען זי איז נאָך ניט געהאַט געקומען צו די כוחות. מיט אַ שמייכל האָב איך זי אַ פרעג געטאָן:

— נו, און אין דער היברו סקול לערנט איר מער ניט?

— דאָס איז מער ניט נייטיק — האָט זי געזאָגט. דזשעף (טיליס מאַן) האָט פּרנסה.

— האָט איר דאָך מער צייט — האָב איך איר געזאָגט.

— צייט? — האָט זי איבערגעפרעגט — ווער האָט עס צייט... אַ גאַנצע וואָך לערנען און סוף וואָך — אין טעמפּל. איך זינג אין כאָר און סאָלאָ און שפּיל פאַר זיי אויף מיין פידל... אַ פיינע גרופּע יידן.

איך בין געווען צופרידן, וואָס יהודית האָט מער ניט גערעדט פון איר שרעקלעכער קראַנקייט, אָבער באַלד איז זי אַריבער צו דעם און איך בין געזעסן און געהערט.

דזשעף איז געהאַט אָנגעקומען. עס איז צייט געווען צו עסן וועטשערע. מע האָט מיך איינגעלאַדן, אָבער איך האָב זיך אָפּגעזאָגט. יהודית האָט גע־קאָנט דערציילן. איר שטים איז דערביי געפלאָסן אַזוי רואיק און פּאַמע־לעכדיק, איך האָב מאָמענטנווייז געקלערט, דאָס רעדט זי וועגן עמעצן, און ניט פון זיך. דער בלויזער געדאַנק פון עסן האָט אין מיר איבערגעקערט מיין גאַנצן אינגעווייד.

— נו — האָט זי געזאָגט — איך וועל אויך ניט עסן, נאָר אַ קאָפּי נעמען, און איך בין צוריק מיט אייך.

אַלע זיינען געווען אין קיך. איך בין געבליבן אַליין און אין מיין אויפ־גערעגטן צושטאַנד האָב איך געזען אירע עלטערן, די דאָקטוירים, דעם שפּיטאָל, די קראַנקן־שוועסטער און זי אונטערן מעסער... און שפּעטער, אַ גע־וויקלטע אין באַנדאַזשן אַ האַלב אינטש די גרעב.

זי איז אַרויסגעקומען און געווישט די באַנעצטע ליפּן.

— וויסט איר גאָר וואָס? — האָט זי געזאָגט און דערביי געלאַכט — לאָמיר זיך אַריינזעצן אין אייער מאַשין, וועל איך אייך שוין דאָרט דערציילן דאָס איבעריקע.

ווי אַ באַפרייטער, וואָס דאַרף באַלד צוריק אַריין אין געפענגעניש, האָב איך זיך אַ הייב אויף געטאָן פון דער ווייכער שטול און געלאָזט די לערערין גיין פאָרויס. איך בין איר ווי אַ פאַרמשפּטער נאָכגעגאַנגען.

## קאַפּיטל צוויי

מיר האָבן באַדאַרפט אַריבערגיין די גאַס צו מיין אויטאָמאָביל. איך האָב איר געוואָלט העלפן, אָבער איר מעכטיקע האַנט האָט אָנגעכאַפּט מיין אָרעם. זי האָט מיך געפירט און דערביי געוואָרנט:

— און איר זייט בעסער פאָרזיכטיק!

דערווייל זיינען מאַשינען געלאָפן. מיר האָבן געוואַרט. זי האָט מיך גוט צוגעהאַלטן און געקוקט אויף מיר, ווי אויף אַ געפונענעם ברודער.

די באַוועגונג פון די אויטאָס האָט אויף אַ ווייל אויפגעהערט. מיר זיינען אַריבער די גאַס און אַריין אין מיין קאַר. עס איז שוין מער ניט געווען יענע מאַשין פון צוריק מיט זעקס יאָר, אָבער יהודית אין איר האָט מיר דער־מאָנט אַלע אַנדערע פאַרשווינען מיינע: דעם פּרינציפּאַל, דעם יונגן חזן און נאָך דריי סאָנדיי־סקול לערער. יעדן זונטיק נאָכן לערנען פלעגן זיי מיט מיר אונטערפאָרן. די מאַשין מיינע האָט זיך געבויגן אַרונטערצו פון דער שווערער משא, אָבער עס איז געווען פריילעך.

איך האָב פּרובירט צו פאַראינטערעסירן מיס בערן אין די זכרונות

פון צוריק מיט זעקס יאָר, אונדזערע קלאַסן, די קריוודעס קעגן דעם יונגן רב און קעגן דעם פּרינציפּאַל, אָבער יהודית האָט זיך ניט פּאַרראַטן. זי איז באַלד אַריבער צו איר קראַנקייט און זי האָט זי געשילדערט אין אַלע אירע שווידערלעכע פאָרמען. איך בין געזעסן, ווי אַ פאַראורטיילטער און מאָמענטנווייז האָב איך געפילט די הענט פון דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטער באַרירן וואונדן אין מיין קראַנק לייב.

מיין מאַשין איז אַריין אין שטראָם פון אַלע לויפנדיקע אויטאָס. עס איז געוואָרן ענגער און רוישיקער. יהודית האָט דערפילט מיין אַנשטרענגונג.

— איך וועל צומאַכן מיין פלוידערזאַק — האָט זי אַ זאָג געטאָן — ביז מיר וועלן אַרויס פון דער ענגשאַפט.

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן. ביי דער ערשטער געלעגנהייט בין איך אַרונטער פון דער גאַס און זיך אַריינגעדרייט אין אַ זייטיקער שטילער עוועניו. די זון האָט זיך געזעצט אין אַ צעגליטן שטיק הימל און עס האָט אויסגעזען, ווי זי שמעלצט זיך, דראָענדיק צו פאַרכאַפּן ניט נאָר דעם האָריזאָנט, נאָר דעם גאַנצן העל־בלויען קופּאָל פון דעם הימל איבער אונדזערע קעפּ. די ביימער ביי די זייטן פון דער גאַס האָבן מיט זייערע בלעטער קיין ריר ניט געטאָן. און יהודית האָט דערווייל געשוויגן. אין שרעק האָב איך געוואַרט אויף דער פאָרזעצונג פון אירע איבערלעבונגען אין שפּיטאָל. נאָכדעם, האָב איך פאַרשטאַנען, דאַרף קומען די געשיכטע פון אירע עלטערנס טויט, פון טיליס חתונה, וואָס איז געשען באַלד נאָך מיין אַוועקפאָרן פון שטאָט...

— זעט, זעט! — האָב איך אויסגערופן, ווייזנדיק אויפן צעגליטן שטיק הימל אַרום דער זון און דעם בלויען קופּאָל איבער אונדז — אָט די לויטערע און קילע בלויקייט וועט איינשטילן דאָס פייער און זי וועט נאָך בלויער ווערן.

זי האָט מיך ניט געלאָזט פאַרענדיקן און געזאָגט:

— איר רעדט אין אייער גייסט. איר מיינט אומזיסט דערצייל איך אייך אַלץ פון מיינע צרות? פאַר אַן אַנדערן וואָלט איך אַזוי ניט גערעדט.

איך האָב זיך ווירקלעך פאַרשעמט פאַר מיין אומגעדולד און איך האָב זיך אונטערגעגעבן און איבערגעגעבן דעם ווייטערדיקן שטראָם פון אירע רייד.

אין גיכן זיינען מיר אַרויס פון דער שטאָט.

איך האָב אָפּגעשטעלט די מאַשין און געהערט:

— . . . אַן עלטערן, אָן געזונט, אָן געלט, נאָך אַן אָפּעראַציע . . . דער שפּיטאָל קאָן מיך מער ניט האַלטן און וואוהין גיין האָב איך ניט, איר זעט די פייערדיקע רויטקייט? אַזוי האָט מיין אינגעווייד געברענט און ניט געווען אייער מילדע בלויקייט, וואָס זאָל זי לעשן, אָבער איר זענט גערעכט! ניט אומזיסט האָט איר מיך נאָך זעקס יאָר ניט פאַרגעסן, מיך אָפּגעזוכט און געקומען זען, וואָס איך מאַך . . . איר ווייסט, טייערער? איך האָב אַ פּאַרדאַכט, אַז איר האָט קיין געדולד ניט צו מיר . . . (איך האָב זיך געוואָלט

פאַרענטפערן, אָבער זי האָט מיך ניט געלאָזט) און איך האָב צו אייך קיין טענה ניט, אָבער עס זיינען דאָ מענטשן, וואָס באַזיצן אָט די געבענטשטע רו און די, וואָלט איך געזאָגט „אוממענטשלעכע" גוטסקייט, עפּעס פון אָט דער שטילער שיין, וואָס שטראָמט אויף אונדז פון דער הימל־בלויקייט. ניט איך און ניט איר וואָלט געקאָנט טאָן דאָס, וואָס זיי האָבן געטאָן און הערן ניט אויף צו טאָן. זיי קומען אין די שפּיטאָלן און זיי ווערן פרייוויליקע קראַנקן־שוועסטער. מיינע זיינען געווען אַ קריסטלעך פּאָרפּאָלק, יונגע מענטשן. זיי האָבן מיך באַדינט אין שפּיטאָל און נאָכדעם מיך גענומען צו זיך און מיך געהאַלטן אין זייער היים ביז איך האָב זיך געשטעלט אויף די פיס.

פון באַלויבען זיי האָט גאָר קיין רייד ניט געקאָנט זיין. זיי האָבן געליטן מיט מיר און זיך געפרייט, ווען איך בין געזונט געוואָרן. (איך האָב פּרעגנדיק אַ קוק געטאָן אויף דער דערציילערין) איר גלויבט מיר ניט? עס איז דער ריינער אמת! איך האָב אַליין ניט געוואָלט גלויבן, אַז מיט מיר געשעט אַזאַ נס. און ווען זיי זיינען אַרומגעגאַנגען אַרום מיר, מיך באַדינט און מיך פון מיין אומריינקייט ריין געמאַכט, האָט זיך מיר אַ סך מאָל געדאַכט, אַז איך לעב מער ניט, מיין קערפּער איז טויט, נאָר מיין אָנגעצונדענער מוח אַרבעט און וועבט חלומות.

„אָבער, טייערער פריינד, איך האָב ערשט נעכטן אָוונט גערעדט מיט איר אויפן טעלעפאָן און (דאָ האָב איך דערפילט אַ ציטער אין יהודית׳ קול און אַ נאָטע פון שעמעוודיקייט) איר ווייסט? זי האָט דערוואַרט צו האָבן אַ קינד. ווען דאָס זאָל געשען, אָ, גאָט, ווען דאָס זאָל נאָר קומען צו שטאַנד!

— נאָך יונגע מענטשן? — האָב איך געפרעגט.

— יאָ, אין די דרייסיקער. אָבער זי פאַרלירט די קינדער, נאָך איידער זיי ווערן געבוירן.

„אפשר טרייבט יענע גוטע מענטשן זייער אומגליק צו דעם וואָס זיי טוען? האָב איך געוואָלט פרעגן, נאָר ווען איך האָב אַ קוק געטאָן אויף מיס בערנ׳ס עקזאַלטירט פּנים, האָב איך זיך פאַרשעמט פאַר מיין חכמה.

— מיט מיין יעדן אָטעמצוג בין איך פאַרפליכטעט צו זיי, צו די מלאכים אין מענטשלעך געשטאַלט! — האָט יהודית אויסגערופן, אָבער עס איז גע־קומען די צייט, אַז אויך איך זאָל עפּעס זאָגן און איך האָב געפרעגט:

— אָבער, דזשודיט, וואָס הערט זיך מיט אייך? מיט אייך אַליין? אַ יאָר, אַ גאַנץ יאָר זיינען מיר אַלע זונטיק געפאָרן אין מיין מאַשין, און שטענדיק האָט איר מיר דערציילט פון עמעצן. אמת, איר האָט וועגן מענטשן בלויז גוטס צו זאָגן. איז דאָס מיר אָנגענעם, אָבער וואו זענט איר? פאַרוואָס זעט מען אייך ניט? עס זעט מיר אויס, אַז אַפילו די יסורים אייערע האָט איר מיר דערציילט מיט איין צוועק: צו ווייזן, ווי גוט מענטשן זיינען געווען צו אייך... ניט אַזוי?

יהודית האָט געלאַכט און מיר דערווייל ניט געענטפערט.

דער פייערדיקער שטיק הימל אַרום דער זון האָט זיך געלאָשן. זיינע גליענדיקע שפּיצן זיינען ווי פון אַן אומגעזעענער האַנט אָפּגעשוירן געוואָרן. די זון אַליין אָבער איז נאָך רויטער געוואָרן און עס האָט אויסגעזען, אַז ווי נאָר זי וועט באַרירן די זוים פונעם האָריזאָנט, וועט ער זיך ווידער אָנצינדן.

די אָנקומענדיקע שטילקייט האָט געבראַכט דעם רויש פון אַ לויפנדיקער באַן, ערגעץ אין דער ווייט. זעלטענע אויטאָס האָבן פאַרבייגעזומט לעבן אונדז און זייער איילעניש האָט ווי פאַרשוועכט די פאַרנאַכטיקע שטילקייט אַרום.

— איר שווייגט, האַ? — האָב איך די גוטע יהודית אַ קיבעץ געטאָן.

— נו, וואָס אַ שטייגער ווילט איר וויסן? וואָס?

איך האָב גענומען אַ שטרענגן טאָן און זיך אַפילו אַ בייזער געגעבן.

— אַזאַ געזונטע שיינע מויד — וואָס טוט איר אַליין אויף גאָטס וועלט? פאַרוואָס האָט איר ניט חתונה געהאַט? אין וואָס איז געווען די מניעה?

וואו האָט זיך צו מיר דערנומען דער מוט שטעלן אַן עלטערער מיידל אַזאַ האַרבע שאלה? איך האָב ניט געוואָגט קוקן אין אירע אויגן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך וועל אין זיי דערזען אַזאַ באַליידיקונג, אַז איך וועל דאַרפן פאַלן פאַר איר אויף די קני און זי איבערבעטן פאַר מיין העזה. אָבער זי האָט אַ קורצן געזונטן לאַך געטאָן אַזוי ווי די גאַנצע צייט, וואָס זי האָט מיט מיר גערעדט און אָנגעהויבן:

## קאַפּיטל דריי

„פאַרוואָס איך האָב ניט חתונה געהאַט? כאַ, כאַ! פריער האָב איך קיין שכל ניט געהאַט און נאָכדעם — קיין צייט . . . און ווען איך זאָג „פריער" איז עס שוין אַזוי לאַנג, אַזוי לאַנג! עס איז ווירקלעך געשיכטע! טוט אַ קוק אויף מיר: ברייט און גרויס און שווער. און איך בין געווען אַזוי מאָגער, אַז מיין מאַמע פלעגט זיך שרעקן, איך וועל זיך איבערברעכן. דאָס איז געווען איר אויסדרוק. זי פלעגט מיר אויך זאָגן אַז איך זע אויס ווי „אַ שעה פאַר טאָג". (דעם אויסדרוק האָט מיס בערן גענוצט אין יידיש).

„איך האָב זיך קיינמאָל ניט געקאָנט אָוועקזעצן און אָפּעסן. איך האָב עס געטאָן לויפנדיק. באמת, ווען איך דערמאָן זיך אין יענער צייט, זע איך זיך אַלעמאָל אין אַ לויפנדיקער פּאָזע... איך לויף און די וועלט טאַנצט אַרום מיר אַ פריילעכס. די גאַנצע וועלט אַרום מיר און איך אין דער מיט, אין סאַמע מיט, מיט מיין קליידעלע העכער די קני, די געדיכטע בלאָנדע האָר צעשויבערט. „האָריקיין" האָט מען מיך גערופן, „בליזאַרד" און נאָך נעמען, וואָס האָבן מיר זייער געפּאַסט.

„און אַלט געווען בין איך דעמאָלט אַכט יאָר... און אפשר זיבן, צי צען. און צעלאָזן בין איך געווען, ווי איר קאָנט זיך נאָר פאָרשטעלן. איך האָב ניט געוואָלט לערנען, אָבער איך בין געווען איינע פון די בעסטע שילע־

רינס. מען האָט מיך שוין דעמאָלט געצוואונגען צו שפּילן פידל. דאָס איז געווען פאַר מיר אַן אַפּקומעניש און איך פלעג זיך אַרויסדרייען דערפון. איך האָב געקאָנט צוקלערן פאַרשיידענע תּירוצים אויף ניט צו שפּילן און עס איז מיר אַ סך מאָל געלונגען. אָבער...

יהודית האָט זיך אָפּגעשטעלט. איך האָב געוואַרט. אַזוי שטעלט מען זיך אָפּ אין לויפן, ווען מע קומט מיטאַמאָל אָן צום וואַנט, אָדער — אַ צאַם.

דער טראַפיק איז געוואָרן גרינגער, דער אָוונט שטילער. די זון איז דאָ מער ניט געווען. די ברענענדיקע רויטקייט אין מערב איז אינגאַנצן פאַרשוואונדן און די בלויקייט וואָס האָט זי פאַרשלייערט, האָט זיך געמיניעט אויף גרינלעך. די בלויקייט איבער אונדז איז געוואָרן געדיכטער און טונקעלער.

„ניין, האָט מיס בערנס מיטאַמאָל אויסגערופן פאַרעקשנט — איך קען ניט.

— אויב עס איז אייך שווער צו דערציילן, טוט עס ניט, איך בעט אייך!

— יאָ — האָט זי זיך מודה געווען — עס איז שווער. לאָמיך אָפּכאַפּן דעם אָטעם... און ווייסט איר גאָר וואָס? קומט אַהיים.

— אַהיים? — האָב איך איבערגעפרעגט.

— יאָ, אַהיים. — זי האָט דאָס געזאָגט אַזוי אַנטשלאָסן, אַז איך האָב ניט געוואַגט זיך קעגנצושטעלן.

אַ גאַנצן וועג האָט זי געשוויגן. איך האָב פאַרצויגן אַ ניגון.

— זינגט, זינגט — האָט זי מיך געבעטן.

— ניין — האָב איך געזאָגט — זינגט איר בעסער.

— אָלרייט — האָט זי צוגעשטימט און שטיל דורכגעזונגען איר סאָלאָ פון קבלת שבת.

ווען מיר זיינען געקומען אַהיים, זיינען שוין די קינדער געשלאָפן. טילי און דזשאָזעף האָבן פאַרקוקט אין דער טעלעוויזיע. מיר זיינען אַריין אין אַנדער צימער און יהודית האָט מיך לאַנג ניט געלאָזט וואַרטן אויף דער פאָרזעצונג פון איר דערציילונג.

— נו, איצט קאָן איך אָנגיין ווייטער. יאָ, ער האָט מיך ניט געלאָזט זיך אויסדרייען פון פידל שפּילן מיט פאַלשע תּירוצים. ער איז שוין אַלט געווען זעכצן יאָר און ער האָט מיך ליב געהאַט, אָבער צרות האָט ער מיר אָנגעטאָן גענוג.

„ער פלעגט האָבן אַזאַ טעכניק: מיך פאַרמסרן פאַר מיינע עלטערן, און ווען מיין טאַטע האָט מיר געוואָלט דערלאַנגען אַ „כלוסק" אין באַק (אויף דעם אויסדרוק האָט זי גענוצט אין יידיש) האָט ע ר מיך אָוועקגערופן צו זיך מיט אַ וואונק. איך בין געלאָפן צו א י ם. ער האָט מיך געכאַפּט אויף די הענט און מיך פאַרשטעלט.

איך האָב אים געזעצט מיט די פויסטן, אים געקנייפּט און ער האָט גע־

לאַכט. ער איז געווען אונדזערער אַ וויטער קרוב, אָבער איך האָב געהאַט צו אים אַ געפיל, ווי ער וואָלט געווען מיינער אַן אייגענער ברודער. ניט איין מאָל בין איך, אַ ווינעדיקע, איינגעשלאָפן אַן איינגעקלאַמערטע אין זיינע שטאַרקע אָרעמס. אויפכאַפּן פלעג איך זיך איינע אַליין אין מיין בריט בעט און איך האָב שטיל געפּליסטערט: „שיע־עם”. אַזוי האָבן אים, סעמען, מיינע עלטערן גערופן אויף זייער ליטווישן שטייגער. איך פלעג צוריק איינשלאָפן מיט זיין נאָמען אויף מיינע ליפּן. ער איז געווען גרויס און שטאַרק און געלאַכט האָט ער אַזוי ברייט און הויך. ביים לאַכן האָט ער זיך געוויגט צוריק און פאָרויס און דערביי געפּאַטשט די קני מיט דער האַנט.

„ער איז געווען הויך. איך האָב געקוקט צו אים אַרויף. איך האָב געזען, ווי ער וואַקסט און איך האָב מורא געהאַט, אַז איך וועל אויף שטענדיק פאַרבלייבן אַזוי קליין ווי איך בין דעמאָלט געווען. „שרימפּי” האָט ער מיך גערופן. האָט דאָס מיך אַוודאי פאַרדראָסן. אָבער דאָס האָט ער דאָך געוואָלט. מיין פאַרדראָס האָט אים אַלעמאָל פאַרשאַפט פאַרגעניגן.

„איך האָב געוואָלט ווערן ברוגז אויף אים, אָבער דאָס איז געווען אומ־מעגלעך. ער האָט שוין געזען, איך זאָל דאַרפן אָנקומען צו אים... ער האָט בלויז באַדאַרפט צוקלערן אַ זינד, וואָס איך זאָל האָבן באַגאַנגען און מיך פאַרמסרן פאַר טאַטע־מאַמע... דער טאַטע האָט מיך געוואָלט באַשטראָפן, און איך בין געלאָפן צו סעמען...

„ער האָט מיר זייער געוואָלט אַרויסהעלפן אין מיין היים־אַרבעט, אָבער דאָס פאַרגעניגן האָב איך אים ניט אָנגעטאָן.

„ער איז שוין אַוועק אין קאַלעדזש. שוין צום וויפלטן מאָל: ער האָט מיך געוואָלט איבעראַשן מיט וואָס מער דעגריס. איך בין אַריין אין היי־סקול. אַ גאַנץ יאָר האָב איך סעמען ניט געזען. צי האָב איך געבענקט נאָך אים? גלויבט מיר, איך ווייס ניט. איך האָב אים ניט פאַרגעסן. איך האָב געוואוסט, ווען ער דאַרף קומען און איך האָב געהאַט פאַר אים אַן איבעראַשונג: איך בין שוין געווען אַ מענטש. איך האָב זיך מער אין זיין שטיצע ניט גענויטיקט. אין פידל־שפּילן האָב איך זיך אויסגעצייכנט און מיינע באַריכט־קאַרטלעך פון דער סקול זיינען געווען איינע פון די בעסטע.

„איך האָב שוין געטראָגן קליידער ווי אַ דערוואַקסענע. איך האָב זיך אַליין ניט דערקענט! אָט נאָך אַ טאָג צוויי, און סעם וועט זיין אין דער היים. וואָס וועט ער זאָגן אויף זיין שרימפּי? צו פופצן יאָר האָט ער מיך נאָך אַלץ באַהאַנדלט ווי אַ קינד. אין פאַרגלייך מיט מיר איז ער געווען אַ ריז, אָבער איך בין שוין קיין שיפּע זיבעלע (אויך דאָס וואָרט האָט זי געזאָגט אין יידיש) ניט געווען. און אין דעם יאָר האָב איך זיך אַ יאָג געטאָן ניט נאָר אין דער הויך, נאָר אויך אין דער ברייט. כאַ כאַ! איך האָב זייער ווינציק געגעסן, אָבער פון יעדן ביסן איז מיר צוגעקומען די גערויכן פון מאכלים, איבער־הויפּט פון געבעקסן, האָבן מיך געשיכורט. די ענדערונג פון וואָך אויף שבת,

צי — יום־טוב, איז געווען פאַר מיר אַ גרויסע איבערלעבונג פון פרייד. היינט די פרייד פון שלאָפן, פון פּליוסקען זיך אין וואַסער ביים וואַשן, פון וואַלגערן זיך אין בעט שבת און זונטיק. אַזוי פיל פרייד האָט אויף מיר געשטראָמט פון אַלע זייטן, אַז ניט איין מאָל פלעג איך פאַרקלעמען מיין בלאָנדן קאָפּ צווישן די הענט אין מורא, אַז ער וועט דאָס ניט איבערטראָגן.

„מיינע חברטעס זיינען שוין געווען פאַרנומען מיט פּאַנגען יינגלעך. איך האָב געהאָלפן די לערער און דעם פּרינציפּאַל. איך האָב אָרגאַניזירט קלובן און בין געוואָרן אַ גאַנצע פּירעריק. מען האָט זיך מיט מיר גערעכנט. מיין נאָמען און אַפילו מיין בילד איז דערשינען אין דער לאָקאַלער ענגליש־יידישער צייטונג. איך האָב אויך מיט איין מאָל דערפילט, אַז אין דער צייט, וואָס איך יאָג זיך אַזוי אַרויפצו, ווערן טאַטע־מאַמע עלטער און זיי מוזן אָפט אָנקומען צו אַ דאָקטאָר. איין גאַס און איין סקול בין איך געווען זעלבסט־שטענדיק. אין הויז בין איך נאָך אַלץ געווען די בייבי. די מאַמע האָט מיך נאָך אַלץ באַוואַשן און געפּרעסט מיינע קליידער. אָבער אין גיכן האָב איך עס אַליין געמוזט טאָן.

„די שוואַכקייט פון מיינע עלטערן האָט מיך מיט איין מאָל עלטער געמאַכט אויף עטלעכע יאָר.

„און דאָ איז מיין עלטערע שוועסטער קעפּי געשטאָרבן און געלאָזט טילין, אַ קינד פון אַ קנאַפּ יאָר אַלט.

„מיט איין מאָל האָב איך אויפגעהערט צו לאַכן.

„עס איז געווען סוף פרילינג. איך בין געגאַנגען פון סקול מיט אַ גרופּע חברטעס און מיר האָבן גערעדט וועגן די עקזאַמענס. אויף אייוואָן פּלייס, וואו מיר האָבן דעמאָלט געוואוינט, האָב איך זיך פאַרדרייט און איינע אַליין געגאַנגען אַהיים.

„פון וויטן האָב איך דערזען סעמען. ער איז געשטאַנען אויפן טראָטואַר פּונקט אַקעגן מיר. זיינע ווייסע ציין האָבן געבלאַנקט אויף זיין צוגעברוינט פּנים. איך האָב זיך אויף אַ מאָמענט פאַרגעסן און אַ לויף געטאָן צו אים. ער האָט צעשפּרייט זיינע אָרעמס אין דער גאַנצער ברייט און איך בין אַריינ־געפאַלן אין זיי. ער האָט מיך געקושט, געקושט ווי קיינמאָל פריער און קושנ־דיק מיך גערופן: „אָ, יו ליטל שרימפּ, יו!״

„ער האָט מיך אָפּגעלאָזט און מיך באַטראַכט. איך האָב געזען, ווי ער באַוואונדערט מיך. מיטאַמאָל האָט ער זיך פאַרבויגט פאַר מיר און געזאָגט: „יאָנג ליידי״.

„זעקס און צוואַנציק יאָר איז סעם אַלט געווען אין יענעם טאָג. איך — זעכצן.

„איך האָב געזען, אַז ער וויל נאָך עפּעס זאָגן, אָבער ער האָט פאַרשוויגן. מיך האָט עס ניט געאַרט, ווייל איך בין געווען זיכער, אַז חוץ גוטס קאָן ער וועגן מיר גאָר ניט זאָגן.

„ער האָט ביז שפּעט אין אָוונט פאַרבראַכט מיט די עלטערן. ער האָט זיך געשפּילט מיט דער יתומהלע, וואָס מיינע עלטערן האָבן אַדאָפּטירט. דער שוואָגער האָט באַלד חתונה געהאַט און אים האָט ניט געאַרט, אַז טילי זאָל זיין ביי אונדז. אין צווייטן צימער האָב איך פּראַקטיצירט מיין פידל שפּילן און איך האָב זיך ניט געקאָנט דערוואַרטן, סעם זאָל אַוועקגיין. האָב איך זיך אויסגעטאָן און זיך געלייגט שלאָפן.

„גאַנץ פרי, אויף מאָרגן האָט ער מיר שוין טעלעפאָנירט און מיר אויס־געריידט, אַז נעכטן בין איך ניט געווען העפלעך. אַוודאי. איך האָב צוגעגעבן און האָב זיך אַנטשולדיקט. דערביי האָב איך געלאַכט און אים געזאָגט, אַז ער וועט האָבן אַ גאַנצן לאַנצן זומער מיך צו זען... און ער דאַרף זיך ניט איילן.

„דו פאַרשטייסט מיך ניט! — האָט ער אויסגערופן און איך האָב דערפילט אין זיינע ווערטער אַ טאָן פון באַליידיקונג.

„אַזוי קלוג ביסטו געוואָרן, אַז איך קאָן דיך שוין ניט פאַרשטיין? — האָב איך אים געפרעגט און דערביי געלאַכט.

„אָלרייט — האָט ער קאַלט אָפּגעשניטן און אויפגעהאַנגען דאָס טעלעפאָן־טרייבל.

די טעלעוויזיע אינעם צווייטן צימער איז אַרויף אויף אַזוינע הויכע טענער, אַז זי האָט געשטערט יהודית׳ דערציילן און די קינדער האָבן זיך אָנגעהויבן דורכצוואָרפן. מיס בערנס האָט מיך איבערגעלאָזט, איז אַריין צו דער פלימעניצע, און איך האָב באַלד דערהערט וואָס דאָרט איז פאָר־געקומען, ווי זי האָט איינגעשטעלט דאָס יונגע פּאָרל.

— ביידע, זי און ער, האָט זי געזאָגט, ווען זי איז אַריין צוריק, פיינע אינ־טעליגענטע קינדער, און סע קומט צו דער טעלעוויזיע, פאַרגעסט מען זיך!

פון אַן אַנדער צימער האָט זיך שוין געטראָגן דאָס געוויין פון די קינדער. יהודית האָט מיך ווידער איבערגעלאָזט און איז אַוועק איינשטילן די קליינ־וואַרג. זי האָט זיך דאָרט פאַרזאַמט היפּשע עטלעכע מינוט, און ווען זי איז צוריק אַריינגעקומען, האָט זי געהאַט אַ פול מויל מיט ברכות:

— אַ לעבן אויף זיי! — האָט זי געזאָגט אין מאַמע־לשון — וואָנדערפול קידס! מע דאַרף זיי בלויז וויסן וואָס צו זאָגן, ווערן זיי באַלד אַנטשלאָפן. נאָר אַ געזונט אין זיי!

יהודית האָט פאָרגעזעצט:

„סעם האָט אויף מיר געקוקט, ווי ער וואָלט זיך זיינע אייגענע אויגן ניט געגלויבט, ווי ער וואָלט מיך אַנטדעקט. ער האָט געמאַכט אַ פאַרזוך צו שפּילן די ראָליע פונעם אַמאָליקן סעם. דערביי האָט ער מיך געררופן מיט מיינע צונעמענישן, זיך געררייצט מיט מיר און מיר דערמאָנט דעם יידישן אויסדרוק „אַ כלוסק אין באַק". דאָס איז מיר געווען זייער אָנגענעם. ער האָט טאַקע דער ערשטער געלאַכט פון זיינע חכמות, אָבער איך האָב גערן מיטגע־לאַכט, און אָנשטאָט זיך פילן עלטער און האַנדלען ווי אַ יאָנג ליידי, האָב איך

זיך גאָר דערפילט קינדעריש און שטיפעריש... איך בין אַרויף אויף סעמס קני איך האָב אים געקניפּט און געזעצט מיט די פויסטן...

„היי, היי! — האָט ער זיך געבעטן — דו ווערסט מיך נאָך דערהרגענען.

„ער האָט געזוכט אַ געלעגנהייט צו בלייבן מיט מיר אַליין, און ווען די געלעגנהייט האָט זיך געמאַכט, האָט ער מיר פאַרגעשלאָגן חתונה האָבן מיט אים. איך האָב אַ קוק געטאָן אויף אים און דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן, זינט איך קען סעמען, האָב איך דערזען שרעק אין זיינע מוטיקע ברוינע אויגן, שרעק אין די אויגן און אַ שוואַכקייט אין די ווינקלען פון זיין שיין ברייט מויל.

„איך האָב אים געהאַט באַגלייט פון דער טיר ביז צום טראָטואַר. דאָרט האָט ער מיך געבעטן אים באַגלייטן נאָך עטלעכע שפּאַן. מיטאַמאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט: „לעטס מערי". דער זומערדיקער פאַרנאַכט איז שוין איבערגעגאַנגען אין אָוונט, אָבער איך האָב נאָך גוט געקאָנט זען סעמס פנים. איך האָב אַ קוק געטאָן אויף אים, ווי ער וואָלט געזאָגט איינע פון זיינע חכמות, און כאָטש איך האָב געזען דעם פאַרענדערטן אויסדרוק אין זיינע אויגן און אין זיין מויל, האָב איך, די ווילדע ציג, זיך צעלאַכט, מיט אַלע פאַרבאָרגענע קוואַלן פון דער פאַרגאַנגענער קינדהייט און פון דער איצטיקער מיידלשאַפט.

„זיין פאַרלאַנג האָט מיר אויסגעזען אַזוי ווילד און אַזוי אוממעגלעך, אַז איך האָב זיך ניט געקאָנט באַהערשן, און דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, זינט איך האָב געדענקט סעמען, אַז פון זיינעם אַ זאָג זאָל איך אַליין לאַכן, און ער זאָל שווייגן. וואָס הייסט איך זאָל חתונה האָבן?! כאַ־כאַ־כאַ! ערשטנס, בין איך נאָך אַזוי יונג און חוץ דעם איז סעם אַזוי ווי מיינער אַ ברודער. אַוודאי האָב איך געוואוסט, אַז איך וועל אַמאָל חתונה האָבן, אָבער דער אַמאָל איז געווען אַזוי וויט, אַזוי ווייט! מיין באַשערטער וועט זיין אַזוי הויך ווי סעם, אַזוי שיין און בראַוו ווי סעם, אָבער — ניט סעם! דאָס איז קאָמיש און דאָס איז אוממעגלעך. זיין גלייכער זאָג האָט מיר אויסגעזען קרום און דעריבער קאָמיש. און כאָטש זיין טאָן איז געווען אומגעווײנלעך און דער אויסדרוק אויף זיין פנים האָט זיך געביטן, האָב איך אַלץ געמיינט, אַז ער טרייבט קאַטאָוועס.

„פאַרוואָס דערקלער איך עס אייך איצט? אפשר וויל איך זיך אַליין געבן צו פאַרשטיין פאַרוואָס איך האָב אַזוי געלאַכט, ווען סעם איז געווען ערנסט?

„איך געדענק נאָך איצט, ווי סעם איז געשטאַנען, לאַנג פאַרהאַלטן מיין האַנט אין זיינער. איך געדענק אויך, ווי אַ פלוצעמדיקער ווינט האָט אַ ריס געטאָן מיינע האָר און אַ הייב געטאָן מיין קליידל. איך האָב אַרויסגעכאַפּט מיין האַנט פון סעמען, זיך אויסגעבויגן אַרונטערצו און עס אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט. עס איז מיט איין מאָל פינצטער געוואָרן און עס האָט זיך דער־הערט אַ ווייטער דונער.

„יו בעטער גאָ! (דו גיי בעסער) האָב איך אים געוואָרנט. ער האָט מיך געפאָלגט איך בין געגאַנגען צוריק אין מיין צימער און באַלד דערהערט נאָך אַ דונער. איך האָב ווייט ניט געדאַרפט גיין, און דערפאַר האָב איך זיך ניט געכאַפּט. איר באַמערקט דאָך נאַטור־דערשיינונגען. דערפאַר דערציייל איך אייך פון די דונערן אין יענעם אָוונט. זיי האָבן געהאַט אַן אומנאַטירלעכן קלאַנג, עפּעס ווי זיי וואָלטן אָפּגענאַרט. דערשיינען זייען זיי אָן בליצן און אין אַ מין סעריע. איינער האָט זיך געענדיקט און אַ צווייטער האָט זיך באַלד אָנגעהויבן.

„איך האָב געוואוסט, ווי ווייט סעם דאַרף גיין ביז אויטאָבוס, און איך האָב מורא געהאַט, אַז אַ רעגן וועט אים דורכנעצן. האָב איך זיך געשראָקן, אָבער קיין איינציקער טראָפּן איז ניט געפאַלן.

„איך בין אַריין אין מיין צימער, האָב ליכטיק געמאַכט און געוואַרט, אַז דער רעגנשטורעם זאָל אָנקלאַפּן אין מיין פענצטער, אָבער די דונערן האָבן זיך געקייקלט איבערן הימל ווי ליידיקע פעסער און געוועקט אין מיין האַרצן אַן אומאָנגענעם געפיל.

„מערקווירדיק דערביי איז, אַז יאָרן נאָך יענער געשעעניש האָב איך געדענקט אַלע קלייניקייטן. אַפילו איצט ווייזט זיך מיר אויס, אַז ניט בלויז געדענק איך יענעם אָוונט, נאָר וואָס ווייטער געדענק איך אַלץ בעסער.

„סעם האָט זיך עטלעכע טעג ניט געוויזן. מיין אויסלאַכן זיין פאָרשלאָג האָט מיך ניט געמאַטערט, און ווען ער איז געקומען, האָב איך אים געקוקט גלייך אין די אויגן. אָבער איך האָב באַמערקט, אַז ער מיידט אויס מיין בליק. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט עפּעס באַשלאָסן און זיין באַשלוס בלייבט אומפאַרענדערט.

„איך בין ווייטער אָנגעגאַנגען מיט מיין פידל־שפּילן און מיטן העלפן די סקול־לערער צוצוגרייטן און דורכפירן זומער־אַקטיוויטעטן פאַר די סטו־דענטן. מיט מיר האָבן זיך גערעכנט ניט נאָר מיינע חברים און חברטעס, נאָר אַפילו לערער, און איך בין געווען גליקלעך. סעם מיט זיין אָנבאָט און מיט זיין פאַרענדערטער באַציאונג צו מיר האָט מיר געשטערט. איך בין גוט אין כעס געווען אויף אים, וואָס ער קוקט אויף מיר מיט אַ לאַנגן־לאַנגן בליק... אַ מענטש נעמט זיך אַריין אַ ווילדן געדאַנק אין קאָפּ אַריין — זאָל ער זיך האַלטן מיט אים.

„איין פאַרנאַכט קום איך אַהיים פון אַ סקול־פּיקניק און מיינע עלטערן זאָגן מיר אָן אַ בשורה, אַז סעם האָט גערופן און געזאָגט, אַז אים קומט אַ מזל־טוב: ער איז אַ חתן געוואָרן און ער שיקט מיר אַ גרוס.

„דאָס איז געווען אַזוי נאַטירלעך און אַזוי גוט, אַז איך האָב זיך דערפרייט און אים באַלד טעלעפאָנירט. האָט מיר זיין מוטער מיט אַ גליקלעכן שמייכל געענטפערט: „איצט קענסטו אים מער ניט קריגן אין דער היים... ער האָט זיך שוין אַ נייע..."

„נאָך עטלעכע מאָל האָב איך אים טעלעפאָנירט — אומזיסט.

„עס איז אַריבער דער זומער. צו דער דערעפענונג פון סקול זיינער נאָך פאַרבליבן בלויז אַ פּאָר וואָכן. איך האָב זייער געוואָלט זיין ביי אַ פילהאַר־מאָנישן קאָנצערט און איך בין איין פאַרנאַכט געגאַנגען דורכן פאַרק צו דער אונטערנעמונג.

„די בלעטער אויף דיביימער זיינען נאָך געווען גרין, אָבער זיי האָבן שוין אָנגעהויבן אָנצוואווערן דעם אָנהאַלט אין די צווייגן און זיינען איינציק־וויז און אין קליינע גרופּן געפאַלן צום איבערגעטריקנטן גראָז.

„איך בין געגאַנגען מיט דער סטעזשקע ביים אויטאָמאָביל־וועג. איך האָב געפילט ווי מענער אין די אויטאָס, און אויף די בענק קוקן אויף מיר און איך האָב אין זיך געלאַכט.

„אייניקע בחורים האָבן זיך מיט קוקן אַליין ניט צופרידנגעשטעלט און נאָך צוגעפייפט, און זייער פייפעריי האָט זיך אויסגעמישט מיטן צוויטשערן פון די פאַרנאַכטיקע פייגל, מיט די פריילעכע געשרייען פון די קינדער אויפן שפילפלאַץ, מיט די גראָבע קולות פון די יינגלעך, וואָס האָבן געשפילט בעיס־באָל און מיטן מעכטיקן אָטעמען פון דער באַן, וואָס האָט קורסירט אויף דער ליניע ביים ברעג פונעם גאָרטן־טייך, פון יענער זייט פּאַרק.

„אַלץ אין לעבן האָט אין יענע צייטן געשפּילט פאַר מיר האַרמאָניש, און אויך אָט די קלאַנגען און פאַרבן אַרום מיר האָבן זיך ווי צונויפגעגאָסן אין איין פאָלקאָמענער גאַנצקייט. איך בין געגאַנגען הערן סיבעליוס „פינ־לאַנדיע״ און איך האָב שוין באַצייטנס פאַרזוכט דעם טעם פון יענע קלאַנגען, און כאָטש איך האָב זיי ניט געקאָנט הערן, האָבן זיי אין מיר און פון מיר געזונגען און נאָך צוגעגעבן צו אַלץ וואָס זינגט און שפּילט אַרום מיר. אַפילו די קלעפּעלעך פון מיינע אָפּצאַסן אויפן האַרטן וועג האָבן אויסגעטאָקט זייער אייגענעם ניגון.

„מיין פּנים האָט געפלאַמט פון דער וואַרעמקייט און פונעם גאַנג און דער גאַנצער פאַרנאַכט אַרום האָט זיך געמיניעט אין מיינע אויגן, וואו קאָליר מיט קאָליר און קלאַנג מיט קלאַנג האָבן זיך געשטריקט און פאַרפלאָכטן אין איין וואונדערלעך געוועב.

„איך האָב אין זיך געברומט די מעלאָדיע פון „פינלאַנדיע״ און איך האָב זיך געפרייט, וואָס איך קען זי אַזוי גוט.

„מיטאַמאָל האָט מיך אָנגעיאָגט אַ נייע מאַשין, סעמס אַ נייע איבער־ראַשונג — און מיט אַ פאַרעקשנטן פייף זיך אָפּגעשטעלט האַרט לעבן מיר.

„העי, שרימפּי! — האָב איך דערהערט סעמס קול — האָפּ אין!

„ער האָט אויסגעזען היימיש, באָענט־אייגן און אַזוי נאַטירלעך, אַז איך האָב זיך ווירקלעך דערפרייט, אַזוי דערפרייט, אַז איך האָב פאַרגעסן אַפילו אים אָפּגעבן מזל־טוב.

„איך בין אַריין אין דער מאַשין און געוואַרט סעם זאָל מיך פירן ווײַ־

טער, אָבער ער האָט אָנגעשטרענגט פּאַרקוקט אין שפּיגעלע איבער זיך און ביי דער ערשטער געלעגנהייט זיך אויסגעדרייט צוריק.

„סעם! — האָב איך אויסגערופן — איך קאָן מיט דיר אין ערגעץ ניט פאָרן. איך איל זיך צום קאָנצערט. דו ווייסט וואָס אַ קאָנצערט מיינט פאַר מיר. — איך בין געווען ערנסט. סעם האָט געזאָגט: „ניט געזאָרגט. איך וועל דיך ברענגען צום קאָנצערט צו דער מינוט.

„און ער האָט געהאַלטן וואָרט.

„אָבער, אָפּפאָרנדיק מיט מיר אַ ווײַלע, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און נאָך איידער ער האָט אָנגעהויבן ריידן, האָב איך ווידער דערזען זיין פאַרענ־דערונג און איך האָב פאַרשטאַנען, וואָס מיך דערוואַרט. איך האָב זיך דער־מאָנט, אַז אים קומט אַ מזל־טוב און איך האָב עס אים האַרציק געוואונטשן, אָבער ער האָט פאַרעקשנט אַ דריי געטאָן מיט זיין שיינעם שטאָלצן קאָפּ אויף ניין און געזאָגט: „אמת, שרימפּי, איך בין פאַרקנסט. אָבער איך בין נאָך אַלץ אַ פרייער מענטש. זאָג דיין וואָרט, איין־איינציק וואָרט, און איך קער איר אום דאָס פינגערל!”

„מיט איין מאָל האָב איך דערפילט, אַז ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס ער איז עלטער פון מיר מיט צען יאָר, בויטיקט ער זיך אין מיין דערקלערונג, פאַרוואָס איך קען מיט אים ניט חתונה האָבן. מיינע גענויע ווערטער געדענק איך ניט, אָבער דעם איינדרוק, וואָס זיי האָבן אויף אים געמאַכט, וועל איך ניט פאַרגעסן. ער איז געוואָרן בלייך, זיין שיין ברייט מויל צעקרימט און מיט אַ קול, וואָס זאָגט אָן וויסטע בשורות, האָט ער ווי אַרויסגעברומט: „אַיי שעל נעווער סי יו עגעין!” (איך זאָל דיך מער קיינמאָל ניט זען!).

„אַוודאי איז זיין טאָן געווען איבערצייגנדיק, אָבער מיר האָט זיך ניט געגלויבט, אַז אַזאַ זאַך זאָל ווירקלעך געשען.

„אָבער, מיין טייערער פריינד, עס איז געשען!

## עפּילאָג

ווידער האָט יהודית זיך אָפּגעשטעלט. איך בין געזעסן אַ באַרוישטער פון איר רייד און געוואַרט אויף דער פאָרזעצונג. מיס מערנ׳ס פּנים איז געווען פאַרענדערט. זי האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט געווען אין אַ חלום און איך האָב זי מורא געהאַט אויפצוואועקן. איך אַליין האָב שיר־ניט פאַרלוירן דעם פאָדים פון דער ווירקלעכקייט אַרום מיר. דאָס צימער, דאָס מעבל, די בילדער אויף די ווענט און דער פידל אין זיין שייד אויפן העל־קאָלירטן קאַמאָד, די קלאַנגען פון דער טעלעוויזיע האָבן דער שטימונג ניט געשטערט, און נאָר מיין אומגעשטילטער דורשט צו וויסן און צו דערוויסן זיך וואָס מער און מער, האָט מיך געהאַלטן וואַך.

איך יהודית האָט אַ שמייכל געטאָן, ווי זי וואָלט דערוואַכט פון אַ שלאָף און זי האָט געזאָגט:

— אַ שיינע באַלעבאָסטע בין איך, כאַ־כאַ! אַפילו מיט קיין טרונק ניט מכבד געווען אייך.

איך האָב זיך אָפּגעזאָגט, אָבער סע האָט מיר ניט געהאָלפֿן. זי איז אַרויס און באַלד צוריקגעקומען מיט צוויי הויכע דינע גלעזער קאַלטן גע־טראַנק.

מיר האָבן זיך אָפּגעפרישט. איך האָב געוואַרט. זי האָט מער ניט גע־רעדט.

— און ער האָט געהאַלטן וואָרט? — האָב איך געפרעגט.

— כאַ־כאַ! — האָט זי איר געווייַנלעכן געזונטן לאַך געטאָן. — און נאָך ווי!

— וויפל יאָרן זייַנען שוין אַריבער זינט דעמאָלט?

— איבער צוואַנציק יאָר.

— און איר האָט סעמען מער קיינמאָל ניט געזען?

— יאָ. איין מאָל.

— ווען?

— באַלד נאָכדעם, ווי מיין מאַמע איז געשטאָרבן. מיין טאַטע איז גע־ווען קראַנק און איך האָב שוין צו יענער צייט געליטן אַזוינע ווייטיקן, אַז איך האָב זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען. ניט ליגן, ניט שטיין, ניט זיצן עס איז אַ צושטאַנד, וואָס טרייבט צו משוגעת און דאָס משוגעת קומט ניט. איך ווייס ניט, צי איך האָב געקאָנט זיך האַלטן אין איין פּאָזיציע מער ווי עטלעכע מינוט.

„איין אָוונט בין איך אויבן אין מיין צימער. הער איך דאָס טיר־גלעקל קלינגען און דזשעף נעמט עמעצן אויף. באַלד רופט ער מיך: „דזשודי, עמעצער וויל דיך זען". „ווער איז?", „ער וויל ניט אָנגעבן זיין נאָמען", „וואָס מיינט עס?", „ער וויל זאָגט ער, דיך איבעראַשן", וואָס איז דאָס, טראַכט איך, פאַר אַן אָנשיקעניש?

„איך קום באַלד אַרונטער!" זאָג איך בייז און איך גרייט זיך געבן דעם אומגעבעטענעם גאַסט אַ גאָב. איך כאַפּ אַרויף אויף זיך מיין קימאָנאָ און לאָז זיך מיט די געבעטע טרעפּ אַרונטער. דזשעף שטייט ביי דער אונטערשטער טרעפּ און ווייזט אויף אַ מאַן אין דער טיפער שטול: „דאָס איז דער מאַן" זאָגט ער.

„דער מאַן שטעלט זיך אויף און עס נעמט ניט מער ווי אַ פּאָר סעקונדן, און איך דערקען סעמען.

„איך וואָלט אייך זייער געוואָלט איבערגעבן, וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין יענעם מאָמענט. איך זע ווי איר קוקט אויף מיר און איר וואַרט. אומזיסט. איך האָב ניט קיין ווערטער. שטום בין איך געוואָרן דעמאָלט און שטום זייַנען מיינע רייד איצטער.

„ער האָט מיין נאָמען ניט געקאָנט אַרויסריידן, אָבער איך האָב נאָך כוח געהאַט אויסצורופן „סעם!" און אים אויסשטרעקן מיין האַנט.

„דער טאַטע, דזשעף און טילי זײַנען אַרויס פֿונעם צימער און אונדז געלאָזט אַליין.

„סעם האָט אַלץ געשוויגן. זײַן שטומעניש האָט מיך געדריקט. פֿון גרויס אויפֿרעגונג האָבן מײַנע שמערצן נאָכגעלאָזט. ער איז געהאַט אויפֿגעשטאַנען פֿון דער שטול. איך האָב אים געבעטן זיך זעצן און נאָך אַ לאַנגער װײַלע פֿון שוויגן, איז ער ערשט אַרויס מיט לשון:

„אַזוי לאַנג, אַזוי לאַנג! — האָט ער אָנגעהויבן און איך האָב דערפֿילט, אַז ניט קוקנדיק אויף זײַן אויסערלעכער פֿאַרענדערונג (ער האָט אויסגעזען עלטער ניט מיט צוואַנציק, נאָר מיט דרײַסיק יאָר) האָט זיך זײַן קול כמעט ניט געביטן. און עס האָט זיך אַזוי געוואָלט דערהערן דאָס ליבע וואָרט „שרימפּי!" אָבער ניט דאָס האָט ער געזאָגט. ער האָט מיר דערציילט, אַז די גאַנצע צײַט האָט ער געהאַלטן אַן אויג אויף מיר. און דאָס וואָס איך האָב ניט געהייראַט, האָט אַלע יאָרן אים געשטאַרקט און אים געגעבן האָפֿענונג. ער האָט חתונה געהאַט, האָט קינדער. גליקלעך איז ער קיינמאָל ניט געווען און — ער האָט זיך פֿאַרהאַקט — און — האָט ער צוגעגעבן — וועל שוין ניט זײַן.

„עס טוט מיר ווי, זייער ווי! — האָב איך געזאָגט און געהאָפֿט, אַז דערמיט וועל איך אים כאָטש עטוואָס פֿאַרגרינגערן זײַן ווייטיק. איך האָב געקוקט אויף אים און געזען די גרעסטע און ערגסטע פֿאַרענדערונג אין זײַנע אויגן. אָט די ליכטיקע שטראַלנדיקע אויגן, וואָס האָבן געלויכטן און גע־וואַרעמט, זײַנען איצט געווען שטיל, ווי אויסגעלאָשן און זייער בליק אָנגע־שטרענגט, ווי זיי וואָלטן מיך געוואָלט דערזען און זיי קאָנען ניט. די וויעס רויטלעך. וואָס פֿון אַ מענטשן קאָן ווערן!

„זע, וואָס פֿון מיר איז געוואָרן! — האָב איך געזאָגט, ווײַל איך בין געווען זיכער, אַז אויך אין מיר האָט ער געזען די שרעקלעכע פֿאַרענדערונג.

„יאָ — האָט ער מיר געזאָגט — דו זעסט אויס ניט געזונט. וואָס איז דיר?

„די דאָקטוירים זוכן און קאָנען ניט אויסגעפֿינען.

„און בײַ מיר — האָט ער געזאָגט — האָבן זיי שוין יאָ אויסגעפֿונען...

„וואָס? — האָב איך געפֿרעגט. ער האָט פֿאַרשוויגן און איז איבער־געגאַנגען צו אַ געשפּרעך וועגן מײַן מאַמען. ער האָט גערעדט וועגן איר ווי — וועגן אַ מלאך. און ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז זי איז געשטאָרבן, האָט ער באַשלאָסן צו ברעכן זײַן וואָרט און מיך קומען מנחם אָבל זײַן.

„איך האָב אים געדאַנקט. איך האָב אים געוואָלט אונטערגעבן חשק צו רעדן, אָבער ער איז געזעסן און געשוויגן. מיטאַמאָל האָט ער זיך אויפֿגע־כאַפּט און געזאָגט:

„— זי וועט איבערקלערן. מע דאַרף גיין, פֿאָרן אַהיים.

„וואו וואוינסטו דען?

„ער האָט אָנגערופן דעם נאָמען פון אַ דערבייאיקער שטאָט.

„פאַרן אַוועקגיין האָט ער מיר געזאָגט:

„דו ווייסט, יהודית, (מיט מיין יידישן נאָמען האָט ער מיר גערופן יע־נעם אָוונט) איך האָב דיר קיינמאָל קיין ליגן ניט געזאָגט און אויך איצט וויל איך דיך ניט נאַרן.

„וואָס מיינסטו, סעם?

„איך האָב דיר ערשט געזאָגט, אַז איך בין געקומען דיך מנחם אָבל זיין. אַוודאי דאָס אויך. אָבער דער טעם דערפון איז גאָר אַן אַנדערער. דו זעסט דאָך מיינע אויגן... וועל, איך האָב עס... עס איז גלאַקאָמאַ. היילן קען מען עס ניט. עס איז נאָר אַ פראַגע פון צייט.

„וואָס מיינסטו מע קאָן עס ניט היילן? — האָב איך פּראָטעסטירט, כאָטש איך האָב גוט געוואוסט, אַז זיין ראיה איז אַ פאַרלוירענע.

„אויב אַזוי ווייסטו ניט וואָס גלאַקאָמאַ איז.—ער האָט געשוויגן, שטייענ־דיק גרייט אַרויסצוגיין — איז, יהודית: „איך זאָל דיך מער קיינמאָל ניט זען” האָב איך דיר אַמאָל געזאָגט. אָבער איין מאָל האָב איך עס געמוזט טאָן.

„איך האָב ניט געקאָנט מער רעדן. איך האָב געפילט, ווי מיינע אויגן גייען איבער פון גרויסע, שווערע טרערן. עס האָט מיר אויסגעזען, ווי סעם שווימט צו מיר און פון מיר. איך האָב אים אויסגעשטרעקט מיין האַנט. ער האָט זי קוים באַרירט און נאָך אין זיבעץ געהאַט מיר צו זאָגן, איך זאָל גוט וואַשן מיינע הענט. ער האָט מיך באַרואיקט און צוגעגעבן, אַז אַנשטעקנד איז גלאַקאָמאַ ניט, אָבער פאַרזיכטיקייט שאַדט ניט.

„וועל איך דיך ניט זען? — האָב איך קוים אַרויסגערעדט.

„קאָנסט מיר טעלעפאָנירן. ער האָט מיר דיקטירט זיין נומער. איך האָב פאַרשריבן.

„ער איז אַוועק. איך בין אים נאָכגעגאַנגען. איך בין געשטאַנען אויפן פאָרטש און געזען, ווי ער זעצט זיך אַריין אין אַ טייערער מאַשין, ער האָט געעפנט די טיר. דאָס ליכט האָט זיך אָנגעצונדן און אויף איין אויגנבליק האָב איך אים ווידער דערזען.

„די טיר האָט זיך פאַרהאַקט, און די מאַשין איז פינצטער געוואָרן.

יהודית האָט שווער געאָטעמט. זי האָט גענומען דאָס ניט־דערטרונקענע גלאָז און געזופט די זיסלעכע פליסיקייט.

„איר ווייסט, איר זענט אַ קאָמישער מענטש... איך זע, איר וואַרט נאָך אַלץ... וואָס ווילט איר וויסן? זינט דאַן איז שוין צוויי יאָר, און — איך הער ניט, איך זע ניט. איך וואָלט אים טעלעפאָנירט, וויל איך אים ניט אָנטאָן קיין צרות. וואָס וועט זיין ווייב טראַכטן? איז אים ניט ביטער גענוג אָן דעם?

„און אַזוי, טאָג איין טאָג אויס וואַרט איך אויף זיין טעלעפאָן, אָדער אויף זיין אָנקומען. איך שרעק זיך, אַז זיין שרעקלעך וואָרט, וואָס ער האָט

מיר מיט צוואַנציק יאָר צוריק געזאָגט אין פּאַרק אין שוין ווירקלעך מקוים געוואָרן?

„איך האָב זיך איינגאַנצן אַוועקגעגעבן אַלע מיינע באַענטע און אייגענע, און מיין גאַנץ לעבן האָב איך זיך אויסגעהיט יענעם ווייטיק צו פאַרשאַפן, און גאָט האָט מיך דערפאַר באַלוינט: מיט דער ערגסטער און שווערסטער קראַנקייט מיך געפּרואווט און מיך אַרויסגעפירט! נאָר אין איינציקן מענטש האָב איך אומגליקלעך געמאַכט. גאָט איז מיין עדות, אַז איך האָב עס ניט געטאָן בייזוויליק, אַז איך האָב זיך געפריית, ווען איך האָב דערהערט, אַז סעם איז אַ חתן געוואָרן. בלויז גליק האָב איך אים געוואונטשן, און וואָס האָב איך אים געבראַכט? וואָס, האַ? איר זענט דאָך אַ קלוגער, איר לערנט, איר פאָרשט דעם מענטשן, איר קאָנט אים, זאָגט איר, אויסנווייניק און אינעווייניק. וואָס האָט איר מיר צו זאָגן?

זי האָט געוואַרט. איך האָב געשוויגן.



# קדיש

## קאַפּיטל איינס

אין אַ שטילן זומער־פאַרנאַכט בין איך געזעסן אינעם קליינעם פּאַרק, וואָס האָט פאַרמאָגט מער בענק וויביימער. און די בענק זײַנען אַזוי געדיכט געווען באַזעצט פון מענטשן, אַז איך האָב קוים געפונען אַן אָרט פאַר זיך. דער קליינער גאָרטן האָט געטראָגן דעם נאָמען סקווער, ווייל ער האָט פאַר־נומען אַ קוואַרטאַל אין קוואַדראַט און אייניקע האָבן אים אויך גערופן סקווערל, אויפן יידישן שטייגער. איר פאַרשטייט דאָך שוין, אַז דאָס סקווערל איז געווען אין אַ יידישער געגנט. איצט דאַרף מען נאָך צוגעבן, אַז עס האָט זיך געפונען אין אַ גרויסער אַמעריקאַנער שטאָט, און איר וועט האָבן דאָס בילד.

אַרום פּאַרק, אָדער סקווערל זײַנען געשטאַנען גרויסע, הויכע אַפּאַרטאַ־מענטן. צוליב זייער אומגעווײנלעכער הויך, איז די זון דאָ אויפגעגאַנגען שפּעט און זיך געזעצט פרי. אין די זוניקסטע טעג האָט איר דאָ אויף איין אָדער אַן אַנדער זייט גאָס געקאָנט געפינען אַ שאָטן. אין דער אָנגעזיכט פון די ריזן־געביידעס האָבן ביט נאָר די מענטשן דאָ אויסגעזען קלענער, אַפילו די הויך און שיין־צעוואַקסענע ביימער זײַנען געשטאַנען ווי פאַרשעמט.

דריי דורות יידן זײַנען אויף די בענק געזעסן. כאָטש זייער לשון איז ניט געווען דאָס זעלביקע, האָבן זיי דאָך אַלע געמאַכט דעם אײַנדרוק פון איין משפּחה. די אַלטע האָבן זייער יידיש פאַרבראָקט מיט אַנגליציזמען און די יונגע טאַטע־מאַמע האָבן אין זייער ענגליש דאָ און דאָרט אַרײַנגעוואָרפן אַ יידיש וואָרט, אַ יידישן קרעכץ, אַ זיפץ...

דאָ האָט מען אַפילו נאָך געקאָנט טרעפן דעם פערטן דור, די וואָס האָבן דער לעבט אור־אייניקלעך. קיין סך זײַנען זיי ניט געווען. זיי האָבן זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט און שטיל גערעדט צווישן זיך.

איך האָב יענעם פאַרנאַכט, ווי אַלעמאָל אין די לעצטע פּאָר חדשים ווען איך גיי צו צום סקווערל, מיטגענומען אַ זשורנאַל און אַרײַנגעקוקט. די געשפּרעכן אַרום מיר און אַפילו פון מײַנע שכנים אויף דער באַנק, האָבן מיר ניט געשטערט. זעלטן־ווען איך האָב דאָ געהערט אַ וואָרט, וואָס זאָל מיך אַזוי פאַראינטערעסירן (און דאָס האָב איך דאָך געזוכט) אַז איך זאָל איבעררייסן מײַן לייענען.

די מענטשן דאָ האָבן מיך שוין געקאָנט. איך ווייס ניט, וואָס זיי האָבן

געקלערט וועגן מיר, אָבער זיי האָבן מיך געלאָזט צורו. נאָר איין מאָל האָט מיר אַן אַלטער ייד אַ זאָג געטאָן בייזלעך און מיט רחמנות: „באַגראָבט די אויגן אין די אותיות, און זעט ניט די וועלט פאַר זיך". איך האָב באַטראַכט דעם אַלטן. ער איז מיר געווען קענטלעך. איך האָב אים דאָ אָפט געזען. זיינע בלויע, ווי קינדערשע אויגן האָבן מיך דורכגענומען מיט פאָטערלעכן פאָרוואורף. ניט צו פאַרשעמען אים מיט פאַרשווייגן, האָב איך געזאָגט:

— איך זע זיך אַן געענוג דורכן טאָג.

ער האָט בייז אַ בורטשע געטאָן און ווי ברוגז זיך אָפּגעקערט פון מיר. איך האָב זיך וויטער פאַרטיפט אין לייענען. איך האָב באַמערקט, ווי ער הייבט זיך אויף פון זיין אָרט און גייט אַוועק.

איך האָב זיך דערפילט פרייער און עטוואָס צענומען מיינע הענט, וואָס זיינען פון ענגשאַפט געווען צוגעפּרעסט צו מיינע זייטן, שיר ניט ווי אין סאָבוויי.

יענעם פאַרנאַכט איז לעבן מיר געזעסן אַ מיטליעריקער מאַן. ער האָט געלייענט אַ צייטונג און זי געמישט אַזוי האַסטיק, אַז די בלעטער האָבן געפּאַטשט דאָ מיין פּנים, דאָ דאָס פּנים פון אַן אַלטער פרוי פון דער אַנדערער זייט. עפּעס האָט ער געזוכט און ניט געקאָנט געפינען.

מיט איין מאָל האָט ער זיך ווי אָפּגעריסן פון דער באַנק און זיך גע־לאָזט צו דער טונקעלער עפענונג פון סאָבוויי־אַריינגאַנג, ביים עק פונעם סקווערל.

עס האָט ניט גענומען לאַנג, און איך האָב דערפילט אַ נייעם באַנק־זיצער לעבן מיר. און ווען איך זאָג דערפילט, מיין איך עס בפּועל ממש: עס האָט פון אים געטראָגן מיט קויט און שווייס און זיינע קליידער זיינען זיכער ניט געווען געגנייט אויף אים. ער האָט אויסגעזען ווי אַ שיכור, וואָס לעכצט נאָך אַ טרונק בראָנפן. די פאָר מענטשן פון „מיין" באַנק האָבן זיך באַלד אָפּגעטראָגן.

אין מיין לייענען בין איך אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַ דערציילונג, אַז אַפילו די ריחות וואָס האָבן זיך פון מיין נייעם שכן געטראָגן אויף מיר, האָבן מיך ניט געקאָנט אָפּרייסן פון מיין בוך.

מיין שכן האָט זיך געהאַט זיינע חשבונות: אַזוי ווי איך בין ניט אַנטלאָפן פון אים, בין איך אַוודאי אַ גוטער... איך האָב דערפילט זיין בליק. איך האָב אַרויפגעלייגט אַ פינגער אויפן געלייענטן זאַץ און באַטראַכט דעם מאַן. ער האָט אויסגעזען אַ פּאָליאַק, אָדער אַן אוקראַינער.

זינט מיר זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון אונדזער לאַנד, האָבן מיר גע־לעבט צווישן ניט־יידן. זיי האָבן אונדז אַ סך מאָל ווייַ געטאָן און אונדזער בלוט פאַרגאָסן, אָבער אַזאַ בראַך, ווי זיי האָבן אויף אונדז געבראַכט אין דער צייט, וואָס איך פאַרצייכן די געשעעניש, אויף אַזאַ ריזן־מאָרד האָט קיין שונא ישראל זיך ניט פאַרמאָסטן. איז וואָס וויל פון מיר אַ שיכורער גוי?

איך האָב אינסטינקטיוו אַ קוק געטאָן אויף זיינע גרויסע, אָנגעדראָלענע, אָדערדיקע הענט און איך האָב געטראַכט: „אפשר האָבן אויך זיי געהאַט אַ חלק אין דעם מאָרד פון יידן?" אוודאי איז ניט קיין געזונט געפיל יעדן ניט־יידן חושד צו זיין אין שנאה צו אונדז. אָבער אין אַט דעם חשד זיינען מיר, יידן, ניט די שולדיקע.

ער האָט זיך דערפילט, וויזט אויס, ניט באַקוועם פון מיין צודרינגלעכן קוקן אויף זיינע הענט. ער האָט אַ וויש געטאָן מיט זיי זיינע צעריסענע הויזן און פאַרקוקט אין מיין יידישן זשורנאַל.

— איך בין אויך אַ ייד — האָט ער געזאָגט מיט אַ גויישן טאָן און מיט יענער באַזונדערער באַטאָנונג אין קול, וואָס מע קאָן נאָר הערן, ווען אַן אוקראַינער לערנט זיך אויס רעדן יידיש. זיינע ערשטע פּאָר יידישע ווערטער האָבן נאָך מער פאַרשטאַרקט מיין חשד, אַז איך האָב צו טאָן מיט אַ ניט־יידישן אויסוואורף, אָבער ער האָט מיך לאַנג ניט געלאָזט וואַרטן און זיך צערעדט. איך האָב שוין מער ניט געצווייפלט, אַז ער איז מאחינו בני ישראל.

— . . . איך וועל אייך זאָגן דעם אמת: איך וויל טרינקען, טרינקען וויל איך! אָבער איך בין הונגעריק, פּשוט און פּראָסט הונגעריק. און איך בעט ניט קיין געלט. עסן, עסן גיט מיר, וואָרן באַלד צי איך זיך אויס אַ טויטער!

זיינע טאָטערשע קינבאַקן זיינען געווען שוואַרצלעך־קויטיק, אָבער דורך דער טונקלקייט האָט זיך דורכגעשלאָגן אַ געלבלעכע בלייכקייט. זיינע קליינע שיר ניט־אויסדריקלאָזע אויגן האָבן שוואַך געפינטלט.

אים געבן אַ האַלבן דאָלער און פּטור ווערן פון אים" האָב איך באַשלאָסן און אים דערלאַנגט די מטבע. דער אויסדרוק אין זיינע אויגן האָט זיך ניט געביטן און זיין אומגעלומפּערטע האַנט האָט זיך נאָכן געלט ניט אויסגע־שטרעקט.

— ניט גענוג? — האָב איך געפרעגט.

— גענוג, גענו־אוג! — האָט ער אויסגעצויגן דאָס וואָרט ברייט־פּויעריש. נאָר דער טייוול זאָל מיך נעמען. איך וועל באַלד אויסטרינקען און בלייבן הונגעריק. נאָכדעם וועל איך ווערן ווילד, משוגע און זיי וועלן מיך ווידער פאַרשפּאַרן אין חד גדיא...

„הייסט עס, אַ פויגל פון דאָרטן"... האָב איך אַ טראַכט געטאָן. ער האָט ווייטער גערעדט:

— . . . זיי האָבן אויף מיר אַן אויג... איר פאַרשטייט? איך בין אויף פּאַראָל. איך דאַרף זיין אַ מענטש, אַ לייט, יונג מאַן, ע' גוד באַי...

— ווען זענט איר אַרויס? — האָב איך געפרעגט.

— נעכטן, ערשט נעכטן — האָט ער געזאָגט.

מיין נייגעריקייט איז געוואַקסן. די גוטע שטימונג פונעם געלייענטן האָט זיך איבערגעריסן, כאָטש עס האָט נאָך אין מיר געזונגען, אָבער דער

לעבעדיקער מענטש האָט אויף אַ ווייל פאַרשטעלט מיט זיין וואָרער געשעעניש דעם פּיקטיוון אמת. איך האָב געהאַלטן די גרויסע זילבערנע מטבע און ער האָט זי נאָך אַלץ ניט גענומען. מיר האָבן ביידע געשוויגן. ער האָט זיך שטאַרק פאַרקוקט אויף איינעם פון די אַפּאַרטאַמענטן. זיין פּנים האָט זיך פאַרענדערט, געוואָרן דראָענדיק־בייז. ער האָט פאַרדריקט זיין גרויסע פויסט און געשאָלטן: „אַ כאָליערע אין די ביינער!" דערביי האָט ער צו־געגעבן אַן אוקראַיִנישע קללה.

— וואָס איז דאָס?! — האָב איך דערשטוינט געפרעגט.

— העט — האָט ער געזאָגט — דאָס איז מיין צרה.

— אַנטשולדיקט — האָב איך אים איבערגעבעטן.

ער האָט געקוקט אויף מיר מיט חוזק.

— אינטעליגענט, האַ?... אַ טאַטנס אַ קינד? „אַנטשולדיקט", האָט ער מיך איבערגעקרימט און זיך קאָמיש פאַרנויגט... איך זענט מיר גאָרניט שולדיק. די בייזקייט איז געוואַקסן אין אים. זיין בליק איז געוואָרן מוטנע און דער פאַרדריקטער פויסט האָט זיך ניט צענומען. עס איז געווען אַ געפּאַר, ער זאָל מיר דערלאַנגען.

— קומט עסן — האָב איך געזאָגט און זיך געלאָזט אינעם דערבייאיקן רעסטאָראַן. איך האָב געהערט זיינע שווערע, ניט־זיכערע טריט הינטער מיר.

מיר האָבן פאַרנומען אַ טישל. דער קעלנער איז צוגעקומען. לויט ווי ער האָט געקוקט אויף מיין גאַסט, האָב איך געזען, אַז ער האָט אים דער־קענט. דער אַלטער, קליינגעוויקסיקער קעלנער מיטן ריין־אויסגעגאָלטן דאַרן פּנים האָט ציניש געשמייכלט. ער האָט זיך קוים אַ בויג געטאָן און גענומען די באַשטעלונגען.

אַ סך טישלעך זיינען דאָ געווען באַזעצט. אַ הויך גערעדעריי האָט אַזוי פאַרטומלט דאָס גרויסע טונקעלע צימער, אַז מען האָט קיין וואָרט ניט געקאָנט כאַפּן. און דאָס איז געווען גוט. מיין נייגעריקייט האָט מיך שוין געהאַט אינגאַנצן באַוועלטיקט און איך האָב געפרעגט:

— ווי רופט מען איך?

— דזשייק, דזשייק יאַבלאָנסקי — האָט דער פאַרשוין געענטפערט, זופּנדיק דעם קאַלטן באָרשטש מיט סמעטענע. איידער איך האָב זיך גערירט, איז ער שוין געווען פאַרטיק מיט זיין מאַלצייט.

— אפשר באַשטעלן נאָך אַ פּאָרציע?

— ביסט רייך? — איז ער אַריבער אויף „דו".

— ניין — האָב איך געזאָגט — נאָר איך אַרבעט דערווייל.

ער האָט זיך צעלאַכט מיט אַ קורץ געלעכטער. ער איז באַלד צוריק ערנסט געוואָרן.

— און איך אַרבעט ניט... דריי יאָר ניט געאַרבעט, און געגעסן... אָך, געגעסן!

— מיסטער יאַבלאָנסקי — האָב איך אָנגעהויבן...

ער האָט מיך איבערגעשלאָגן:

— וואָס פאַר אַ מיסטער בין איך דיר? דזשייק איז גוט גענוג... יאַנקעלע פאַרך איז נאָך בעסער, כאַ־כאַ!

ער האָט ווידער אַן אָפּגעהאַקטן לאַך געטאָן און דערפון איז מיר אַזוי אומהיימלעך געוואָרן און איך האָב ניט געקאָנט דערקלערן פאַרוואָס... עפּעס האָט דעם מענטשן געדריקט. וואָס איז דאָס געווען? פון וואַנען קאָן אים דער קעלנער? און פאַרוואָס האָט ער זיך פאַרמאָסטן מיט זיין פויסט אויפן אָפּאַרטמענט? עמעצער האָט אים אַוודאי ווײ געטאָן. ווי קומט מען צו אים? ווי אַזוי הייבט מען אָן?

דער קעלנער האָט צוגעבראַכט זיין צווייטע פּאָרציע. איך האָב דערווייל פאַררויכערט.

דאָס מאָל איז דזשייקן אָנגעקומען אַ ביסל שווערער אויסצולײדיקן די טעלער, אָבער ער האָט זײ גוט אויסגערייניקט, ביזן דנאָ. דאָס לעצטע ביסל פונעם טעלער אויסגעזויגן אין לעפל, אויסגעזופּט און באַלעקט דעם לעפל פון אַלע זייטן.

## קאַפּיטל צוויי

איך האָב געקוקט אויף דזשייקן און איך האָב זיך דערמאָנט אָן אַ משפּחה דאָרפסיידן, וואָס פלעגן קומען צו אונדז דאַווענען אויף ימים־נוראים. דאָס איז שוין געווען לאַנג־לאַנג צוריק, אַזוי לאַנג, אַז די ווירקלעכקייט איז אין מיין זכרון פאַרוואַנדלט געוואָרן שיר ניט אין אַ מעשה.

דאָס איז געווען אין אוקראַינע מיט עטלעכע צענדליג יאָר צוריק. אין אונדזער גרויסער פיל־צימערדיקער דירה איז געווען אַ ספר־תורה און ביי אונדז האָבן דאָרפסיידן געדאַוונט מיטן מנין אַלע שבת און יום־טוב. יענע משפחה פלעגט קומען נאָר אויף די פאָרכטיקע טעג. סיי די מענער, סיי די פרויען און אויך די קינדער האָבן אויסגעזען ווי פּויערים און זייער קענטעניש אין סידור, צי אין מחזור האָט ווייט ניט געגרייכט. אָבער גע־זאָגט האָבן זיי געשמאַק די תפילות און די הייליקע בלעטער פאַרגאָסן מיט הייסע טרערן. ווען איינער פון זיי פלעגט אַריינכאַפּן מיין האַנט מיר צו ווינטשעווען אַ שנה טובה, פלעג איך זיך שרעקן.

נאָך יום־כּיפּור פלעגן זיי פאַרשווינדן ביז איבעראַיאָר, אָבער איין מאָל, געדענק איך, איז איינער פון זיי, מאיר ביק, געקומען צו אונדז אויף שמחת־תורה. זיין טאַנצן אין דרויסן מיטן ספר־תורה, צוגעדריקט צו זיין מעכ־טיקער ברוסט, וועל איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן. ער האָט אונדז אַלעמען מיט־געריסן, אָבער אין פאַרגלייך מיט אים, מיט זיין שפּרינגען אין דער לופטן, מיטן צעפלאַמטן פּנים און די פלאַמיקע קאַרע אויגן, האָבן מיר אויסגעזען נעבעכדיק. מיר האָבן געלאַכט און צוגעזונגען און צוגעפּליעסקעט, און ער האָט גייענדיק געטאַנצט, דריקנדיק די רייניקייט צום האַרצן, ווי אַ יונגער

פאַרליבטער פאָטער דריקט זיין קינד. וויפל גדלות עס איז געווען אויסגעגאָסן אין זיין עקזאַלטירטן בליק און אין זיין גאַנצער געשטאַלט! אין פאַרגלייך מיט אונדז, איז ער געווען אַן עם הארץ, אָבער איצט — אַ גלייכער שותף צו דער הייליקער יידישער ירושה. ער האָט זיך ווי געדרייצט מיט אונדז. זיינע ווייסע ציין האָבן אין אַ מין פאַרגליווערטן שמייכל געגלאָנצט אויף אונדז און פון צייט צו צייט האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ מין „אך" ווי פון גרויס וויטיק, אָדער פון גרויס תענוג.

— וואָס באַטראַכסטו מיך אַזוי? — האָט דזשייק מיך געפרעגט.

— איר דערמאָנט מיר אַ סך אין דער אַלטער היים — האָב איך זיך פאַרענטפערט.

— ביסט אַ זעמליאַק? — האָט ער געפרעגט.

— יאָ... — און איך האָב אָנגערופן מיין דאָרף.

— אַ ביסל ווייטלעך, אָבער איך געדענק, איך געדענק — ער האָט זיך פאַרטראַכט. איך האָב באַשטעלט צוויי גלעזלעך בראָנפן. ער האָט זיינס גענומען אין האַנט און געקוקט אויף מיר מיט דאַנק און מיט חשד, און מיט חוזק...

— ביסט אַ גוד באָי — האָט ער אַ זאָג געטאָן — זאָלסט נאָר ניט זיין פון יענע לייט. און זאָלסט געווען שכל האָבן צו באַשטעלן דעם טרונק פאַרן עסן...

— וואָס'אַראַ לייט מיינט איר?

— מאַך זיך ניט געפגרט... דו ווייסט, וואָס איך מיין.

— ניין, איך ווייס ניט.

— ניין, דו ווייסט יאָ... דו לייקנסט מיר אַזוי, אַז דו זעסט די וועלט ניט פאַר זיך. אפשר ביסטו גאָר אַ שרייבער. באַשרייבסט מענטשן, שטעלסט זיי אויס צו לייטיש געלעכטער. נעמסט צרות, יענעמס צרות און מאַכסט פון זיי אַ פיקטשע... נאַט מענטשן, קוקט אָן דזשייק יאַבלאָנסקין און זעט וואָסערע בריאה ער איז... וועסט מיך באַשרייבן, האַ?

— פאַרוואָס זאָל איך אייך באַשרייבן? וואָס האָב איך צו אייך?

ער האָט מיר געדראָט מיט אַ שווערן פינגער.

— מיר קענען אייך. איינער פון אייערע איז געקומען צו מיר אין דזשעיל. ער ווייסט, זאָגט ער, די גאַנצע מעשה, כאַ־כאַ!... ער מיינט, אַז ער ווייסט... נאָר ער וויל זי הערן פון מיין מויל און ער וויל זי אָפדרוקן אין די גאַזעטן, מיט אַ בילד פון מיר. איך האָב אים אַרויסגעטריבן, אַרויס־געיאָגט. איך האָב אים נאָר דערלאַנגט אַ קוק אָן, איז ער געוואָרן קלענער און זיך אָנגעהויבן אַרויסרוקן.

ער האָט ניט געוואָלט טרינקען ביז איך וועל אָנהייבן. איך האָב אים צוליב געטאָן. איך האָב זייער געוואָלט אויסנעמען ביים חברה־מאַן און איך האָב אין גרויס שרעק איבערגעקערט מיין גלעזל בראָנפן און עס מיט איין מאָל אַריינגעגאָסן אין מיין שלונג.

— ביסט דאָך אַלרייט! — האָט ער אויסגערופן און זיין גלעזל ספּירט איז אַריין אין אים מיט איין שאָס. זיין פּנים האָט אויסגעדריקט גלייכגילט. איך האָב געפילט ווי מיין פּנים ברענט. אין האַלדז האָט מיר געריסן און געשטאָכן. איך האָב אַ שלונג געטאָן אַ ביסל וואַסער און זיך קוים באַרואיקט. דזשייק האָט געלאַכט פון מיר, אָבער איך האָב געזען, אַז איך געווין אים, אַז אָט־אָט און ער וועט אָנהייבן דערציילן.

צו אונדזער טישל פּאַר פיר מענטשן זיינען צוגעקומען צוויי.

איך האָב זיך אויפגעהויבן פון מיין אָרט. דזשייק איז מיר נאָכגעגאַנגען. „איצט, האָב איך געטראַכט, וועט ער אַוועק, און איך וועל אים אפשר מער קיינמאָל ניט זען".

ניט אָפּצולאָזן אים, האָב איך גלייך אָנגעקניפּט דעם איבערגעריסענעם שמועס.

— דזשייק — האָב איך געזאָגט — איר זייט ניט גערעכט.

— וואָס מיינסטו? — האָט ער בייזלעך אַ בורטשע געטאָן.

— וואַרט, לאָמיך באַצאָלן, וועלן מיר זיך צוזעצן אויף אַ באַנק און איך וועל אייך געבן צו פאַרשטיין, וואָס איך מיין.

— עט — האָט ער מיך אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט — וואָס קאָנסטו מיר זאָגן... אָבער, אַז דו וועסט מיר קויפן נאָך איין טרונק, פאָלג איך דיך.

איך האָב אים צוליב געטאָן.

פונעם צווייטן גלעזל משקה האָט ער זיך ווי דערוואַרעמט און ער איז מיר נאָכגעגאַנגען צוריק אין סקווערל אַריין.

אין דרויסן איז שוין געווען אָונט, אָבער זיין סאָלידע טונקלקייט איז געשטערט געוואָרן פון די גאַסן־לאָמפּן. זיי האָבן אַזוי העל געלויכטן, אַז ווען איך בין דורכגעגאַנגען אַ דראָטענעם קויש מיט אַלטע צייטונגען, האָב איך זיי געקאָנט לייענען.

אויך אין סקווער האָבן די לאָמפּן שטאַרק געלויכטן, אָבער דאָ האָט מען נאָך געקאָנט געפינען אַ טונקל ווינקל. דאָ האָבן די גרינע בענק איצט אויסגעזען שוואַרץ און די מענטשן אויף זיי האָבן הויך גערעדט, עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטן דערוואַכט מיטן אָנקומען פונעם אָונט צו פרישע רייד און ניי געלעכטער.

ניט צו פאַרלירן מיין פאַרגעפילטע דערציילונג, האָב איך באַצייטנס אָנגעהויבן ריידן.

— איר זענט ניט גערעכט, מיין פריינד. איר זענט אומגערעכט דערפאַר, ווייל ניט אַלע שרייבער באַשרייבן אויף אַרויסצושטעלן יענעמס צרות פאַר דער וועלט. נאָך אַלעמען זיינען מיר פּאַרט לאַנדסלייט. איך פיל, אַז עמעצער האָט אייך זייער ווי געטאָן און איר טראָגט אַ שווערע משא אין האַרצן. טאָ רעדט זיך אַראָפּ, רעדט זיך אויס דאָס האַרץ, וועט אייך גרינגער ווערן. אויב איר טראָגט זיך אַרום מיט שלעכטע געדאַנקען, וועלן זיי אייך אפשר צורו לאָזן.

— בעבעסט אין דער וועלט אַריין — האָט ער מיך גראָב איבערגעשלאָגן

— איך בין קיינעם גאָרניט שולדיק און מיין סאָוועסט (געוויסן) איז ריין. מע האָט מיר ווי געטאָן, נו, שריי איך. איך האָב געשריגן און וועל ווייטער שרייען און קיין דזשעיל וועט מיך ניט שטום מאַכן. איך האָב זיי אין דער אדמה, האָב איך זיי!

מיר האָבן געפונען אַ באַנק און זיך צוגעזעצט.

דורך די באַבלעטערטע צווייגן האָט אויף אונדז געקוקט דער עלעקטרי־שער לאָמפּ, און ווען אַ ווינטל האָט די צווייגן געוויגט, האָט עס אויסגעזען, ווי דער לאָמפּ שפּילט זיך מיט אונדז אין באַהעלטעניש און ווינקט דערביי צו.

ער האָט מיך אָפּגעמאָסטן מיט זיינע קליינע אויגן און ווידער געפרעגט:

— וועסט מיך באַשרייבן, וועסטו ניט?

— איך וועל טאָן, ווי איר ווילט — האָב איך געזאָגט. — גוט?

— מיינסט, דו וועסט אויסהערן און פאַרגעסן?

— ווי איר ווילט. אויב איך וועל אייך ניט פאָלגן, וועט איר מיר אויס־זעצן אַלע ציין.

— דאָס איז זייער גרינג! — האָט ער צוגעשטימט און געבעטן מיין אַדרעס. איך האָב אים דערלאַנגט מיין וויזיטקאַרטל. ער איז אַוועק צום לאָמפּ, זיך דאָרט פאַרזאַמט אַ פּאָר מינוט און זיך אומגעקערט אַ צופרידענער.

— אָלרייט? — האָב איך געפרעגט.

— אָלרייט — האָט ער מסכים געווען. ער האָט זיך געזעצט לעבן מיר און ווייטער געשוויגן.

— נו, — האָב איך אים געמונטערט.

— ביסט זייער ביזי? — האָט ער מיך שפּאָטיש איבערגעפרעגט.

— ניין, איך האָב גענוג צייט. עס איז אייך שווער הייַנט, קאָנען מיר עס טאָן מאָרגן.

— צו וואָס אָפּטלייגן? — ער האָט זיך געדרייט אויף דער באַנק און זי האָט געקרעכצט אונטער זיין שווערן גוף — דיר איז גרינג צו רעדן. אַ'ל בעט יו, (איך וועט זיך) דו ביסט אַ ספּיקער (רעדנער) אויך. עפּנסט דיין מויל, און סע גייט אַ גאַנג... אַ גלאָט ציגנגעלע, האַ? ביי מיר איז טראָבל — ער האָט אָנגעוויזן פּריער אויפן קליינעם טעמפּן שטערן, נאָכדעם — אויפן ברייטן מויל און געזאָגט: „טוט יעסט, אַ טוט ביעמאַ". (דאָ איז דאָ, און דאָ איז ניטאָ). אַ פּעלד אַקערן איז ניט קיין גרויסע תורה. שווער נאָר איז צו מאַכן דעם ערשטן שניט. די אַנדערע וועלן אים שוין נאָכגיין. איז דער ערשטער צעאַקער אַ גלייכער, וועלן אַלע אַנדערע שניט זיין גלייך. טאָמער אָבער ניט — דעמאָלט איז פּו, חוזק.

„אָט אַזוי דאַרף איך אָנהייבן, און איך ווייס ניט ווי מע מאַכט דעם ערשטן איינשניט. אַז עס איז אַזאַ אַלטע, אַזאַ'ן אַלטע־אַלטע מעשה, נאָך פון

דער אַלטער היים. איך וואָלט שוין יענע מעשה לאַנג געוועז פאַרגעסן, ווען ניט גאָט... ער האָט עס מיר אָפּגעטאָן, האָט ער מיר! אוי, האָט ער מיר דערלאַנגט! און איך האָב דאָס כשר פאַרדינט...

„איך בין אַן „אייעריקער". פלעג איך אויפקויפן אייער ביי די מוזשיקעס און אַלע וואָך ברענגען אין שטאָט אַריין אַ פולן וואָגן מיט אייער. איך האָב אין שטאָט געהאַט עטלעכע קונים, אָבער זיידל פּאַניטש איז געווען מיין בעסטער קונה. מיינסט, איך האָב ביי אים פאַרדינט מער, ווי ביי אַנדערע? נאָ, סער! פונקט פאַרקערט... וואָס־זשע איז געווען דער שכל? אַריינקומען צו אים אין הויז אַריין און זען זיין דבורהקען. (דזשייק האָט דעם נאָמען אַרויסגערעדט דווערקע, מיט אַ שאַרפער ריש). שטענדיק האָב איך זי גע־טראָפן מיט אַ ביכל אין האַנט. ווען איך פלעג אַריינקומען, זי טרעפן לייענען און זי פלעגט פונעם ביכל אויפהייבן אירע גרויסע אויגן, ברוינע ווי וועלטשע־נע ניס, און אַ קוק טאָן אויף מיר, פלעג איך ווערן אויס מענטש.

„און אָרעם איז דער זיידל געווען, אוי ווי אָרעם! זיי האָבן פראָסט און פשוט געהונגערט. אַ זאַט הויז דאַרף די שפייז ניט אַרויסשטעלן. קומסט אַריין אין אַ זאַט הויז, דערשמעקסטו די גוטע זיסע ריחות. און ביי די פּאַ־ניטשעס, האָט זיך געפילט ווי סע שמעקט מיט ליידיקייט. אויף דער פּאָליצע האָב איך זעלטן געזען אַ ברויט. נו, האָב איך געבראַכט קאַרטאָפּליעס, בורעקעס, מעל און צוקער. זיידל האָט מיר געשטופּט אַ ביסל זילבערגעלט אין האַנט אַריין. איך האָב זיך געמאַכט ניט ווויסנדיק... איך האָב געזוכט די אויגן, וואָס קוקן אויף מיר, עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט געווען אַ מלאך. אָט דער בליק איז געווען מיין אייציקע און גרעסטע באַלוינונג.

## קאַפּיטל דריי

יאַבלאָנסקי האָט דערציילט אויף זיין שטייגער. זיין יידיש איז געווען פאַרבראַקט ניט נאָר מיט אַ מאַסע אַנגליציזמען, נאָר אויך מיט היימישע אוקראַינישע אויסדרוקן. און דער סטיל, דער סטיל!... אָט ווי צעבראָכן און פאַרמלאָז ער איז ניט געווען, וואָלט איך אים געוואָלט פרעזערווירן און זיין דערציילונג איבערגעבן וואָרט אין וואָרט. אָבער ווי געדענקט מען עס איטלעך וואָרט? און וואָס טוט מען מיטן שלל ווערטער, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין איין איבערחזרן? הייגט, זיין אָפּשטעלן זיך אין מיטן און זיך דערמאָנען, און זיך אַלעמאָל אומקערן צוריק־צוריק? און דער אימפעט? אָט איז ער געווען שטורמיש, אָט שטיל ביז פּליסטערן. און די ענדערונג אין זיין שטים און דאָס גלאַנצן מיט די אויגן און דאָס פאַרדריקן דאָ איין פויסט, דאָ די צווייטע, און דאָ ביידע מיט איין מאָל? און וואָס ער האָט ניט געקאָנט אויסדריקן מיט ווערטער, האָט ער דערגאַנצט מיט אַ ברום, מיט אַ זעץ זיך אַליין אין ברוסטקאַסטן, אין די קני, אין שטערן און אַפילו איבערן מויל. נאָך יעדן צווייטן, דריטן זאַץ האָט געפּאָלגט אַ קללה, אַ זידלוואָרט פון

יענעם מין, וואָס מע קאָן ניט פאַרעפנטלעכן. און אָט דאָ, אינעם זומערדיק־אָונטיקן סקווערל, אויף דער ברייטער באַנק בין איך געזעסן, אַ באַרויש־טער פון אַ שטאַרקער דערציילונג און אַ באַגאָסענער מיט אַ געדיכטן שטראָם פון די ערגסטע קללות און זידלווערטער, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין דריי לשונות: יידיש ענגליש און אוקראַיניש.

אויב איך וועל מיט אָט דעם קליינעם איבערדרייס קאָנען אויספילן דעם בלויז אין דער שילדערונג פון מיין העלד, וועל איך זיין צופרידן, אָבער נאָכ־גיין דזשייקן וואָרט נאָך וואָרט, איז אוממעגלעך. דעריבער וועט דאָס ווײַ־טערדיקע זיין אַ געמיש פון צוויי סטילן, פון מיינעם און פון זיינעם, און איך פאַרזיכער איך, אַז וויפל ס׳זאָל ניט בלייבן פון זיין פאָרמע פון דערציילן, וועט זיין געבוג...

דער גאַנג פון אָונט איז איבגאַנצן אַן אַנדערער, ווי — פונעם טאָג. מע זעט ניט די באַוועגונג פון די שטערן און דער גאַנצער אַרום איז עפּעס ווי אַלץ וואָלט זיך אָפּגעשטעלט און וואַרט. און אַזוי גייט דאָס אָן, ביז דער לעצ־טער פינצטערניש, איידער דער פרימאָרגן ברעכט דורך זיין וועג צו אַ נייעם טאָג. נאָר די שטייגנדיקע שטילקייט אַרום אונדז האָט געוויזן, אַז דער אָונט שטייט ניט אויף איין אָרט. די באַוועגונג אין גאַס איז געוואָרן שוואַכער און אייניקע בענק אַרום אונדז האָבן זיך אָנגעהויבן אויסצולײדיקן פון די מענטשן.

דזשייק האָט פאָרגעזעצט:

— אַזעלכע קבצנים, אַזעלכע פליאָסקעדריגעס!... ווען דער טאַטע דבורהקעס האָט פאַרשטאַנען צוליב וואָס איך קום אַריין און צוליב וועמען איך ברענג די אַלע גוטע זאַכן, האָט ער זיך אָנגעדויעט (אָנגעבלאָזן). סע האָט מיך געברענט און געבראָטן. איך בין אַוועק צוריק אין מיין דאָרף און איך האָב געזאָגט צו זיך: „יאַנקעלע, ניט פאַר דיר. ביסט געווען אַ שיקסע־בחור און אַ שיקסע־בחור וועסטו זיין”. די שיקסעס זיינען פאַר מיר די כפרה געווען און איך האָב ווייטער געהוליעט, אָבער דאָ — ער האָט אָנגעוויזן אויפן האַרצן — דאָ איז שוין עפּעס קאַליע געוואָרן. ניט געקאָנט מער הנאה האָבן. איך האָב געקושט שיקסעס און פאַר די אויגן איז מיר געשטאַנען דבורהקע. זי האָט זיך מיר אַפילו אָנגעהויבן חלומען... איך האָב זיך געפּלאָנ־טערט אין ציילן און אין רעכענען... עס האָט ניט געטויגט.

איך בין ווידער אַוועק מיט מיין וואָגן אייער און ווידער פאַרפאָרן צו די פאַניטשעס. ווי אַזוי דער טאַטע האָט אויף מיר געקוקט, האָט מיך ניט געאַרט. איך האָב געוואָלט זען זי, זי אַליין. ווען איך וועל אַ קוק טאָן אויף איר, וועל איך וויסן וואו איך בין אין דער וועלט.

„איך האָב זיך גערעכנט מיטן שיינעם באַלעבאָס און דערוויל געזוכט דבורהקען. אָבער זי איז ניט אַרויסגעקומען מיט איר ביכל און זי האָט ניט געקוקט אויף מיר. די ברידערלעך מיט די שוועסטערלעך האָבן מיך אַרומ־געריינגלט און געשטשעבעטשעט ווי די הונגעריקע פייגעלעך. און די פאַ־

ניטשיכע, די מאַמע, האָט מיך אַפּילו אַ פּרעג געטאָן, וואו בין איך געווען די גאַנצע צייט. אָבער יאַנקעלען באַרט מען ניט... איך האָב געזען: מיין סחורה דאַרף מען, מיינע מתנות קאָן מען נוצן. איך בין טריף...

„האָב איך זיך פאַרזאַמט נאָך אַ ביסל און אַוועק מיט אַ נאָז. אָבער איך האָב שוין ניט גערוט, ביז איך האָב געזען די איידעלע באַרישניע.

„זי איז ווי שטענדיק געזעסן ביים קליינעם רונדן טישל און געלייענט. איך האָב זי באַטראַכט. זי איז געווען אַ תל, בלייך און די גרויסע אויגן נאָך גרעסער.

„איך האָב געוואָלט עפּעס זאָגן, און דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן האָב איך דערפילט, אַז מיין צונג דינט מיר ניט... איך האָב אַ הוסט געטאָן. דבורהקע האָט אויפגעהויבן די אויגן פונעם ביכל. אירע גרויסע אויגן האָבן געקוקט גלייך אין מיינע און איר קליין מויל האָט געשמייכלט. זי האָט מיך געפרעגט: „וואָס מאַכט איר?"

„— גאָט צו דאַנקען, — האָב איך געענטפערט. אירע אויגן גלייך צו מיר און דער שמייכל אירער האָבן מיר צוריק געגעבן מיינע כוחות. מיין האַרץ האָט מיר אַ יאָג געטאָן: איך האָב מורא געהאַט, איך זאָל ווידער דאָס לשון ניט פאַרלירן. האָב איך איבערגעלאָזט דעם טאַטן מיט די חשבונות, בין צוגעגאַנגען צו דבורהקען און געזאָגט:

— „איך וויל מיט זיי עפּעס רעדן.

„זי איז געוואָרן רויט. זי האָט אַוועקגעלייגט ביידע הענט אויפן אָפענעם ביכל און עפּעס אַזוי ווי מיט מורא געקוקט אויף מיר און געשוויגן. דער טאַטע אירער פלעגט רעכענען אויף ביינדלעך. איך האָב דערהערט, אַז די ביינדלעך האָבן אויפגעהערט צו קלאַפּן. איך האָב זיך געגעבן אַ קוק אום און דערזען, ווי פאַניטש ווינקט צו דער טאָכטער און מאַכט צו איר מיט די הענט.

„איך האָב גוט פאַרשטאַנען, וואָס ער האָט געמיינט. איך בין אַוועק ווידער מיטן מיין, מיין פוס זאָל דאָ מער ניט שטיין! אָבער אַ געדאַנק האָט מיך ניט געלאָזט רוען: מיר האָט זיך געמאָלן, אַז זי אַליין וויל מיך. אַ קוק טאָן אויף מיר אין יענע צייטן, באַיעלע, איז געווען — אָהאָ! הויך, געזונט און שיין, און אַ גוטער פאַרדינער.

„צוויי יידישע משפחות האָבן זיך אַרויסגעצויגן פון אונדזער דאָרף. מיר האָבן מער ניט געקאָנט האָבן קיין מנין און מיר זיינען געפאָרן אין שטעטל אויף ימים נוראים.

„און דאָרט האָב איך דאָס פּיגעלע געפּאַקט. איך בין געווען אויסגעפּוצט אין מיין שענסטן גאַרניטער, זי — אין אַ פּליושן קלייד, מיט אַ ווייס קעלנערל הויך ביז דער גאָמבעלע. און דאָס פּנים ליכטיק, ווייס... איך האָב געמיינט, אָט צי איך זיך אויס פאַר איר אין מיטן גאַס.

„מיר האָבן זיך געווינטשעוועט לשנה טובה. איך האָב אויסגעשטרעקט

מיין גרויסע לאַפּע און באַלד אין איר דערפילט דבורהקעס הענטל. דער גוט־טער יאָר זאָל מיך נעמען! איך האָלט איר הענטל אין מיין האַנט און איך ווייס ניט וואָס צו טאָן. עס איז גרינג און וואַרעם, ווי איך וואָלט געהאַלטן אַ קליין פייגעלע נאָר־וואָס פון דער נעסט אַרויס!

„קיין סך רעדן האָב איך ניט געקאָנט, האָב איך געזאָגט אָבער און ווידער: לשנה טובה, לשנה טובה. און זי „גם אתם" און ווידער „גם אַתם"... ביז איך האָב זיך אָנגעטאָן אַ גרויסן כוח און אַרויסגעפּלאַצט: „איבעראַיאָר אין דער צייט זאָלט איר שוין זיין מיינע".

ער איז מיט איין מאָל שטיל געוואָרן. ער האָט געטייטלט אויף מיר מיט זיין שווערן פינגער און זיך געריצט מיט מיר: „נו, ביסט דאָך אַ גאַנצער חכם... וואָס, מיינסטו, האָט זי מיר געענטפערט, וואָס, האַ?

— זיך מסתמא דערשראָקן און אַנטלאָפן?

ער האָט געלאַכט. „איר, געשטאָמבירטע, מיינט איר ווייסט אַלץ... נאַ, סער, ניט דערשראָקן זיך און ניט אַנטלאָפן, נאָר געענטפערט „אָמן", אוודאי ניט מיטן גאַנצן האַרצן, אָבער איר וואָרט איז מקוים געוואָרן.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זי וועט זיך לאָזן בויגן און איך האָב אַלע פּאַניטשעס געהאַט אויף אַ גוט אָרט. ס'ערשטע האָב איך אָנגעהויבן וואַרפן מיט געלט. איך האָב געקויפט מתנות און אָנגעבראַכט פונעם דאָרף עסן און נאַשן. און קיין נדן האָב איך ניט געמאָנט, אויסשטייער פאַר דער כלה און צירונג אַפילו האָב איך געקויפט.

„אַלץ איז געגאַנגען, נאָר ווי אַ מענטש קאָן זיך אַליין ווינטשעווען, נאָר אין איין זאַך איז מיר ניט געגאַנגען: לשון. וואָס בין איך, חלילה, קיין ייד ניט? נו, איך רעד גויעש ווי אַ גוי, אָבער צו טאַטע־מאַמע — נאָר יידיש. און ביי די פּאַניטשעס האָט מיין יידיש ניט געטויגט. מע האָט זיך איבערגעקוקט, געשמייכלט, צוגעוואונקען און מיין שווער, און אויך מיין יונג ווייבל האָבן מיך אַפילו אָנגעהויבן לערנען, ווי אַ ייד דאַרף רעדן. און ניט נאָר רעדן, נאָר ווי מע דאַרף זיצן ביי אַ טיש און ווי מע דאַרף זיך באַנעמען מיט מענטשן, מיט איגענע און מיט פרעמדע . . . ווי מע דאַרף זיך וואַשן פאַרן עסן און וואָס מע דאַרף זאָגן פאַרן עסן און — נאָכדעם. מע האָט מיך די זאַכן קיינמאָל ניט געלערנט. אין האַרצן בין איך געוועזן אַ ייד, און דער קאָפּ מיינער אַ גוישער, לײדיק, איינגאַנצן אויסגעליידיקט פון אַ יידיש וואָרט...

„ביז דער חתונה בין איך געווען אַ פרייער פויגל. איך האָב געזונגען ביי דער אַרבעט אין גאָרטן און אין פעלד. און פאָרנדיק אין שטאָט, צי פונעם שטאָט, האָט מיין קול געקלונגען איבער אַלע פעלדער. מענטשן האָבן מיך דערפאַר ליב געהאַט, גוים זיינען מיר נאָכגעגאַנגען צו הערן מיין געזאַנג. און דאָ בין איך אַריין ווי אין אַ טורמע. אַלע האָבן מיר נאָכגעקוקט און אַכטונג געגעבן אויף מיר... עפּעס ווי איך וואָלט מיט איין מאָל געוואָרן אַ שנעק און מע לערנט מיך דרך ארץ... עס איז מיר געוואָרן ענג און דער שלאָף

האָט מיך אַ סך מאָל ניט גענומען. איך בין געלעגן מיט אָפענע אויגן און איך האָב זיך געזען אין דאָרף... סע האָט מיך אָנגעהויבן ציען אַהין, צו מיינע שקצים, צו די שיקסעס. עס האָט מיר באַנג געטאָן דער גאַנצער עסק. איך האָב דאָך געקאָנט געווען נעמען מיין גלייכן און לעבן ווי אַ מענטש, ניט מע זאָל מיך ערשט איצט, נאָך דער חתונה לערנען ווי צו רעדן.

„דבורהקע איז פאַרגאַנגען אין טראָגן. איך האָב זיך אַ ביסל איינגעהאַלטן מיט מיינע דאָרפישע חלומות. עס איז געקומען אַ מיידעלע. איך האָב געוואָלט אַ זון. אַ כעס האָט אין מיר געברענט. דאָס קינד איז געווען ווי אַ מלאכל, אינגאַנצן די מאַמע. צו דריי חדשים האָט מען עס שוין געקאָנט זען. און איך האָב געטראַכט, אַז מיין טאָכטער וועט אונטערוואַקסן, וועט זי מיך אפשר אויך לערנען דרך ארץ...

„דיר לאַנג ניט ברייען. איך האָב זיך סקאָמפּאַניעט מיט אַ יונגער ווייבל. איר מאַן איז געווען אין די סאָלדאַטן. זי איז געבליבן איינע אַליין, אין אַ שטיבל, אָן אייגענע, אָן אַ קינד אַפילו. און זי האָט מיך צוגענומען אַזוי גרינג און אַזוי גוט, אַז איך האָב זיך דערפילט יונג און פריי. זי איז געווען אינגאַנצן מיין גלייכן. זי האָט גערעדט מיין לשון, און וואָס איך האָב געזאָגט, איז געווען גוט און וואָס איך האָב געטאָן איז געווען שיין.

„נאָר איין זאַך, האָט מיין נייע ווייבל ניט געוואָלט ליידן, וואָס זי דאַרף זיך טיילן מיט אַן אַנדערער. זי האָט מיך געוואָלט אינגאַנצן. אָבער ווי אַזוי?

„די צייט איז דערווייל ניט געשטאַנען. דבורהקע איז ווידער פאַרגאַנגען אין טראָגן, דאָס מאָל האָט זי מיר שוין געגעבן אַ זון, אָבער איך בין אין יענער צייט אַזוי געווען פאַרליאַפּעט אין דער ווייבל, אַז אויך דאָס צווייטע קינד האָט מיך שוין צו דבורהקען מער ניט געקאָנט צובינדן.

„און איין נאַכט בין איך מיט מיין עטלען אַוועק אַהער.

„דיר זאָגן, אַז איך בין געווען גליקלעך, ווייס איך ניט. שיכור בין איך זיכער געווען, שיכור פון דער יונגער שייגער און געזונטער ווייבל און שיכור פון דער פרייהייט, וואָס איז ווידער אַרויף אויף מיין נאַרישן קאָפּ.

## קאַפּיטל פיר

וואָס טיפער דער אָוונט איז געוואָרן, מער האָט זיך געענדערט ניט נאָר דאָס קול פון מיין דערציילער, אויך די צאָל קללות און חרמות איז געוואָרן קלענער, און די אַרויסגעזאָגטע גראָבע רייד האָבן אַ ביסל אָנגעוואוירן זייער האָפערדיקייט.

איך האָב אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז ער האָט זיינע עלטערן ניט דערמאָנט...

— הע! — האָט ער אויסגערופן — דו ווילסט אַלצדינג אויסטאַפּן מיט איין מאָל? אַז איך זאָל דיר וועלן דערציילן די גאַנצע מעשה אַרום און אַרום, וועלן מיר דאָ דאַרפן טאָגן און נעכטיקן...

„נו, און וועגן דעם יאָלד האָב איך דיר אויך ניט דערציילט. אָבער אים קאָן איך שוין ניט אויסמיידן, די ערד זאָל אים אַרויסוואַרפֿן, דעם... ער איז אויך געווען פֿון אַ דאָרף, אָבער אַ געלערנטער און מע האָט געזאָגט אויף אים, אַז ער איז אַ גרויסער בעל־חשבון. נאָר ער האָט נעבעך ניט געהאַט וואָס צו ציילן... אַן אָרעמאַן, אַ זלידניע, אַ באַדל... אַ פֿולער קאָפּ מיט תורה און אַ ליידיקער בויך. און גרויס איז דאָס געווען ביי זיך, כאָטש נעם אַראָפּ פֿאַר אים דאָס היטל...

„איך האָב אים עטלעכע מאָל געטראָפֿן ביי די פּאַניטשעס. ער האָט געפֿגרט נאָך דבורהקען. אָבער אַן אָרעמאַן טויג צו גאָרניט... מיט תורה אַליין קאָן מען קיין ווייב און קינדער ניט פֿאַרהאָדעווען.

„מיר האָט ער זייער ווי געטאָן. זיין איידל פּנים האָט אין מיר אַלע מיינע קישקעס איבערגעקערט. זיינע אויגן... ער האָט אויף מיר קיין איינציקן קוק ניט געטאָן, און ווען ער האָט מיך דערזען, איז ווי איך וואָלט געווען אַ קלאָץ. ער האָט געוואוסט צוליב וואָס איך קום און ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז איך בין פֿון יענע, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן צו באַדינען יענעם, און אַ באַדינער איז גלייך צו גאָרניט.

„ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז איך בין אַ חתן געוואָרן פֿאַר דבורהקען, איז ער פֿאַרשוואונדן געוואָרן. איך האָב זיך דאָס האַרץ געגלעט: פּטור גע־וואָרן פֿון אַ פֿליאַסקעדריגע. מיין דבורהקע איז געווען אַ ביסל צעטראָגן. איך האָב אין זיך געלאַכט און איך האָב זי איין מאָל אַ פֿרעג געטאָן: „וואו איז דיין שיינער פֿויגל אַהינגעקומען?" „גאָט ווייסט" האָט זי געענטפֿערט. איך האָב זי געוואָלט פֿרעגן, צי זי בענקט נאָך אים, אָבער אָט אַזוי גרויס ווי איך בין, האָב איך פֿאַר דער דבורהקען מורא געהאַט... אַפֿילו נאָך דער חתונה האָב איך אויף איר מיין האַנט ניט געהויבן, אַזוי ווי מע קען ניט שלאָגן אַ שוואַך קינד.

„וואָלט זי געווען אַרויסגעוויזן בענקעניש און געווען מאַכן פֿוילע שטיק, איז ווער ווייס, צי וואָלט איך זיך געווען באַהערשט. אָבער איך האָב געזען, אַז זי איז פֿאַרקאָכט אין מיר, פֿאַרליאַפּעט ביז איבער די אויערלעך אירע.

„איך האָב מער זיין נאָמען ניט דערמאָנט. איך האָב פֿאַרגעסן אין אים.

„דאָ, אין אַמעריקע, איז מיר מיט איין מאָל געוואָרן ביטער און פֿינצטער: מיין מסחר איז דאָ געווען גאָר־גאָר אַן אַנדערער. סע האָט מיר גענומען אַ פּאָר יאָר, ביז איך האָב זיך דערוואוסט, אַז מיין גרויסע מבינות אויף אייער קאָן אויך דאָ צונוץ קומען. אָבער דערווייל האָט מען געמוזט לעבן אַליין און שפּייזן אַ ווייב... און אַ דאָרפֿסמענטש בין איך געווען, קיין לאַנדסלייט ניט געהאַט. און די לאַנדסלייט פֿון דבורהקעס שטעטל וואָלטן מיר אַוודאי ניט געווען געהאָלפֿן. זיי האָבן אַוודאי געוואוסט, וואָס איך האָב אָפּגעטאָן אַ ליי־טישער יידישער טאָכטער.

„מיט איין מאָל האָב איך זיך דערפֿילט פֿרעמד ניט נאָר צו דעם נייעם

לאַנד, נאָר צו יעדן לעבעדיקן מענטשן. איך בין געוואָרן איבעריק און האָב זיך איטלעכן געפּלאָנטערט אונטער די פיס.

„מיין שיין ווייבל האָט מיט איין מאָל באַקומען דאָס לשון... זי איז אויך פריער קיין שטומע ניט געווען און די צונג האָט מען איר ניט געדאַרפט פּיקן... אָבער זי האָט זיך דאָ דערמאָנט אַלע היימישע קללות און זיך גאָר גיך אויסגעלערנט די היגע מיאוסע רייד. און וואָס זי האָט מיר דערלאַנגט, וואָס זי האָט מיר געזאָגט!...

„איך האָב פאַרביסן די ליפּן און געשוויגן. פון אַ גרויסן פאַרדינער, וואָס בין איך געוואָרן? אַ באַכטוועכטער ביי דער באַן. ווי קום איך אַהין? פון צרות בין איך אַריין אין אַ סאַלון און דאָרט געטראָפן אַ פויער פון מיין דאָרף. מיר האָבן זיךביידע גוט אויסגעוויינט. ער האָט מיך געטרייסט און מיר געהאָלפן קריגן אַ שטעלע ביי דער באַן, וואו ער האָט שוין עטלעכע יאָר געאַרבעט.

„איך האָב אָנגעהויבן ברענגען געלט. עטל האָט מיך ניט אַזוי שטאַרק געזידלט, אָבער צופרידן איז זי ניט געווען. איך האָב מיט אַ צייט שפּעטער באַמערקט, אַז זי איז מיר עפּעס צו שטיל געוואָרן, צו שטיל און צו גוט. געטראַכט האָב איך, אַז אַ יידענע דאַרף ניט קיין סך... גיב איר אַ גוטע פיידע, איז זי צופרידן... נו, בין איך אויך צופרידן... אָבער איר קוקן מיר גלייך אין די אויגן און מיך אין מיטן דרינען אָנהויבן קושן, איז מיר ניט געפעלן...

„אַזוי האָט זי מיך אַפילו אין דער היים קיינמאָל ניט געקושט. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זי נאַרט מיך...

„יאָ. עטל האָט מיך גענאַרט. געלט האָט זי שיכור געמאַכט. איך האָב באַמערקט אַ ניי טישטעך, אַ ניי דעקל אויפן בעט, אַ ניי קלייד אויף איר איר שיין פּנים האָט זיך געריוויטלט, אַזוי ווי זי וואָלט געווען אַ כלה. וואָס אַ טאָג האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז עטל ווערט שענער. און וואָס אַ טאָג האָב איך געפילט, אַז איך ווער עלטער. אַלט און קראַנק. ביז איך האָב ביט געוואוסט, צי זי נאַרט מיך, האָב איך זיך נאָך געהאַלטן אויף די פיס. אָבער ווען איך האָב זי געפּאַקט מיט אים, איז די זון פאַר מיר אונטערגעגאַנגען.

„מיט איין מאָל האָב איך זיך דערמאָנט, אַז איך האָב געלאָזט אַ ווייבל מיט צוויי פּיצלעך קינדער און סע האָט מיך אַ טראָג געטאָן צוריק, צוריק אַהיים... פאַלן איר צו די פיס און בעטן ביי איר מחילה.

„די עטל האָב איך אַזוי צעהרגעט, אַז זי איז קוים אַ לעבעדיקע אַרויס פון מיינע הענט. טאָן האָט זי מיר גאָרניט געקאָנט, ווייל זי איז דאָך ניט געווען פאַרהייראַט צו מיר. בין איך אַוועק און געשלאָפן לעבן באַן־סטאַנציע אין אַ ביליקן, שמוציקן האָטעל, צווישן באָמס און כלעראליי אויסוואורפן.

„יאָ, ס'איז פון מיר געוואָרן אַ שיינער לייט...

„דערווייל האָב איך געשפּאָרט געלט אויף דער הוצאה צו פאָרן אַהיים. פון קומען צוריק אַהער האָב איך ניט געטראַכט מער. נאָר דערשלאָגן זיך

אַהיים, אַהיים, צו מיין מסחר. ווידער ווערן אַ מענטש, אַ באַלעבאָס פאַר זיך.

„מיין גוישער לאַנדסמאַן האָט געשריבן אין דאָרף אַריין, אַז ער האָט מיך דאָ געטראָפן, און ער האָט פון דאָרט געהאַט אַ בריוו. האָט מען אים געשריבן, אַז דבורהקע איז פאַר צרות געשטאָרבן.

„איך וועל יענעם אָוונט קיינמאָל ניט פאַרגעסן. עס איז געווען זייער קאַלט. איך בין מיר געזעסן אין מיין רומקע און געדרעמלט. אויף די רעלסן האָט מען אויסגעשטעלט וואַגאָנעס. איך האָב געהערט די רייד און די געשרייען. אַ געווייינלעכער אָוונט.

„מיין לאַנדסמאַנס אָרט צום היטן איז געווען עטלעכע בלאָק וייטער פון מיינעם. גיין איינער צום צווייטן האָבן מיר ניט געטאָרט, ניט געטאָרט איבערלאָזן יענעמס גוטס אויף הפקר. פלעגן מיר זיך באַגעגענען ביים קומען צו דער אַרבעט, אָדער ביים גיין אַהיים.

„מיר איז אין יענער צייט געווען אַזוי ביטער, אַז ניט איך האָב מיין לאַנדסמאַן יאקיוו (דאָ האָט ער געהייסן דזשעק) ניט געזוכט און סע האָט מיך ניט געאַרט, וואָס ער קומט ניט צו מיר. ער האָט נאָך מיר אויך ניט געבענקט. ער האָט זיך געהאַט אַ ווייב מיט קינדער און אַ זון זיינער האָט שוין געלערנט אין קאָלעדזש.

„אַזוי ווי איך זיץ אַזוי און שוויג דערהער איך דרויסן טריט, אַזעלכע היימישע, שווערע געמאָסטענע שפאַן. יאקיוו! דאָס איז זיכער יאקיוו! וואָס טוט ער דאָ? איבערגעלאָזט אַלצדינג אויף הפקר און געקומען... אפשר האָט מען אים באַגנבעט?

„איך האָב ניט געוואַרט, ער זאָל אָנקלאַפן אין מיין טיר, ווי דאָ פירט זיך. איך האָב געעפנט און דערזען יאקיוון. און ווי נאָר איך האָב אַ קוק געטאָן אויף זיין פנים, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז קיין גוטס האָט ער מיר אין מיטן נאַכט ניט געבראַכט.

„זיין רייך־אויסגעגאָלט פנים, אַפילו אָן וואָנצעס, איז געווען עפּעס אַזוי ווי פאַרהילצערט. די צונג זיינע האָט אים ניט געדינט. ער האָט געפּלאָנטערט אַזוי ווי ער וואָלט מיך מיט די רייד באַטאַפּט, איידער ער דערלאַנגט מיר דעם קלאַפּ. איך האָב גוט געקענט מיינע מוזשיקעס און אַלע זייערע וועגן און — ווי זיי ברענגען אייך אַ שלעכטע בשורה.

— „וואָס איז, עמעצער געשטאָרבן? — האָב איך אַ געשריי געטאָן.

„געשטאָרבן, געשטאָרבן... האָט ער געזאָגט. — ניט די, די עטליאָ דיינע, נאָר יענע, וואָס דו האָסט מיר דערציילט, דיין אמתע ווייב פון דער היים. צוויי קליינע קינדערלעך געבליבן.

— „ווי אַזוי ווייסטו? — האָב איך בייז אויסגעשריגן, ווי איך וואָלט אים ניט געגלויבט. ער האָט מיר דערלאַנגט אַ בריוו. ער האָט גוט געוואוסט, אַז איך קען ניט לייענען. בין איך געשטאַנען, געהאַלטן דעם בריוו און זיך געבעטן ביי דזשעקן: „לייען, לייען, לאָמיך הערן".

„און ער האָט געלייענט פּאַמעלעך, שווער, וואָרט אין וואָרט. זיך אָפּגעשטעלט, געשנייצט די נאָז, געווישט די טרערן און געלייענט, ווי ער וואָלט זיך געדראַפּעט באַרג אַרויף, אויף הרודעס.

„איצט זיץ איך דאָ מיט דיר און דערצייל דיר אַלצדינג אַקוראַט מיט אַלע פּיטשעווקעס. איצט קאָן איך ריידן. אָבער דעמאָלט האָט עס אין מיר אויפגעריסן ווי אַ געפּלאַצטער אופּיסט (וואַסער־דאַמבע). איך האָב אַרויסגע־לאָזט אַ רעווע ווי אַ קו, זיך אַראָפּגעזעצט אויף דער ערד און אויסגעטאָן די שיך".

דזשעק יאַבלאָנסקי איז שטיל געוואָרן. ער האָט שווער געאָטעמט אויף מיר. זיינע איבלדיקע ריחות האָבן מיך שוין אַזוי דורכגענומען, אַז איך בין געווען זיכער, מע קען מיך שוין אויך ניט פאַרטראָגן.

מיר זיינען נאָך אַלץ ניט געווען די איינציקע אינעם סקווערל. דאָ און דאָרט האָט זיך געהערט אַ גערעדעריי, אַ געלעכטער און דאָס געזאַנג פון אַ פּאָפּולער לידל.

די פענצטער אין איניקע אַפּאַרטמענטס האָבן זיך געלאָשן. עס איז פאַרבייגעגאַנגען אַן עלטערער פּאָליסמאַן און אונדז מיט חשד באַטראַכט. די גרויסע ביימער האָבן זיך שאַרף אויסגעטיילט איינע פון די אַנדערע מיט זייער קאָליר. די באַלויכטענע האָבן העל געגרינט מיט אַ ליכטיקן אָפּגלאַנץ אין זייערע בלעטער, און די ניט־באַלויכטענע זיינען געשטאַנען ווי איינגע־הילטע אין שוואַרצע קיטלען. פון די ליכטיקע ביימער האָט זיך מיר אונטערן איינדרוק פון דער דערציילונג, געדאַכט, אַז איך הער יאַנקלס געלעכטער און זיין פריי געזאַנג אויף די אוקראַינער פעלדער און די שוואַרצע ביימער זיינען איצט געשטאַנען אין טרויער אויף אַ וויסטער בשורה, וואָס יאַנקל האָט באַר־וואָס געקראָגן.

איך האָב געקוקט אויף אים. ער האָט איינגעבויגן זיין גרויסן קאָפּ און אים געלאָזט רוען אויף זיין האַנט, אָנגעשפּאַרט אויף דער קני.

ער איז באַגאַנגען אַ פאַרברעכן, אַזאַ גרויס פאַרברעכן, אַז קיין מאָס דערפאַר איז גאָר ניטאָ. אַ מאָרד איז ער דאָך באַגאַנגען! און איך בין געזעסן מיט אים, פריער געגעסן מיט אים און איצט הער איך אים אויס. „טפו!" האָט עס אין מיר געשריגן אויף אים און אויף מיר אַליין. אָבער דער שטילער אויסגעשריי אין מיר, דער שווערער פּראָטעסט האָט זיך ווי געבלייכט אַקעגן דעם מענטשן. קיין גרעסערע שטראָף, ווי ער האָט באַקומען איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ. האָבן אויפן געוויסן אַזאַ פּעקל, ווינטשעווע איך קיינעם ניט.

מיטאַמאָל האָט יאַבלאָנסקי אַ הויב אויף געטאָן דעם קאָפּ און מיך געפרעגט:

— מיט וואָס, ברודער, האָסטו מיך גענומען, אַז איך זאָג דיר אַלץ אויס?

## קאַפּיטל פינף

— אָ, בראַטישקא מיינער! — האָט ער אויסגערופן — אויגן האָסטו ווי אַ שאָף. קוקסט מיר גלייך אין האַרצן אַריין, און איך קאָן ניט אויפהערן צו ריידן... איך... איך — האָט ער געשטאַמלט — איך האָב זיך געוואָלט אויס־רעדן דאָס האַרץ פאַר אַן אַנדערן. ניט ער קען מיך, ניט איך אים, אָבער אַ מענטש איז ער, ניין? נו, איך רייד, און ער שלאָפט. אַנטשלאָפן געוואָרן אין מיטן דער מעשה...

ווען ער האָט מיר ווייטער אַ ביסל אָנגעהויבן איבערגעבן, ווי ער האָט זיך געריסן אַהיים צו די יתומים און ער האָט דערזען טרערן אין מיינע אויגן, איז ער געוואָרן ווילד פון פרייד.

— ביסט דאָך אַן אמתער דרוג (פריינד), — האָט ער אויסגערופן — גאָרניט ווי קיין געבולבעטער (געבילדעטער), ביי זיי איז בלויז די צונג הייס. דאָס האַרץ איז קאַלט.

— ניט קיין געלערנטע האָבן אויך קאַלטע הערצער — האָב איך גע־וואַגט.

— נעמסט זיך אָן פאַר דיין גלייכן... אָלרייט, סיניאַטשאָק (זונעלע) אַזוי גייט עס: יעדערן ציט צו זיין גלייכן. דעם סטודענט האָט געצויגן צו דבורה־קען, האָבן זיי זיך געדאַרפט געווען נעמען. און איך וואָלט מיר געפונען אַ מויד, וואָס פּאַסט פאַר מיר, ניט דאַרפן איבערלאָזן משפחה אין דאָרף, ווערן אַ שטאָטישער, אַז מע זאָל מיך דאָרט אויסמענטשלען...

„איצט בין איך געווען געפאַלן, פאַרפאַלן. איך האָב בלויז געוואָלט טאָן, אָבער... איך האָב זיך ניט אויפגעהויבן און געפאָרן צו מיינע קינדער, נאָר איך בין אַריין אין סאַלון... איך האָב געוואָלט מיט ספּירט אויסברענען די וואונד מיינע, אָבער זי איז דערפון נאָך גרעסער געוואָרן.

„מער האָב איך דאָ, אין שטאָט, ניט געקאָנט פאַרבלייבן. איך האָב זיך דערשלעפּט קיין פילאַדעלפיע, זיך דאָרט גענוג אָנגעמוטשעט. ביז איך האָב זיך דערשלאָגן צו מיין טרעיד. איך האָב סאָרטירט אייער, ניט שלעכט פאַרדינט און בין געוואָרן אַ פאָלנע מענטש.

„אַ יאָר איז אַוועק. און נאָך אַ יאָר און נאָך יאָרן. עס איז געקומען די גרויסע מלחמה מיט ביטערע נייעס פון דער היים. איך בין געווען זיכער, אַז איך האָב שוין אין אַלץ פאַרגעסן, אָבער די מלחמה האָט אין מיר צוריק געעפנט די וואונד מיינע.

„קיין גאַזעטן האָב איך ניט געקאָנט לייענען, אָבער אַ ביסל עברי אין סידור האָב איך געקאָנט דורכקריכן. האָב איך אָנגעהויבן צו ביסלעך לייענען אַ יידיש בלאַט. איך האָב זייער ווינציק פאַרשטאַנען, אָבער גענוג, אַז איך זאָל וויסן, וואָס אויף דער וועלט טוט זיך.

„און טאַקע פון די בלעטער האָב איך זיך נאָך דער מלחמה און נאָך די פּאָגראָמען דערוואוסט, וועגן מיינע צוויי קינדער. זיי האָבן מיך געזוכט. עס

איז געווען געשריבן דער נאָמען פון מיין טאָכטער אַזוי ווי איך האָב זי גע־דענקט. אָבער דער נאָמען פון מיין זון דוד איז מיר געווען פרעמד. ווי אַזוי האָב איך אים געקאָנט פאַרגעסן?

„וואָס וואָלסטו געטאָן, ווען דו דערוויסט זיך, אַז דיינע קינדער זוכן דיך? וואָלסט געפלויגן, האַ? ניט איך. איך בין אַוועק אין סאַלון... איך האָב זיך אַזוי פאַרשיכורט, אַז איך האָב דעם דזשאַב פאַרלוירן... עפּעס אַ מורא איז מיך באַפאַלן און אַזאַ גרויסער בזיון פאַר מיינע קינדער... די טאָכטער, ליבע, האָט שוין איצט באַדאַרפט אַלט זיין אַ יאָר 16 און דאָס ייִנגעלע דאָס 15טע יאָר. ווי האָב איך זיך געקאָנט וויזן פאַר זיי, אַ שיכור, אַ הפקר־מענטש?

„איך בין שיר פון הונגער אויסגעגאַנגען. ווען ניט די סאַלוויישאָן אַרמי, וואָלט איך מיינע פיס געווען אויסגעצויגן. איך האָב זיך אָפּגעלאָזט, געוואָרן אַ בעטלער, נאָר איין זאַך האָט מיך נאָך דערהאַלטן ביים לעבן: די יידישע גאַזעטקע. איך פלעג אויסבעטלען אַ פּאָר פּעניס און קויפן דאָס בלאַט און לייענען, ווי די קינדער זוכן מיך.

„מיטאַמאָל האָב איך זיי פאַרלוירן. ניט אַ וואָרט מער וועגן זיי אין פּייפּער...

„אַזוי זיינען אַוועק אַ יאָר און אַ האַלב. טייערע קינדער מיינע! אָרעמע יתומים מיינע! מיד געוואָרן זוכן. גוט אַזוי, בעסער אַזוי! ניט קיין טאַטן וואָלט איר געווען געפונען, נאָר אַ באַם, אַ הולטאַי!

„וואָלט איך דאָך באַדאַרפט אויפהערן צו לייענען דאָס בלאַט? האָב איך שוין ניט געקאָנט ניט לייענען. איך האָב קיין טאָג ניט פאַרפעלט. און אויב יאָ, האָב איך אויף מאָרגן געקויפט אַ נעכטיקן פּעיפּער און געזוכט. איך בין געווען זיכער, אַז איך זוך אומזיסט, און דאָך געהאָפט.

„איין מאָל, דאָס איז געווען פאַר צוויי־יאָרן — דער פראָסט האָט גע־ברענט אין דרויסן. איך בין אין דער גרויסער קעלט געלאָפן זוכן מיין פּעיפּער. איך האָב געלייענט: „ליבע און דוד יאַבלאָנסקי זיינען אין אַמעריקע. זוכן זייער פאָטער, יעקוב יאַבלאָנסקי. אַדרעס...״

מיין דערציילערס אויפרעגונג איז געשטיגן. איך האָב זיין קול ניט דערקענט. וואָס נעענטער ער איז געקומען צום פינאַל (אַזוי האָב איך פאַר־שטאַנען) אַלץ מער האָט די שטים זיינע וויברירט. דער קלאַנג איז געווען גראָב, אָבער דורך דער ווילדקייט האָבן זיך, ווי צאַרטע בלומען, דורכגעריסן איידעלע טענער און בייטענער, וואָס ווען מען זאָל זיי קאָנען פאַרוואַנדלען אין מוזיק, וואָלט זיך באַקומען אַ וואונדערלעכע קאָמפּאָזיציע, צום אויפשטור־רעמען הערצער. דערביי האָט ער זיך געבויגן, געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ און אויף ניין, מיך באַרירט מיט אַ ציטערדיקער האַנט און מיר אַריינגעקוקט אין די אויגן.

דאָס סקווערל אַרום אונדז און די אַפּאַרטאַמענטן אַרום סקווערל האָב

איך יאָ און ניט געזען. איך האָב אויך ניט געזען, ווי די מענטשן פון די בענק זיינען ביסלעכווייז פאַרשוואונדן. איך האָב געקוקט אויף דזשעקן און געזען, ווי ער ווייזט אָן מיט זיין אויסגעשטרעקטן אָרעם צום זעלביקן אַפּאַרטמענט, אויף וועלכן ער האָט זיך פריער אַזוי בייז און דראָענדיק פאַרמאָסטן.

— דאָ זיינען זיי געווען און אַהער אין סקווער בין איך געקומען. איך האָב געזען אַ שטאָט מיט מענטשן אַריין און אַרויס פון דעם גרויסן אַפּאַרטאַמענט, און איך האָב ניט געוואוסט, ווער מיינע קינדער זיינען. ביז איך האָב זיך דערטראַכט: איך בין אַריין אין דער לאָבי, געוואַרט ביז עמעצער איז אָנגעקומען. עס איז געווען אַן עלטערע פרוי, אַזאַ ווי אַ היימישע פּריצה. איך האָב איר דערקלערט, וועמען איך דאַרף און אַז קיין ענגליש לייען איך ניט. און זי זאָל מיר אויסזוכן דעם נאָמען יאַבלאָנסקי.

„וואַי, אָוו קאָרז! — האָט זי געזאָגט.

„איך האָב אָנגעקלונגען. געהערט דעם „באַז" און איך בין אַרויף אויפן פערטן גאָרן. עס האָט מיר געעפנט די טיר מיין טאָכטער. איך האָב זי דערקענט! פונקט אַזוי האָט דבורהקע אויסגעזען כלהוויַיז. ווי צו מיר האָבן זיך דערנומען כוחות איינצושטיין אויף מיינע פיס, ווייס איך ניט. אָבער איך בין ניט געפאַלן. איך האָב געשלונגען די לופט. איך האָב געפילט, איך ווער דערשטיקט. אויך זי האָט געשוויגן. זי האָט, ווייזט אויס, קיין ענגליש נאָך ניט געקאָנט. איך האָב אויסגעשטרעקט מיין האַנט און זי האָט מיר געגעבן אַ ביקל.

„איך בין אַרויס אין דרויסן. אַלע טאָג בין איך געקומען אַהער און געזוכט מיין טאָכטער. איך האָב זי געזען אַרויסקומען און צוריק אַריין אין דער וואוינונג, אַליין און אויך מיט מיין זון. (ער איז אינגאַנצן געווען געראָטן אין מיר!) ער איז געווען העכער פון איר און ברייט אין די פּלייצעס.

„די גאַזעטן האָב איך שוין מער ניט באַדאַרפט, אָבער איך האָב זיי אַלע טאָג געקויפט און געלייענט ווי מיינע קינדער זוכן מיך.

„איין מאָל האָב איך דערזען, ווי אין פּעיפּער איז אָפּגעדרוקט אַ דאַנק פון מיינע קינדער פאַר אויפזוכן מיסטער דזשייק יאַבלאָנסקי. „וואָס איז דאָס? — האָב איך אויסגעשריגן אויף אַ קול. מענטשן האָבן מיך באַטראַכט ווי אַ משוגענעם. איך אַליין האָב זיך פאַר זיך דערשראָקן. שלאָף איך, צי בין איך וואַכעדיק? דינט מיר נאָך מיין צעדרייטער קאָפּ, צי האָט ער פאַרלוירן אַ שרייפל?

„איך בין צוגעגאַנגען צו אַ יידן אויף אַ באַנק און אים געבעטן איבער־לייענען דעם אַנאָנס.

— „קאָנסט ניט לייענען? — האָט ער געפרעגט.

— „אַ קליין ביסל... פּליז, מיסטער, לייענט איבער!

„ער האָט איבערגעלייענט...

„איך האָב שוין מער ניט געזוכט מיינע קינדער. אים האָב איך געזוכט,

אים האָב איך באַדאַרפֿט. עפּעס אַן אויסוואורף, אַ שווינדלער! אין יענער רגע בין איך געווען גרייט אים צו הרגענען! שטיקן אים האָב איך געוואָלט!

„עס האָט לאַנג ניט גענומען, און איך האָב אים דערזען. ער איז אַרויס־געקומען פֿונעם אַפּאַרטאַמענט און מיינע קינדער האָבן אים געפֿירט אונטער די הענט, ווי אַ געהויבענעם מחותן. זיי האָבן זיך אַריינגעזעצט אין אַ טייערער מאַשין און זייִנען ערגעץ אָפּגעפֿאָרן.

„עטלעכע טעג האָב איך אים ניט געזען. איך האָב אָפּגעוואַרט איין מאָל, ווען ער איז אַרויס אײנער אַליין און זיך געלאָזט צו זיין אויטאָ. איך בין אַריבער די גאַס, צוגעלאָפֿן צו אים און אים פֿון דער נאָענט באַטראַכט... יאָ, דאָס איז געווען דער סטודענטל, סלאָבימסקי! ער האָט זיך געעלטערט און דערצו נאָך אויסגעזען ניט געזונט, אָבער איך האָב אים דערקענט. ער האָט מיך ניט דערקענט. איך האָב דאָס געזען אין זיינע פֿאַרחידושטע דערשראָ־קענע אויגן. „וואָס ווילסטו?" האָט ער מיך געפֿרעגט. איך האָב אײַ־בערגעקרימט זיין מענה לשון און אים גלייך געפֿרעגט: „האָסט ניט געקאָנט קריגן מיין ווייב, ביסטו געקומען נאָך מיינע קינדער? איכל דיך דער־שטיקן. אָט באַלד דערוואַרג איך דיך, דו פֿליאַסקעדריגע, דו!"

„יאַנקל? — האָט ער שוואַך געפֿרעגט און אין זיין בליק האָב איך געזען רחמנות, רחמנות, אויף מיר ווי אויף אַ געשלאָגענעם הונט.

— „קום אַריין מיט מיר אין דער מאַשין — האָט ער זיך ביי מיר גע־בעטן. איך האָב אים געפֿאָלגט. ער האָט געגעבן אַ יאָג, איך האָב געמיינט ער וועט מיר די קישקעס אַרויססאָטן.

„ביי דער בריק האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און מיר דערקלערט, אַז ער האָט געלייענט און געלייענט אין פּײפּער וועגן מיינע קינדער און מער שוין זייער צער ניט געקאָנט איבערטראָגן. געלט האָט ער גענוג. קיין אייגן לעבן האָט ער ניט. האָט ער געפּועלט ביי זיך געבן די קינדער אַ טאַטן. ווען ער ווייסט, אַז איך בין דאָ, וואָלט ער עס קיינמאָל ניט געווען געטאָן. איצט דאַרף איך באַשליסן: אויב איך קאָן די קינדער העלפֿן, זיי לערנען, זיי אויסהאַלטן, וועט ער זיך צוריקציען. אַזוי האָט ער טאַקע געזאָגט „צוריקציען"... נאָר אַ סטודענט קאָן אַזוי רעדן...

„אַי דאָנ'ט קעיר!" — האָב איך זיך געמאַרדעוועט. סע מיינע קינדער, און דו האָסט קיין פּראַווע (רעכט) ניט. אַ־זאַס! (ניט וואַגן).

— „אָלרייט — האָט ער שוואַך אַ זאָג געטאָן.

— „דיין פֿוס זאָל זיך דאָרט מער ניט ווייזן! — האָב איך באַפֿוילן.

— „אָלרייט — האָט ער מיר ווידער געזאָגט. איך בין אַרויס פֿון דער מאַשין. און אויף מאָרגן האָב איך אים שוין ווידער געזען אַרויסקומען פֿונעם אַפּאַרטאַמענט. איך האָב אים ווידער איבערגענומען, ווען ער איז געווען אַליין. דאָס מאָל האָט ער מיר אָנגעבאָטן געלט. ער האָט געעפֿנט דעם טייסטער, און איך בין מבולבל געוואָרן. פֿול מיט גרינע פּאַפּירלעך!

„פֿאַר דער צייט האָב איך שוין גענוג אַריינגעקלערט אין דער זאַך. פֿאַר מיינע קינדער האָב איך גאָרניט געקאָנט טאָן, אָבער צאַפּן ביי אים האָט מיר מיין גרויסן ווייטיק געקאָנט שטילן אַ ביסל, און איך האָב אָנגענומען זיין געלט.

„דריי יאָר האָב איך עס גענוצט. איך האָב זיך איינגאַנצן אָפּגעלאָזט, גע־פרעסן און געזויפט ווי אַ בהמה און צוגעזען, ווי מיינע קינדער פירן סלאָנימ־סקין ווי מע פירט אַ ליבן און געטרייען פֿאָטער.

„איך בין עטלעכע מאָל אַוועק פֿון דאַנען. איך האָב געוואָלט פֿאַרשווינדן און זיך מער קיינמאָל אַהער ניט ווייזן, אָבער איך בין צוריקגעקומען און געזען דעם דאָזיקן מאַן ניט נאָר פֿון דער וויטנס, נאָר אויך דאָ, אין סקווערל מיט מיינע קינדער. אין גיכן האָט זיך לעבן ליבען געוויזן אַ הויכער יונגער בחור. איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז עס מיינט אפשר אַ גליק פֿאַר מיין טאָכטער. אָבער איך האָב גאָרניט געקאָנט טאָן. איך האָב זיך אָפּגעלאָזן און געזוכט סלאָנימסקיס געלט. ווען ער האָט מיך אַ צייט ניט געזען, האָט ער מיר געצאָלט „בעק פּעי"...

„סע מיר שוין געווען איינמאָל גוט!

„אַזוי האָט זיך עס געצויגן ביז מיט דריי חדשים צוריק.

„איך בין געזעסן דאָ, אינעם סקווערל און געוואַרט, סלאָנימסקי זאָל אַרויסקומען און מיר געבן געלט. עס איז געווען כמאַרנע און קאַלט. פֿון אַלע זייטן האָט אויף מיר געבלאָזן אַ ווינט און מיך ניט געלאָזט איינזיצן. איך בין געווען הונגעריק און האָב געפּגרט נאָך אַ טרונק בראָנפֿן. קיין לייַ־טישע מענטשן זיינען דאָ איצט ניט געזעסן, נאָר אַ פּאָר באָמס, אַזוינע ווי איך...

„איך טו אַ קוק צום אַפּאַרטמענט איין מאָל און אַ צווייטן מאָל און איך דערזע פֿון דאָרט אַרויסקומען צו אַ גרויסן שוואַרצן אויטאָמאָביל: ליבען, דודן און דעם בחור וואָס איך האָב עטלעכע מאָל געזען לעבן מיין טאָכטער. ליבע איז אָנגעטאָן אין שוואַרצן. זי ווײנט אויף אַ קול און די צוויי יונגען ווישן די אויגן פֿון טרערן.

„איך האָב פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָ איז געשען. נאָכלויפֿן זיי האָב איך ניט געקאָנט. האָב איך דאָס ערשטע געקויפט אַ גאַזעט און דאָרט איז געווען באַ־שריבן ניט נאָר אַז דזשייק יאַבלאָנסקי איז טויט, נאָר אַ גאַנצע מעשה וועגן אים, וועגן זיין רייכטום און וועגן זיין גוטסקייט, וואָס ער האָט געטאָן פֿאַר מענטשן און באַזונדער פֿאַר זיינע קינדער.

אויף קיין קאַר־פֿעיר האָב איך ניט געהאַט, האָב איך אַוועקגעשפּאַנט צום פֿיונעראַל פּאַרלאָר. געקומען אַהין — שוין נאָך אַלעמען. דער מת איז שוין אויף דעם הייליקן אָרט. איך האָב אויסגעבעטלט אַ ביסל קליינגעלט, גענומען די קאַר און נאָך פֿאָספּייעט צום סוף פֿון דער צערעמאָניע. איך וואָלט מסתמא דאָס אויך געווען אָנגעוואוירן, אָבער עס זיינען געווען וועגן אים לאַנגע רעדעס.

„איך בין געשטאַנען פון אַ זייט און געהערט. מיין ליבע האָט מיך באַ־מערקט. זי האָט אין שרעק אָנגעכאַפּט דעם אָרעם פונעם בחור לעבן זיך און ער האָט איר אַריינגעקוקט אין די אויגן אַזוי ווי איך האָב אַמאָל אַריינגע־קוקט אין די אויגן פון איר מאַמען.

„די לעצטע דרשה אָפּגעהאַלטן. מע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם מת אין אָפענעם קבר. דוד איז צוגעקומען און אָנגעהויבן זאָגן קדיש.

„מער האָב איך זיך ניט געקאָנט באַהערשן. איך האָב געטאָן אַ לויף מיט אַ געשריי. איך האָב אָנגעכאַפּט דודן און אים אַ ריס געטאָן. „איך בין דער טאַטע! איך בין דער טאַטע!" האָב איך געשריגן.

„די לוויה איז געווען אַ גרויסע, אַ געהויבענע, צוויי פּאָליסלייט האָבן באַגלייט די פּראָצעסיע.

„איידער איך האָב זיך געריהרט, האָבן מיך שוין די פּאָליציסטן געהאַלטן אין זייערע הענט. נאָך דעם זעלביקן אָוונט בין איך געווען אין טורמע. מיין אמתן נאָמען האָב איך ניט אָנגעגעבן...

„דריי חדשים האָב איך אָפּגעפינצטערט אין טורמע. איצט בין איך פריי, — פריי אויף פּאַראָל... נאַרישע מענטשן!... זיי ווייסן ניט, אַז דעם פאַרברעכן בין איך באַגאַנגען ניט ביי דער לוויה... זיי ווייסן ניט... קיינער ווייסט ניט. איי, פאַרוואָס איך האָב דיר דערציילט? נו, איך האָב דיר געגלויבט, דיין וואָרט גענומען... וועסט מיין אמתן נאָמען ניט אַרויסגעבן? וועסט דאָך ניט וועלן בלייבן אָן איין צאָן אין מויל, האַ?

— ניין — האָב איך געענטפערט, כאָטש איך האָב געוואוסט, אַז ער האָט מיך וויזיט־קאַרטל ניט געקאָנט לייענען. און איך האָב געהאַלטן וואָרט. דער נאָמען דזשייק יאַבלאָנסקי איז אַ פיקטיווער. צוגעטראַכט זיינען אויך אַלע אַנדערע נעמען...

— נו? — האָט מיך דזשייק אַ פרעג געטאָן.

— איך האָב אים פאַרשטאַנען. איך האָב אים געגעבן אַ ביסל קליינ־געלט. ער האָט זיך געריסן קושן מיין האַנט. ער האָט זיך אויפגעהויבן און איך האָב געזען ווי ער גייט גלייך צום נאָענטסטן סאַלון.



# בעסי

איך בין געווען יונג און גרין אין אַמעריקע, און דאָס וואָס איך האָב אין דער אַלטער היים ניט געקאָנט דערגרייכן, האָב איך געפילט, אַז דאָ אין דעם פרייען לאַנד אַמעריקע וועל איך עס באַווייזן. מיין זיידע האָט דאָרט געהאָלפן „אויסלייגן" אָדער מאַכן דעם פּלאַן — פאַר דער קלויז; מיין טאַטע איז געווען דער אַרכיטעקט פון עטלעכע הייזער ביים וואָקזאַל. דאָרט האָבן געוואוינט יידישע קאָמיסיאָנערן. זיי האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט אויף אייגענע היימען, און מיין טאַטע האָט די הייזער אויסגעפּלאַנעוועט. ער האָט דערפאַר קיין פּרוטה ניט געקראָגן, נאָר כבוד און אָנערקענונג. ווי שטאָלץ איך בין געווען מיט מיין פאָטער! און געטרוימט האָב איך צו ווערן אַן אמתער אַרכיטעקטאָר און בויען גרויסע מויערן.

קיין מויערן האָב איך אין אַמעריקע דערווייל ניט געפּלאַנעוועט, נאָר קליינע הייזער און גאַראַדזשעס. דערפאַר האָב איך אָבער געהאַט די פרייד, וואָס אַלע אונדזערע באַשטעלער זיינען געווען יידן. איך זאָג „אונדזערע", מחמת קיין אייגענעם אָפיס האָב איך נאָך ניט פאַרמאָגט און איך בין געווען אַ געהילף ביי מיסטער פאַנאָף, טאַקע מיינער אַ לאַנדסמאַן. ער האָט מיך געדענקט נאָך פון דער היים און ער האָט זיך באַצויגן צו מיר ווי צו אַן אייגענעם. „אַן אַרכיטעקט בירושה", האָט ער מיך גערופן און דערביי שטיל געשמייכלט, מער מיט די קליינע ברוינע אויגן, ווי מיטן מויל.

ער איז ניט געווען קיין סך עלטער פון מיר, אָבער געקומען אַהער איז ער צו צען יאָר, און אין פאַרגלייך מיט מיר, איז ער געווען אַן עכטער יענקי. מיין ענגליש איז געווען קאָרעקט, אָבער שווער. זיינער איז געפלאָסן גרינג און נאַטירלעך. ער איז געווען פאַרהייראַט און געוואוינט אין אַן אייגענער היים, אַ צווישטאָקיק איין־פאַמיליע הויז אויסער דער שטאָט.

קורץ און גוט, ער איז שוין געווען אַ באַלעבאָס, איך — אַ היימלאָזער בחור. דער אויסדרוק „היימלאָז" איז געווען פאַנאָפס, ניט מיינער. ער האָט מיך איין מאָל באַזוכט אין מיין צימער און זיך פאַרקרימט. ער האָט מיך איינגעלאַדן צו זיך אויף שבת. איך האָב זיך געוואונדערט... קיין סימן פון פרומקייט האָב איך אין אים ניט געזען. דער אָפיס איז שבת ביז צוועלף אַזייגער געווען אָפן און פאַנאָף האָט אויך אין יענעם טאָג געריכערט פאַפּיראָסן, מאַכנדיק זיינע אומצאָליקע צייכנונגען.

איך האָב געזאָגט, אַז פאַנאָף האָט געוואוינט אויסער דער שטאָט, אָבער

אין דער אמתן איז דאָס געווען אַ מין נייע שטאָט פֿאַר זיך, וואָס איז מערסטנס באַשטאַנען פֿון קליינע הייזער.

צו איינער פֿון זיי זיינען מיר צוגעפֿאָרן.

מיר זיינען אַרויס פֿון דער קאַר, און דער ערשטער איינדרוק מיינער איז געווען די אומגעוויינלעכע שטילקייט, וואָס האָט אויף מיר אַן אָטעם געטאָן מיט דאָרף און מיט פֿעלד און דערוועקט אין מיר אַ בענקשאַפֿט צו דער אַלטער היים, כאָטש גוט איז מיר דאָרט קיינמאָל ניט געווען. אַזעלכע געגנטן זיינען מיר דאָ געווען גוט באַקאַנט צוליב די הייזער, וואָס איך האָב געהאָלפֿן אויספּלאַנעווען. אָבער וואויגען דאָ איז נאָך אַלץ פֿאַרבליבן ביי מיר אַ טרוים. איך בין שוין וויט אַריבער די צוואַנציק און עס איז שוין צייט געווען אַ טראַכט טאָן וועגן אַ תּכלית, אָבער דאָס לערנען זיך און דאָס גרייטן זיך צו אַ קאַריערע האָט צוגענומען ביי מיר די גאַנצע צייט. איך פֿלעג ניט איין מאָל קלערן, אַז איך וועל זיך באַזעצן נאָר אין אַזאַ שטילער געגנט, וואו איך זאָל קאָנען ווירקלעך רוען נאָך אַ טאָג פֿון אומאויפֿהערלעכן רויש.

פֿאַנאָף איז געשטאַנען פֿאַר מיר אויפֿן אויבערשטן געמויערטן טרעפּל פֿונעם „סטופּ״ און אָנגעדריקט דאָס גלעקל. איך האָב געקוקט אויף זיין שמאָלער פּלייצע און איך האָב אים מקנא געווען אַזוי ווי איך האָב אַמאָל מקנא געווען מיין טאַטן פֿאַרן כּבוד, וואָס מען האָט אים צוגעטיילט. איך האָב אויך געוואָלט אַן אייגענעם אָפֿיס און אַן אייגענע היים. עס איז אַוודאי ניט אָריגינעל באַכצוטאָן און מקנא זיין יענעם, אָבער דאָס וואָס איך האָב איבער־געלעבט צוליב די פֿאַנאָפֿס, צווינגט מיך ממש צו שרייבן און צו פֿאַר־שרייבן דעם גאַנצן אמת, אויב עס איז דאָ אַזאַ זאַך ווי דער גאַנצער אמת.

עס האָבן זיך דערהערט לויפֿנדיקע טריט. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי דער טיר און זי איז אויפֿגעריסן מיט אַ האַסט. איך האָב דערזען אַ רויט־האָריק מיידעלע פֿון אַ יאָר פֿינף. די האָר זיינען געווען פֿריש געצוואָגן און אין די קורצע געדיכטע צעפּלעך איז געווען ענג איינגעפֿלאָכטן אַ גרינע סטענגע.

— דעדי! — האָט זי אויסגערופֿן און זיך אָנגעהאַנגען אויף זיין נאַקן. ער האָט זיך צוגעבויגן צו איר. זי האָט מיך איצט דערזען און מיך באַטראַכט מיט אירע גרויסע ברוינע אויגן. איך האָב זיך דערפֿילט שולדיק, ווי איך וואָלט איר אין עפּעס געשטערט. איך בין שטענדיק געווען באַהערשט פֿון אַ געפֿיל קיינעם ניט שטערן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס מיידעלע זאָגט מיר אָן ווערטער: „ווער ביסטו אין מיטן דרינען און ווער דאַרף דיך דאָ?״ דער ערשטער אימפּולס מיינער האָט מיך אַ שטויס געטאָן אויף צוריק, אָבער פֿאַנאָף האָט מיך שוין פֿאָרגעשטעלט פֿאַר דער קליינער. זי איז אַראָפּ פֿונעם פֿאָטערס נאַקן און זיך אַפֿילו אַ בויג געטאָן.

איך בין נאָכגעגאַנגען דעם פֿאָטער מיט דער טאָכטער. די צימערן זיי־נען געווען ריין אויפֿגערוימט און עס האָבן זיך געשפּרייט ריחות פֿון גע־

דעמפּט פליש, יויך פון עוף און געפילטע פיש. אויפן ווייס־געדעקטן טיש אין עס־צימער זיינען געשטאַנען פיר בלאַנקנדיקע לייכטער און הויכע דינע ווייסע ליכט האָבן געשטעקט אין זיי.

דאָס מיידעלע איז דורכגעלאָפן די צימערן און ערגעץ פאַרשוואונדן.

— בעסי! — האָט פאַנאָף גערופן — איך האָב דיר געבראַכט אַן אורח אויף שבת.

— באַלד, באַלד, — האָב איך דערהערט אַ פרויען־שטימע און מיין האַרץ האָט אויפגעקלאַפּט מיט דערוואַרטונג. צי דאָס איז געווען מיין רייפע יוגנט, מיין בענקשאַפט נאָך אַן אייגענער פרוי, צי איז איר שטימע ווירקלעך געווען צויבערדיק, אָבער איך האָב אין דעם קלאַנג דערהערט אַזאַ וואַרעמקייט און אַזאַ מוטערלעכע גוטסקייט, אַז איך האָב געהאַט דאָס געפיל ווי איבער־צויאָגן דעם מאַן און לויפן אַ קוק טאָן אויף „איר". שוין האָב איך זיך זי פאָרגעשטעלט אַ קלייניקע, אַ טונקעלע מיט גליענדיקע אויגן און מיט אַ זאַפטיק מויל. ווי זי קוקט אויף מיר מיט נייגיר און שטרעקט מיר אויס אַ קליין, ווייך הענטל, ניט קיין סך גרעסער ווי איר טאָכטערס.

אָבער ווען זי איז אַרויסגעקומען צו אונדז, האָב איך דערזען אַ הויכע, רויטהאָריקע פרוי מיט קליינע גרויע אויגן, וואָס האָבן זיך עטוואָס געמיניעט אויף ליכטיק־בלוי. פון דער ווייטנס האָט זי אויסגעזען העכער פון איר מאַן, אָבער ווען זי איז שטיין געבליבן לעבן אים, איז זי געווען עטוואָס נידעריקער. איר מויל איז געווען ברייטלעך, די ליפן דין. אויפן אויבערשטן טייל פון דער שיינער גלייכער נאָז, ביי די אויגן, זיינען געזעסן עטלעכע קלייענד־לעך. זי האָט מיך באַטראַכט און זיך געווענדט צום מאַן:

— פאַרוואָס האָסטו מיר ניט געזאָגט, אַז דו ברענגסט אַ גאַסט?

— וואָס־זשע — האָט ער איר אָפּגעענטפערט — ס'עט ניט זיין גענוג צו עסן?

— אָלרייט, אָלרייט — האָט זי ברוגזלעך אַ זאָג געטאָן, זיך אַנטשולדיקט און אַוועק אין אַן אַנדער צימער.

פאַנאָף האָט אַנגעשטעלט די ראַדיאָ אויף אַ סטאַנציע, וואָס ברענגט קלאַסישע מוזיק. מיר זיינען געזעסן און זיך איינגעהערט. איך האָב דער־פילט, אַז עמעצער קוקט אויף מיר. איך האָב אַ זוך געטאָן אין דער טונקלקייט פונעם צימער און דערזען אין דעם קעגנאיבערדיקן ווינקל, אַזוי ווי פאַר־זונקען אין אַ טיפן ווייכן שטול, די קליינע. איך האָב צו איר אַ שמייכל געטאָן. איר פנים איז געבליבן קאַלט און די אויגן גרויס אָן אַ פינטל צו טאָן.

„באַדאַרפט געווען איר עפּעס ברענגען", האָב איך זיך פאַרגעוואָרפן.

— קום, וועל איך דיר ווייזן מיין לייברערי — האָט פאַנאָף מיך גע־רופן, עפענענדיק אַ זייטיקע שמאָלע טיר. איך בין אים נאָכגעגאַנגען און דאָרט אינעם צווייטן חדר דערזען ניט נאָר יידישע, ענגלישע און העבראעישע ביכער, נאָר אויך רוסישע. די רוסישע זיינען געשטאַנען באַזונדער, אויף

עטלעכע פּאָליציעס. פּאַנאָף האָט אַ וואונק געטאָן צו מיר און מיט אַן אי־ראָנישן שמייכל געזאָגט:

— דאָס איז איר פּאַרמעגן... קאָן זיך ניט אָפּגעוואוינען...

דאָ האָבן זיך אויך געפונען דיקע בענדער וועגן אַרכיטעקטור און בוכהאַלטעריי און צוויי ענציקלאָפּעדיעס, די בריטאַניקאַ און די אַמעריקאַנאַ. אין אַ קויש אויפן דיל האָבן געשטעקט יידישע און ענגלישע זשורנאַלן.

איך האָב געזוכט אַ ספר און געפונען אַ היפש ביסל סידורים, מחזורים און תנך, סיי אין גרויסע פלאַכע בענדער פון אַמאָל, מיט מפורשים, סיי די איבערזעצונג פון יהואָשן. איך האָב אַרייַנגעקוקט און געהערט ווי פּאַנאָף האָט געזאָגט:

— דאָס זיינען די פּאַרלאָזנסטע ספרים, מע קען זאָגן, די פּאַרגעסענע. ניט איך, ניט בעסי נעמען זיי ווען עס איז אין האַנט אַריין.

— פּאַרוואָס? — האָב איך געפרעגט.

— נאָ קאָמענט — האָט פּאַנאָף דיפּלאָמאַטיש אָפּגעענטפערט.

איך האָב געבלעטערט דאָ אין בוך, דאָ אַ צווייטס אויף די אַלע פּאַר־שיידענע לשונות און איך האָב ניט געקאָנט באַשטימען, וואָס מיר איז נעענטער און ליבער. אפילו אַ ביכל אין דייטש האָב איך מיט שווערקייט געלייענט און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז עס איז אַ שווערער, שלעכטער יידיש, גע־שריבן אין אַ פרעמדן אַלף בית.

עס איז געוואָרן טונקל, און איך האָב פּאַרשטאַנען, אַז בעסי וועט באַלד בענטשן ליכט. איך בין אַרויס פון דער ביבליאָטעק און דערזען ווי די ליכט האָבן שוין געברענט. בעסי איז דאָ ניט געווען, נאָר אויפן אָנלען פון דער שטול ביים טיש איז געבליבן הענגען אויסגעשפּרייט אַ ווייס זיידן טיכל.

פּאַנאָף איז מיר נאָכגעגאַנגען און געזאָגט:

— שבת איז זי ביי מיר אַ שבתדיקע.

מיר זיינען געבליבן זיצן אין פראָנט־רום און זיך איינגעהערט אין דער מוזיק פון דער ראַדיאָ. און פון דאַנען האָבן מיר געזען, ווי מאַמע און טאָכ־טער האָבן סערווירט דעם טיש אין עס־צימער.

***

נאָכן עסן איז פּאַנאָף געוואָרן אומרואיק. די האַנט זיינע האָט זיך פון געוואוינהייט געצויגן צו דער קעשענע, וואו ער האָט געהאַלטן זיינע פּאַ־פּיראָסן, אָבער ער האָט ניט געוואַגט. בעסי האָט מיך באַדינט און מיר צו־געררוקט די בעסטע טיילן שפּייז. דערביי האָב איך באַמערקט, ווי מיר האָט זיך געדאַכט, אַ פייכטקייט אין אירע ליכטיקע אויגן, אַ רחמנות.

דערפון האָב איך זיך דערפילט זייער ניט באַקוועם און איך האָב באַלד נאָכן עסן געוואָלט אַוועקגיין, אָבער בעסי האָט זיך באַליידיקט און די קליינע, זעלדע, האָט שוין אויך געקוקט אויף מיר מער היימיש. פּאַנאָף האָט מיך גוטברודעריש אַ פרעג געטאָן:

— ווּעסט פאַרשפּעטיקן דיין קאָנורע, דאַרטן?...

דאָס מיידעלע איז באַלד געגאַנגען שלאָפן. בעסי איז מיט איר אַוועק. שפּעטער האָט זי געוואַשן דאָס געשיר און דער מאַן האָט איר געהאָלפן. איך האָב זיך אָנגעבאָטן צו העלפן און מען האָט מיין אָנבאָט אָנגענומען. מיין שלעכטע שטימונג האָט זיך מיט איין מאָל אויסגעוועפּט. איך האָב געווישט די גרויסע גלאַנציקע טעלער און איך האָב פאַרצויגן אַ היימישן ניגון, און באַלד, אַזוי ווי זי וואָלט שוין לאַנג געוואוסט, אַז איך וועל קומען און זינגען און וואָס פאַר אַ ליד דאָס וועט זיין, האָט בעסי מיט אַ שטילער וואַרעמער שטימע אונטערגעכאַפּט דעם ניגון און די ווערטער. איך בין אַריין אין אַן אַזאַרט, ווי איך וואָלט זיך מיט איר פאַרהערט. לידער און מעלאָדיעס, שוין לאַנג־פאַרגעסענע, האָבן מיט איין מאָל אויפגעטויכט אין מיר, ביז פאַנאָף האָט ניט אויסגעהאַלטן און זיך אויך אָנגעשלאָסן אין אונדזער כאָר. אָבער מיר האָט אויסגעזען, אַז איך שטער אים. איך בין געווען גערעכט. ווי נאָר מאַן און ווייב האָבן אָנגעהויבן זינגען אָן מיר, האָב איך ערשט דערפילט די אמתע האַרמאָניע. ווי גוט און ווי שיין זיין באַריטאָן האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט איר סאָפּראַנאָ, וואָס איז ערטערווייז איבערגעגאַנגען אין אַ ייִנגלשן אַלט׳. איך האָב מער ניט געוואַגט צו עפענען מיין מויל און עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז זיי האָבן אָן מיר פאַרגעסן. ווידער האָב איך זיך דערפילט אי־בעריק און געוואָלט אַוועקגיין און ווידער האָט מיך בעסי פאַרהאַלטן.

מיר האָבן זיך אַלע געזעצט אין די ווייכע שטולן, אין פראָנט־צימער. די ראַדיאָ האָט די גאַנצע צייט געשפּילט. מיר זיינען געווען שטיל. איך בין געזעסן איינגענורעט אין מיין שטול און די זאַטקייט האָט מיך געשלעפערט. אַקעגן מיר זיינען געזעסן די פאַנאָפס. ער האָט צוגעשלאָסן די אויגן, אָבער זי איז געווען וואַך. איך האָב זייער געוואָלט שווייגן, אָבער ווי האָב איך גע־קאָנט, אַז איך בין דאָך געווען דער גאַסט? האָב איך עפּעס געוואָלט זאָגן און האָב מורא געהאַט, אַז עס וועט זיין ניט דאָס וואָס איך וויל און ניט דאָס וואָס מע דאַרף. איך האָב אַ קוק געטאָן אויף בעסין און איך האָב געזען, ווי מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זי רעכנט עפּעס אויס און קלערט עפּעס צו. איך האָב קיינמאָל ניט בראַווירט מיט חכמה און איבערגעשפּיצטקייט איז מיר דערווידער, אָבער אין יענעם מאָמענט האָב איך קיין ווערטער ניט גע־פונען. חוץ דעם בין איך געווען אויפגערעגט, זעענדיק דאָס פאַרליבטע פּאָרל און ווייסנדיק, אַז זי איז איבגאַנצן זיינע און מיינע וועט זי קיינמאָל ניט זיין, קיינמאָל ניט, אַפילו אויף קיין אויגנבליק ניט. איך וועל אַוועקגיין אין מיין חדרל, און ער וועט דאָ בלייבן מיט איר היינט און מאָרגן און שטענ־דיק, שטענדיק, צו יעדער צייט... ניין... עפּעס מוז איך זאָגן!

— איך ווייס וואָס איר טראַכט — האָב איך אויסגעפּלאַצט. פאַנאָף האָט אַ ציטער געטאָן, אָבער די אויגן ניט געעפנט. — איר טראַכט וועגן אַ פּאָר פאַר מיר, ניט אַזוי?

זי האָט אַ שטילן לאַך געטאָן און צוגעגעבן, אַז איך בין גערעכט.

— איך אַרבעט שוין מיט פּאַנאָפן דעם צווייטן חודש און קיין איינציק מאָל האָט ער מיך ניט געפּרואווט פאַרשדכנען.

— מיינט איר, אַז עס איז ניט שיין געננוג? — האָט זי געפרעגט.

— עס איז זייער שיין — האָב איך געזאָגט, אָבער מענער זיינען אַנדערש.

— דאָס איז טאַקע אַ נייעס — האָט זי איראָניזירט.

— ווער־זשע, מיינט איר, וואָלט געפּאַסט פאַר מיר? — האָב איך גע־פרעגט.

— עס איז ניט אַזוי גרינג צו באַשליסן — האָט זי געזאָגט און זי האָט זיך ניט געפוילט און אויפן אָרט אויסגערעכנט אַ צעטל אוודאי פון אַ האַלב טוץ מיידלעך. זי האָט יעדע פון זיי אָפּגעמאָלן און אַפילו זייער יחוס אויס־גערעכנט און אַלע זיינען זיי געווען בלויז מעלות טובות.

— נו, אַ דאַנק — האָב איך איר געזאָגט און זיך אויפגעהויבן פון מיין וואַרעם איינגעזעסן אָרט. אַ פאַרלאַנג האָב איך געהאַט איר צו זאָגן, אַז אין יענער רגע האָב איך געוואָלט נאָר זי: פאַר איר שיין אויסזען, פאַר איר גוטסקייט, פאַר איר האַרציקייט, פאַר איר שטראַלנדיק קול, וואָס האָט וואַרעם אַרויסגעזונגען איטלעך וואָרט און איך האָב אַליין ניט געוואוסט פאַרוואָס... אוודאי איז עס געווען אַ משוגעת אַפילו אַזוי צו טראַכטן, אָבער דאָס איז געווען דער ריינער אמת.

מיר האָבן ביידע מער ניט געהאַט וואָס צו זאָגן. און ווי נאָר מיר זיי־נען שטיל געוואָרן, האָט זיך פּאַנאָף אויפגעוועקט און זיך אַנטשולדיקט.

ער האָט מיך אין זיין מאַשין באַגלייט ביז צו דער נאָענטער באָס־סטאַנציע. עס איז געווען שטיל און קיל. דער שפּעטער האַרבסט האָט שוין געשמעקט מיט שניי. איבער אונדז איז געהאַנגען אַ טונקל־פאַרוואָלקנטער הימל. ער האָט זיך געשפּרייט נידעריק איבער די העל־ברענענדיקע גאַסן־לאָמפּן און עס האָט אויסגעזען, אַז ער ווערט שוואַרץ. אויטאָס האָבן אונדז אי־בערגעיאָגט, און אויטאָס זיינען אונדז געקומען אַקעגן, פּאַנאָף איז געפאָרן ווי אין דרימל. די גרויסע שווערע מאַשין האָט זיך שטיל געקאָטשעט אויף אירע גומענע רעדער־שינעס, ווי אויך זי וואָלט געדרעמלט. מיר האָבן זיך פאַרדרייט ליִנקס, נאָכדעם רעכטס. נאָכדעם האָב איך פאַרלוירן די ריכטונג, וואוהין מיר פאָרן. פאַר מיינע מידע אויגן האָט אויפגעלויכטן אַ נעאָן־שילד איבער אַ סאַלון. אַן איבלדיקער געררויך, אַ ביטערלעכער, פון ביר, האָט זיך אויף מיר אַ טראַג געטאָן. פּאַנאָף האָט זיך אָפּגעשטעלט.

איך האָב אויפן ראָג פון דער גאַס דערזען דאָס שילדל „באָס סטאָפּ" און איך בין אַרויס פון אויטאָמאָביל. פּאַנאָף האָט מיט אַ פאַרשלאָפן קול מיר געדאַנקט פאַרן קומען און מיך געבעטן קומען נאָך אַ מאָל. איך ווייס ניט, צי האָט ער געמיינט, וואָס ער האָט געזאָגט, איך בין געווען אויפריכטיק, ווען איך האָב אויסגערופן: „מיט פאַרגעניגן!".

## קאַפּיטל צוויי

וואָס האָב איך דערזען אין בעסין און מיט וואָס איז זי מיר מיט איין מאָל אַזוי געפעלן געוואָרן?

איך האָב זיך לאַנג געוואָרפן אויף מיין געלעגער און קיין ענטפער ניט געקאָנט צוקלערן. קיין שיינהייט איז זי אַוודאי ניט געווען. סיידן דער כשרער בליק פון אירע ברוינע אויגן, צי גאָר איר וואַרעם גלעטנדיק קול. איך האָב זי פאַרגליכן מיט די מיידלעך און ווייבלעך וואָס איך האָב געזען און געקאָנט. צווישן זיי זיינען געווען שענערע פון איר, אָבער בעסי... וואָס בעסי?

איך בין איינגעשלאָפן, און ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָב איך צו זיך געזאָגט: „איך האָב עס!" עס איז ניט נאָר געווען איר קול און איר בליק און איר יונגער פולער קערפער, וואָס האָט געצויגן צו זיך און געלאָקט, — עס איז געווען די היים, וואָס זי האָט באַשאַפן. איר האַנט און איר אָטעם האָט זיך געפילט אויף אַלץ, צו וואָס איך האָב זיך אין יענער היים היינט צוגערירט, אָדער אויף וואָס איך האָב געקוקט. עפּעס איז זי געווען שיר ניט ווי אַ פאָרזעצונג פון מיין באָבען, פון מיין מאַמען און פון מיינע מומעס, וואָס האָבן אויף זייער שטייגער געבויט און אויסגעוואַרעמט היימען מיט אַ לופט, וואָס באַגלייט ביזן סוף פון די טעג. און דאָס זיינען געווען ניט נאָר מיינע קרובות... און ניט אַלע מיינע קרובות זיינען אַזוי געווען. מיט אייניקע פון זיי האָב איך זיך ניט געקענט איבערנעמען. און אויב איך האָב אַזוי געטראַכט אין יענער נאַכט, איז עס אפשר מיין אייגנליבע וואָס איך באַקעמף אַלעמאָל און קאָן זיך דערפון ניט באַפרייען, ווייל פרויען פון בעסיס מין האָב איך אָפט באַגעגנט דאָ אינעם נייעם לאַנד, אין גאַס, אין קראָם, צי פאַרבנדיק אין באָס.

איך האָב אַליין ניט געוואוסט, אַז איך האָב געזוכט אַ פרוי פאַר זיך, אַז זי זאָל פאַר מיר שאַפן אַ היים, וואוהין איך זאָל קאָנען אַריינקומען אַזוי ווי מיסטער פּאַנאַף און רוען, ריידן די זעלבע שפּראַך, לייענען די זעלביקע ביכער און אינאיינעם טראָגן די גייסטיקע ירושה פון דורות און דורות פאַר אונדז.

נאָך האָבן מיר געקלונגען די אַלטע היימישע לידער, וואָס מאַן און ווייב האָבן אינאיינעם געזונגען. אין דעם צונויפגיסן זיך פון זייערע שטימען איז געווען אַזאַ האַרמאָנישע גאַנצקייט, וואָס מיט מיינע אָרעמע ווערטער קאָן איך זי ניט איבערגעבן. זיי האָבן ליב געהאַט דאָס לאַנד און די נייע קולטור און זיי האָבן שוין אויך געזונגען אַמעריקאַנער לידער, אָבער — אַלץ אינאיינעם.

און ליגנדיק אויף מיין געלעגער, האָב איך ערשט דערפילט ניט נאָר מיין עלנט, נאָר עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט געווען אַ האַלבער מענטש און אפשר נאָך ווינציקער ווי דאָס. איך האָב זיך געמוסרט פאַר מיין קנאה צום מאַן און איך האָב אויך אים געפרוואווט אָפּשאַצן. האָט ער דאָך אויך זי דער־

גאַנצט און האָט ער דאָך אויך עפּעס צוגעטראָגן צו דעם, וואָס מיר רופן היים.

און די קליינע זעלדע ? זי איז דאָך געווען אַזוי שטאַרק געראָטן אין דער מוטער ! איך האָב איצט אין מיין צערודערונג געבעטן גאָט, אַז זי זאָל אויס־וואַקסן אַזאַ ווי איר מוטער און ברענגען גליק אַ יידישן מאַן. אַז בעסי האָט גליקלעך געמאַכט פאַנאָפן — אין דעם בין איך געווען זיכער און איך האָב צו זיך געזאָגט : זאָל זיך מיר מאַכן אַזאַ בעסי, גיי איך שוין אונטער דער חופה.

מיינע וויטערדיקע וויזיטן צו די פאַנאָפס האָבן מיר ווידער און ווידער באַוויזן, אַז איך בין געווען גערעכט אין מיין אָפּשאַצונג פון דער ליבער משפחה. בעסי האָט מיך ניט אָפּגעלאָזט מיט אירע שידוכים. זי האָט עס אָבער געטאָן אַזוי גוט און גרינג, אַז סע האָט מיך ניט פאַרדראָסן, און מיר האָבן אַלע דריי געלאַכט פון אירע אומזיסטע פאַרזוכן.

איין מאָל, נאָך אַ זאַטן מאָלצייט, ווען בען פאַנאָף האָט אין זיין שטול אונטערגעדרעמלט און בעסי האָט מיר געהאַלטן אין דערציילן די גוטע מעלות פון אַ מיידל, האָב איך געזאָגט :

— ווען איר קאָנט געפינען אַזאַ ווי בעסי פאַנאָף, האָב איך שוין חתונה.

זי האָט פרוילעך אַ לאַך געטאָן, מיך באַטראַכט מיט אירע צוטרוילעכע ברוינע אויגן און געזאָגט :

— איר וועט זיכער געפינען בעסערס פון מיר.

איר פאַרשטייט דאָך, אַז אויף דעם האָב איך גלייך אָפּגעענטפערט :

— קיין בעסערס פון אייך ווינטש איך זיך גאָרניט. זי האָט שוין האַרציק געלאַכט אין דער הויך.

— סאָניאַ ! — האָט זי אויפן רוסישן שטייגער געוועקט דעם מאַן — דו מוזסט הערן וואָס פאַר אַ מציאה דו האָסט אריינגעכאַפּט. זאָגט עס נאָכ־אַמאָל, מיסטער בענדערסקי, זאָגט עס נאָכאַמאָל, און זאָל ער אויך הערן. — ער האָט גוטמוטיק געלאַכט און געזאָגט :

— עס איז גאָר אַ געפאַר אים צו ברענגען אַהער...

— היט זיך ! — האָט בעסי אים געוואָרנט און זיך מודה געווען פאַר אים, אַז זי איז אַ דורכפאַל מיט איר גאַנצער מי מיר צו געפינען אַ פּאָר.

— יאָ — האָט ער געזאָגט — דו וועסט גאָרניט מיד... פאָלג מיך, סע וועט אויך אויף בענדערסקין קומען אַ טאָג... יבוא יומו, בעסי. אין איי־נעם אַ שיינעם טאָג...

— דער טאָג וועט מוזן זיין זייער אַ שיינער — האָט זי מיך געקיבעצט.

— הער, — האָט ער ווי דערוואַכט מיט אַ נייעם געדאַנק — פאַרוואָס זאָלן מיר אים ניט אַרייננעמען אין אונדזער לייענקרייז ? דאָרט וועט ער שוין עמעצן אָפּזוכן.

— פּרוּאוון קאָן גאָרניט שאַטן.

*
**

און מען האָט מיך מיט מזל אָנגעשלאָסן אינעם לייענקרייז, ווי זיי האָבן די גרופּע גערופן. עס האָבן דאָרט באַלאַנגט ביי אַ צען פאַרלעך, צוויי אַלמנות און אַן עלטערע מיידל. זיי פלעגן זיך טרעפן אין די היימען און פאַרברענגען אין לייענען יידישע ליטעראַטור. בלויז דאָס עלטערע מיידל און איינע פון די אַלמנות האָבן צו זיך די מיטגלידער ניט איינגעלאַדן. די אַנדערע האָבן חוצן לייענען און פאַרלייענען אויך מכבד געווען די געסט מיט עסן און טרינקען.

אַלע האָבן זיך דאָ אויסגעצייכנט מיט פאַרשיידענע טאַלאַנטן און יעדער איינער האָט געזען צוצוטיילן וואָס מער כבוד דעם צווייטן. עס האָט אויסגעזען, אַז אַלע זיינען געווען צופרידן. דער דאָזיקער קלוב איז ווירקלעך געווען אַ מין אָפּרו־אָרט, ווייל די מערסטע האָבן באַלאַנגט צו מער ווי איין יידישע אָרגאַניזאַציע און זיי זיינען, חוץ זייער טאָג־טעגלעכער באַשעפטיקונג, געווען פאַרוואָרפן מיט קהלישער אַרבעט. און אַהער זיינען זיי געקומען ווי זיי האָבן געזאָגט „זיך אויסלעבן גייסטיק".

מיר האָט מען אָפּגעגעבן כבוד און מיך געבעטן פאַרלייענען, אָבער איך האָב זיך אָפּגעזאָגט: איך האָב עס קיינמאָל פריער ניט געטאָן. בין איך אַזוי אַרום אַריין אין דער קליינער מינאָריטעט, וואָס טראָגן גאָרניט צו. זיי זיינען געווען: איינע פון די אַלמנות און די עלטערע מיידל. איך פלעג זיך בלויז גערן אָנשליסן אָן געזאַנג. איינע פון די אַלמנות איז שוין געווען אַן עלטערע פרוי און זי האָט מיטגעבראַכט אירע אַ קרובה צוליב מיר. איך האָב זיך געפילט שולדיק: די מיידל האָט אויסגעזען אַזוי שטיל, ווי זי וואָלט דאָס מויל ניט געקאָנט עפענען צום ריידן און די אַלמנה האָט זי געהאַלטן אין איין מונטערן מיט די בליקן. דאָס איז מיר געווען זייער ניט אָנגענעם. איך האָב באַשלאָסן מער אַהער ניט צו קומען. אָבער דאָס לייענען גוטע אַלטע יידישע ביכער און דאָס אויסשרייבן נייע, האָט מיר געגעבן אַ געפיל, ווי איך וואָלט געשטיצט גייסטיקע ווערטן און מיט מיין אַוועקגיין וועל איך עס מער ניט קאָנען טאָן. בין איך ווייטער געקומען צו די קליינע פאַרזאַמלונגען און גאָר אין גיכן זיך אַזוי צוגעוואוינט צו זיי, אַז איך האָב שוין מער ניט געוואָלט איבעררייסן.

די אַנדערע אַלמנה איז נאָך געווען גאָר יונג און אויסגעזען ווי אַ מיידל. איר פנים איז געווען ליכטיק, די האָר אויף איר קינסטלעך־געקרויזטן קאָפּ — שוואַרץ מיט אַ בלוילעכן אָפּגלאַנץ. שוואַרץ זיינען אויך געווען די אויגן און די געדיכטע ברעמען, שוין ניט געקינסטלט — פּינצטער־ערנסט. אַ גליאיקייט האָט געשלאָגן פון אירע אויגן און הגם דער קאָליר זייערער האָט ניט ווידערשפּראָכן דעם קאָליר פון די ברעמען, איז דער קאָנטראַסט געווען שאַרף. די אויגן האָבן געברענט מיט לוסט און לײדנשאַפט, און די ברעמען

האָבן זיי ווי געצוימט. אירע שיינע ווייסע ציין האָבן שמייכלענדיק געבלאַנקט. און זי איז דאָס געווען די, וואָס האָט ניט געלייענט און ניט פאַרגעלייענט. אַן אומפריינטלעכקייט האָט זיך פון אַלעמען געפילט צו דער שיינער אלמנה. די מענער האָבן זיך געמיט ניט צו קוקן אויף איר און די פרויען האָבן זי דורכגענומען מיט זייערע בליקן. זי האָט דאָ געהאַט צוויי שוועסטער און אַ טאַנטע און צוליב זיי האָט מען די אַלמנה טאָלערירט.

איך האָב זיך צוגעקוקט צו בעסין און געוואָלט זען ווי זי קוקט אויף דער אַלמנה. קיין סימן פון האַס האָב איך אין איר בליק ניט באַמערקט, נאָר ביי אַ געלעגנהייט האָט זי מיך אַ פרעג געטאָן:

— נו, ווי געפעלט איך מיסעס ראָט?

— ניט קיין מיאוסע ווייבל — האָב איך געזאָגט.

— דאָס גאָר? — האָט זי געפרעגט.

— זי זעט מיר אויס גייסטיק אָרעמלעך — האָב איך אַרויסגעזאָגט מיין מיינונג.

— מאַכט פריער זיכער, נאָכדעם וועט איר ריידן.

— ווי אַזוי זאָל איך עס טאָן? — האָב איך געפרעגט.

בעסי האָט אַ לאַך געטאָן און היימיש מיך געלאַמרט:

— איר דאַרפט נאָך גיין אין חדר אַריין.

זי האָט אויך געוואָלט וויסן מיין מיינונג וועגן דער מיידל.

— ניט קיין בעסי — האָב איך געענטפערט.

— הערט אויף! — האָט זי מיך געבעטן.

— אויפהערן וועל איך, אויב איר בעט מיך, אָבער פון דעם אמת קאָן איך ניט אַוועקגיין.

— הערט — האָט מיך בעסי געוואָרנט — די גרופּע איז זייער אַ וואוילע און אַ פריינטלעכע, נאָר קוים נעמען זיי עמעצן אַריין אין מויל, איז זאָל גאָט אויסהיטן!...

— דערצו וועל איך ניט דערלאָזן! — האָב איך מיט איפער אויסגע־

— אַ קאָפּוויטיק — האָב איך געזאָגט.

רופן.

אַז בעסי איז געווען גערעכט אין איר אָפּשאַצונג וועגן דעם קלוב, האָב איך זיך אין גיכן איבערצייגט: ווען איך בין אַריינגעקומען, זיינען אַלע שטיל געוואָרן, און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מע האָט גערעדט פון מיר. אָבער אַן אַנדער מאָל האָט מען זיך צערעדט, איידער די יונגע אַלמנה איז אָנגעקומען, און איך האָב אויפגעכאַפּט אַ וואָרט, וואָס האָט מיך אויפ־געשווידערט: אינאיינעם מיט איר נאָמען האָט מען אויך דערמאָנט יוספן, מיסטער פּאַנאָפּן! דאָס איז געווען אַזוי פּלוצלונג און אַזוי אומגלויבלעך, אַז איך בין אַרויס, נאָך איידער די פאַרלעזונג האָט זיך אָנגעהויבן. אָט צו וואָס מענטשלעכע מיילער קאָנען זיך דעררייידן!

עס איז געווען אַ שטילער ווינטערדיקער אָוונט. דער שניי האָט גע־סקריפּעט אונטער מיינע טריט. אָבער מיר איז ניט געווען קאַלט. עס האָט מיך געשטיקט און איך האָב געמוזט פּאַנאַנדערשפּיליען מיין מאַנטל. איך בין אַרויס פונעם קליינעם טויערל און דערזען צופאָרן פּאַנאָפּס מאַשין. פון איר זיינען אַרויס די פּאַנאָפּס און די יונגע אַלמנה. בעסי האָט מיך דערזען און אויסגערופן:

— און וואוהין גייט איר דאָס?

— אַ קאָפּווייטיק — האָב איך דגעזאָגט.

— אַ שאָד! — האָט בעסי שוועסטערלעך אויסגערופן. און די אלמנה האָט צוגעגעבן:

— מיסעס פּאַנאָף וועט היינט פאַרלייענען.

— טוט מיר לייד — האָב איך גראָב אַ בורטשע געטאָן און אַוועק מיין וועג.

געטראַכט האָב איך, אַז איך וועל זיך אַ וואָרף טאָן אויף מיין געלעגער און וועט אַנשלאָפן ווערן, אַז איך זאָל ניט דאַרפן קלערן מיינע שרעקלעכע געדאַנקען, אָבער איך האָב זיך אַפילו ניט אויסגעטאָן. איך בין געזעסן אין מיין צימער און קיין ליכט ניט אָנגעצונדן. איך האָב זיך געהאַלטן אין איין מוסר זאָגן, אַז איך האָב ניט געדאַרפט זייערע רייד נעמען ערנסט, אָבער אַ פּאַרדראָס ביז ווייטיק האָט מיך געמאַטערט. איך האָב מער ניט געקאָנט איינזיצן און איך בין אַרויס אין דרויסן.

דער פראָסט האָט זיך געשטאַרקט. מיינע באָזלעכער האָבן זיך מיר געקלעפּט און פון מיין מויל איז געגאַנגען אַ פּאַרע. קיין לבנה איז ניט געווען, אָבער די שטערן אינעם לויטערן הימל האָבן געבליאַסקעט מיט בלוילעכע פלעמלעך און זיך אָנגעשטרענגט אויסצוברייטערן זייער ליכט און דערמיט כאָטש טיילוויז באַלויכטן די ערד פאַר דער שיין, וואָס די לבנה קאָן איר היינט ניט געבן.

— ס׳אַ ליגן! — האָט עס אין מיר פּראָטעסטירט. אַ געמיינער ליגן, אַ בלבול! איך וועל דערצו ניט דערלאָזן! און... גאָט זאָל מיר מוחל זיין פאַר מיינע נאַרישע געדאַנקען, וואָס איך וויל אַרויסברענגען אין זייער גאַנצן אמת, ניט צוגעבן און ניט מינערן, ווייל וואָס ווייטער איז געשען, האָט מיך געבראַכט צום געדאַנק, אַז אמת איז אַ רעלאַטיווער באַגריף. איז דעריבער אויך מיין מודה זיין זיך אין מיינע ניט־שיינע געדאַנקען ניט דער גאַנצער אמת און איך דאַרף זיך ניט אַזוי שעמען מיט אים ווי איך וואָלט זיך באַדאַרפט. אַ מין ערב־הנאה האָט מיך אַ כאַפּ אַרום געטאָן... הלוואי זאָל די רכילות זיין אמת און בעסי זאָל זיך דערפון דערוויסן, וואָלט איך אפשר אַזוי אַרום געהאַט אַ געלעגנהייט צוצוקומען צו בעסין. ווייל אויב ער איז ווירקלעך אַזוי פאַלש צו איר, האָט ער זי ניט די ווערט, און... אפשר? אפשר וועל איך זי די ווערט האָבן? איך האָב אין יענעם מאָמענט באַשלאָסן נאָכ־צושפּירן מיין גוטן באַלעבאָס.

## קאַפּיטל דריי

איך קאָן זיך דאַכטן, אַז די גאַנצע מעשה האָט מיך ניט באַדאַרפט אָנ־גיין און מיין אויפרעגונג איבער די רכילות האָט קיין זין ניט געהאַט, אָבער אויב איך האָב, לויט דער אָנגענומענער מיינונג, זיך ניט באַדאַרפט מישן אין יענעמס עסקים און אַוודאי זיך ניט נעמען צום האַרצן, וואָס אַ פרעמדער מאַן נאַרט אַ פרעמדע פרוי. אָבער גענאַרט איז געווען ניט נאָר בעסי, נאָר אויך איך. האָב איך דאָך טעלעכע חדשים נאָכאַנאַנד געקוקט אויף דעם פאַרהיראַטן פּאָרל, ווי אויף אַ מוסטער פון האַרמאָנישן צוזאַמענלעבן און האָב איך דאָך ערנסט אָנגעהויבן קלערן וועגן חתונה האָבן ערשט נאָכדעם, ווען איך האָב אָנגעהויבן אַריינצוקומען צו די פּאַנאַפּס. היינט ווי האָב איך געקאָנט פאַרבלייבן קאַלטבלוטיק צו דער געשעעניש?

וואָלט איך ווירקלעך געווען געגלויבט אינעם אמת פון די רכילות־טריי־בער, וואָלטן זיי מיך מער אין דער גרופּע ניט אָנגעקוקט און אויך צום פּאָר־פאָלק וואָלט איך מסתמא אויפגעהערט צו קומען, אָבער מיך האָט פאַרדראָסן, הלמאי עס קאָן גאָר עמעצן קומען אויפן געדאַנק אַזאַ אומגלויבלעכע זאַך.

איך ווייס ניט ווי וויט מיין באַאָבאַכטונג איז גוט, אָבער אויף וועמען האָב איך זיך געקאָנט פאַרלאָזן? דינגען אַ דעטעקטיוו? האָב איך אָנגעהויבן פּראָסט און פשוט נאָכקוקן יוספן סיי ביי דער אַרבעט, סיי אויך אין דער היים. איך האָב געזוכט ביי אים אַ צעטראָגנקייט, אַ בענקשאַפט, אַ געוויסן אָפּוועגד אינעם שטילן פרידלעכן שטראָם פון זיין לעבן מיט בעסין, אַ כעס־אויסברוך, אַן אויסרייד אַוועקצוגיין פון דער היים, צי — פונעם אָפּיס, ווען ער האָט עס ניט באַדאַרפט, אָפּזאָגן זיך פון אירע געשמאַקע מאכלים, צי זיך ניט אָנשליסן מיט איר אין געזאַנג, אָדער אָנשרייען אויף זעלדען, צי זיך טשעפּען צו מיר און זוכן פעלערן אין מיין אַרבעט, זיך סתם אין דער וועלט בייזערן אויף די באַשטעלער פון בוי־פּראָיעקטן.

איך האָב געזוכט, איך האָב געוואַרט און איך האָב זיך געזאָגט: איצט בין איך זיכער, אַז מיין פאַרדאַכט האָט קיין גרונט ניט געהאַט. און אַז איך זאָל מער ניט דאַרפן הערן קיין רכילות, בין איך אָן די פּאַנאַפּס מער ניט געגאַנגען צו דער גרופּע.

צונויפקומען פלעגן מיר זיך געוויינלעך אין די שבת־צו־נאַכטסן. די על־טערע אַלמנה איז דעמאָלט גראָד ניט געווען, און מען האָט אַ סך גערעדט וועגן איר און וועגן די שידוכים, וואָס זי הערט ניט אויף צו זוכן. אויך בעסי האָט זיך אין די רכילות באַטייליקט און דערביי אַזוי האַרציק געלאַכט, אַז זי האָט אויך מיך אָנגעשטעקט מיט איר געלעכטער.

מיט איין מאָל איז זי שטיל געוואָרן און איך האָב דערזען, ווי אַלע קוקן אויף איר. אין אירע שיינע ברוינע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ געלקייט. זי האָט געזוכט עפּעס אַרום זיך, ווי אַ בלינדע, וואָס טאַפּט און קאָן ניט אָנ־

טאַפּן. מיט אַ שפּרונג האָט זיך יוסף געלאָזט לויפן אין שלאָפצימער, וואו עס זיינען געלעגן אַלע אונדזערע מאַנטלען און ער איז באַלד צוריקגעקומען מיט בעסיס גרויסן בייטל. פון דאָרט האָט ער אַרויסגענומען אַ קליין פּלע־שעלע פּילן און איר געגעבן איינע.

איך בין געווען דערשטוינט, אָבער איך האָב זיך ניט פאַרלוירן. נאָך איידער בעסי האָט אַרונטערגעשלונגען די פּיל, בין איך שוין געשטאַנען לעבן איר מיט אַ גלאָז וואַסער.

איר פאַרענדערטער בליק האָט זיך באַלד אויסגעלייטערט. זי האָט אונדז אַלעמען באַטראַכט און שולדיק געזאָגט: „ס׳אי גאָרניט, גאָרניט״.

איך האָב זיך אַראָפּגעזעצט אין מיין שטול. מיין האַרץ האָט מיר אַזוי געיאָגט, אַז איך האָב זיך פאַר זיך אַליין דערשראָקן. איך האָב געכאַפּט אַ קוק צום אַלעם ערשטן אויף דעם, ווען איך האָב באַשלאָסן נאָכצושפּירן. זיין שיינע גאָמבע מיטן גריבעלע אין סאַמע מיטן האָט געציטערט און די אויגן זיינען אים איבערגעגאַנגען פון טרערן.

און אין יענעם מאָמענט האָב איך ווידער געזאָגט צו זיך: עס איז מער ווי ניט שיין חושד זיין יוספן אין נאַרן זיין בעסין! און דאָך, און דאָך — די מענטשלעכע קליינלעכקייט! איך האָב באַלד פון יוספס ריר׳נדי געזיכט געכאַפּט אַ פאַרגנבעטן בליק אויף דער יונגער אלמנה. זי האָט געשיינט מיט אַלע אירע זיבן חנען. זי האָט זיך באַגעגנט מיט מיין בליק און אירע גליאי־קע אויגן האָבן מיך אינגאַנצן דורכגענומען. מע האָט באַדאַרפט זיין אומגע־ווינלעך שטאַרק ניט צוצופאַלן צו אירע גיריקע ליפּן, וואָס האָבן געררופן און געלאָקט און צוגעזאָגט גליק. ווי אַ געפאַנגענער האָב איך דערפילט מיין שוואַכן, נאָכגיביקן שמייכל. די אלמנה און די מיידל זיינען געווען די איינציקע שרייענדיק־אויסגעפּוצטע. באַזונדער האָט זיך עס אַרויסגעזען אין די פריי־שע פריזורן און אין די גרויסע, העלע מאַניקיורטע נעגל. עס האָט אויסגעזען, ווי די צוויי פאַר הענט האָבן קיינמאָל קיין פיזישע אַרבעט ניט געטאָן. אויך די מיידל האָט געקוקט אויף מיר, אָבער איר בליק איז געווען אַ שטילער און אַ פרעגנדיקער, ווי זי וואָלט זאָגן: „וואָס טו איך דאָ, ווען ניט דו?״ זי האָט, ווייזט אויס, איר האָפענונג אויף מיר ניט אויפגעגעבן. אונדזערע לידער האָבן זי ניט גענומען און די פאַרלעזונגען האָבן זי אַזוי געלאַנגווייליקט, אַז זי האָט ניט געקאָנט פאַרבאַהאַלטן אַ געינעץ. און אַפילו געגעסן האָט זי אָן חשק. און יעדעס מאָל, ווען זי איז געקומען, האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז זי טראַכט זיך: נאָך דאָס מאָל און מער ניט.

אַז בעסי האָט געליטן אויף אַ שוואַך האַרץ, האָב איך שוין איצט געוואוסט און איך האָב שוין געליטן פאַר איר, פאַר יוספן און פאַר דער קליינער זעלדען. איך פלעג זעלטן קומען צו די פאַנאָפּס אָן אַ מתנה פאַר דער קליינער. מיר האָבן זיך זייער באַפריינדעט און זי האָט מיך אָפט געבעטן: פּליז, מערי מי! (איך בעט דיך, האָב חתונה מיט מיר!״).

— ביסט אָבער נאָך אַזאַ קליינינקע — האָב איך זעלדען אָפּגערעדט.

— דו ביסט אויך אַמאָל געווען אַ קלייניינקער — האָט זי מיר קלוג אָפּגעענטפערט.

— זאָל איך וואַרטן, ביז דו וועסט ווערן אַ גרויסע?

זי האָט געשאָקלט מיט רויט־געקרויזטן קעפל אויף יאָ און זיך געטוליעט צו מיר.

איך קאָן זיך ניט דערמאָנען קיין איינציק מאָל, ווען בעסי זאָל עפּעס האָבן געוועזן געזאָגט וועגן יוספן, צי ער — וועגן איר. דאָס איז מיר זייער געפעלן געוואָרן, מחמת רייד זיינען דאָ געווען איבעריק. אַ גרויס און אַ טיף געפיל האָט אַרויסגעלויכטן פון זייערע ביידנס בליקן, און כאָטש זיי זיינען ניט געווען געראָטן איינער אין צווייטן, ער שוואַרצהנעוודיק און זי מיט אירע רויטע האָר און מיטן ליכטיקן פּנים, — האָבן זיי דאָך אויסגעזען ווי שוועסטער־און־ברודער.

און דאָס ערשטע מאָל, ווען יוסף האָט מיט מיר אַ רייד געטאָן וועגן זיין בעסין, איז געווען נאָך דער האַרץ־אַטאַקע, וואָס זי האָט געליטן ביי דער פאַרלעזונג.

מיר זיינען געפאָרן פון אַ גרויסן בוי־פּראָיעקט. אַ שטיק פעלד הינטער דער שטאָט איז געווען צעגראָבן. דאָ און דאָרטן האָבן זיך געזען פונדאַמענטן און אויף אייניקע פון זיי האָבן זיך שוין געהויבן ווענט און רעשטאָוואַניעס אַרום זיי.

— עס גייט ניט נאָר אין דעם, וואָס איך וועל דאָ פאַרדינען — האָט יוסף געזאָגט, נאָר — ווער עס בויט. און עס איז ניט נאָר דער בויער, נאָר אויך דער קאָנטראַקטאָר און די אַלע סטאָליאַרעס, פאַרבערס, פּלאָמבערס, עלעקטרישענס, בלעכערס, מוליערס און גלעזערס — זיי זיינען כמעט אַלע יידן.

דאָס וואָרט „אַלע" האָט ער אויסגעזונגען, מיט אַזאַ טאָן און מיט אַזאַ געפיל, ווי ער וואָלט געלייענט ביי דער גרופּע אַ שיין ליד. זיין באַריטאָן־שטימע האָט זיך ביים וואָרט „אַלע" אַ הייב געטאָן ביז צו אַן אַלט.

— ...און — האָט ער געוואָלט פאַרזעצן און איך האָב געזען, ווי שווער עס איז אים — און ווען נאָר בעסי זאָל מיר זיין געשענקט, וואָלט שוין אַלץ גוט געווען.

איך האָב געשוויגן. אין די אויגן האָב איך אים ניט געקאָנט קוקן, מחמת אַפילו אין יענעם מאָמענט האָב איך ניט געקאָנט פאַרגעסן, אין וואָס מע איז אים חושד. און אָט דאָס איז זיינען האָבן האָט אין מיר אַרויסגערופן אַ ווידער־געפיל צו זיך אַליין. איך האָב אויפגעגעבן מיין געדאַנק פון נאָכשפּירן אים און איך האָב שוין ווידער געטראַכט מיינע פרידלעכע געדאַנקען. יוסף האָט פאַרגעזעצט:

— לופטמענטשן זיינען מיר... כאַ! אַזאַ בלבול! נאַטירלעך, וואו מען

האָט צוגענומען די ערד פון אונטער אונדזערע פיס, האָבן מיר זיך אָנגע־האַנגען אָן דער לופט. וואָס־זשע האָבן מיר געזאָלט טאָן — שטאַרבן פון הונגער? און האָבן מיר דען ניט געהאָלפן רייך מאַכן יעדעס לאַנד מיט מסחר? און האָבן מיר דען ניט געהיילט אַלע פעלקער? און האָבן מיר דען ניט גע־האָלפן פירן זייערע לענדער? די הייסטע פּאַטריאָטן זיינען מיר דאָך געווען. און מען האָט אונדז באַשולדיקט אין אַלעם שלעכטן און אונדזערע טריט געבראָכן, און געיאָגט אונדז פון לאַנד צו לאַנד. און וואָס טוען מיר דאָ? מיר בויען, מיר בויען אויף גאַנצע אינדוסטריעס. און שוין מער ניט בלויז מיט עצות טובות, נאָר פשוט מיט די הענט, מיט אונדזערע יידישע פּאַרמאָ־זאָליעטע הענט.

איך האָב אים געהערט און בשעת מעשה געטראַכט פון בעסיס קראַנקייט, אָבער ניט אָנהאַלטן דעם געשפּרעך האָב איך ניט געקאָנט. האָב איך אַ זאָג געטאָן:

— גוט און וואויל. אָבער די בעלי מלאָכהס וואָס איך קען, שיקן זייערע קינדער אין די קאָלעדזשעס, און זיי, די יונגע, וועלן שוין ניט אַרבעטן אַזוי ווי די טאַטעס.

— אַן אומגליק אין באָד — האָט יוסף אויסגערופן. דאָס לאַנד וואַקסט ווי אַ פּרעכטיקער בוים. עס ווערט אינדוסטריאַליזירט און עס נויטיקט זיך אין מענטשן פון גרויס וויסן, פון ממשותדיקער וויסנשאַפט. וועלן מיר אויך דאָ צוטראָגן אונדזער חלק. וויסנשאַפט־אַרבעט איז אויך אַרבעט!

— וועלן עס די ניט־יידן אָפּשאַצן?

— מסתמא ניט, אָבער מיר אַליין דאַרפן זיך אָפּשאַצן! מיר אַליין דאַרפן וויסן אונדזער ווערט! מיר אַליין האָבן דאָך געקוקט אויף זיך, שיר־ניט ווי מיר וואָלטן געווען פּאַראַזיטן. דער היימישער גוישער זאָג: „טי ז מענע זשעיעש" (דו לעבסט פון מיר) וועט אָנהאַלטן אַזוי לאַנג, ווי מיר וועלן זיין אין יענעמס לאַנד. און ווי פאַלש דאָס איז ניט און ווי שעדלעך דאָס איז ניט, איז עס, צום באַדויערן, נאַטירלעך. אָבער ווען די צייט וועט קומען און מיר וועלן זוכה זיין צו באַטרעטן אונדזער אייגענע ערד, אויף אונדזער אייגן לאַנד, וועלן מיר ווידער זיין מענטשן און מיר וועלן געדענקען, אַז מיר האָבן אין פאַרלויף פון באַלד צוויי טויזנט יאָר באַרייכערט די גאַנצע וועלט און אַ גרויסער זייער אַ גרויסער חוב קומט אונדז!

וואָס האָב איך אויף דעם געקאָנט זאָגן? איז דאָך יוסף געווען ניט נאָר אַ גוטער און אַ געטרייער מאַן, נאָר אויך אַ גוטער און אַ שיינער ייד. איך האָב אים געוואָלט אַרומנעמען און אים זאָגן, אַז ער איז מיר אַ ברודער, אָבער איך האָב עס ניט געטאָן. איך וואָלט זיך געשעמט, ווען איך טו עס, און פאַרוואָס, וואָלט איך זיך ניט געקאָנט דערקלערן. האָב איך געשוויגן און ווייטער געהערט זיין מאָנאָלאָג, ביז ער האָט ווידער אַ רעד געטאָן פון בעסיס קראַנקייט.

# קאַפּיטל פיר

דאָס איז געשען אין צוויי וואָכן אַרום נאָך מיין געשפּרעך מיט יוספן, ווען מיר זיינען געפאָרן פונעם פּראָיעקט. איך האָב ניט געקאָנט קומען עסן צו די פּאַנאַפּס און איך האָב זיי צוגעזאָגט, אַז מאָרגן וועל איך קומען און מיר וועלן אינאיינעם פאָרן צו דער גרופּע. ווען איך בין אַריינגעקומען, האָב איך יוספן ניט געטראָפן. בעסי איז געלעגן און געלייענט. זי איז געווען ניט געזונט און ניט געקאָנט גיין. איך האָב זייער געוואָלט בלייבן מיט איר, אָבער זי האָט מיך געבעטן דאָס ניט צו טאָן און ווי אַן עלטערע שוועסטער מיר שיר ניט באַפוילן שוין גיין צו דער גרופּע.

איך האָב זי געפאָלגט.

עס איז געהאַט אויסגעפאַלן אַ טיפער שניי און דער באַס האָט זיך גע־שלעפּט שווער און געסאָפּעט ווי אַ מיד פערד.

איך בין אַרונטער ביי דער לעצטער סטאַנציע. פון דאָרט האָב איך נאָך באַדאַרפט גיין עטלעכע קוואַרטאַלן. עס איז געהאַט דורכגעפאָרן דאָס מאַ־שינדל, וואָס רייניקט די טראָטואַרן פון שניי, אָבער אַ פרישער שטראָם פון דער ווייכער ווייסקייט איז ווידער געפאַלן און פאַרדעקט אַלע שפּורן. דערפאַר איז אָבער דער פראָסט אַזוי אָפּגעשוואַכט געוואָרן, אַז איך האָב זיך גיך דער־וואַרעמט און איך האָב צעשפּיליעט דעם קאָלנער פון מיין מאַנטל. איך האָב געפילט, ווי די קילע שנייעלעך צעגייען אויף מיין פּנים.

מיטאַמאָל האָב איך דערזען יוספס מאַשין. פון דאַנען ביז צו דער וואוי־נונג פון די, ביי וועמען עס איז היינט געווען די פאַרזאַמלונג, איז נאָך געווען איבער פיר בלאָק. וואָס טוט מיין יוסף דאָ? אפשר האָט די מאַשין זיך אָפּגעזאָגט ווייטער צו פאָרן? איך האָב געוואָלט צוגיין אַ קוק טאָן, אָבער איך האָב ניט געוואָגט. אין אַ צושטאַנד, וואָס מיר איז שווער אַרויסצוברענגען, עפּעס אַ מין כעס, געמישט מיט שרעק און אַ פאַרלאַנג, איך זאָל אָט דאָ שטייענדיק אַנטשלאָפן ווערן און זיך אויפכאַפּן אויף מיין געלעגער מיט אַ קרעכץ און מיט אַן אויסרוף „ס׳איז נאָר אַ חלום!” — אָט אַזאַ מין צושטאַנד האָט מיך באַהערשט. איך האָב זיך אַ רוק געטאָן אויף צוריק און זיך פאַר־שטעקט ביים ראָג פון דעם דערבייאיקן הויז און געקוקט. און מיין צו־שטאַנד האָט מיך שוין געדריקט מיט אַ גרויסער פאַרשעמונג אויף יוספס שריט, אויף מיין חשד און אויפן רעכט וואָס איך האָב זיך גענומען...

איך האָב געוואָלט אַוועק, און ניט געקאָנט זיך רירן. צווישן אָט דעם געמיש פון געפילן, וואָס האָבן מיך באַהערשט, מוז איך זיך מודה זיין, איז נייגעריקייט געווען דאָס שטאַרקסטע. וואָס וואָלט איך ניט געווען געגעבן, איך זאָל קאָנען אַריינקוקן אין דער מאַשין און זען!

ווי לאַנג איך בין אַזוי געשטאַנען, ווייס איך ניט, אָבער איך האָב זיך דערוואַרט. עס האָט זיך געעפנט די טיר צום טראָטואַר. די מאַשין איז אויטאָמאַטיש באַלויכטן געוואָרן, און איך האָבן דערזען יוספן זיצן אָן זיין

הוט און די יונגע אלמנה אַרויסקומען. זי האָט צורעכטגעמאַכט די הוט אויף זיך און לאַכנדיק לײדנשאַפטלעך, געזאָגט:

— דאַרלינג, יו מעיד עי מעס אַוט אָוו מי.

זי איז אַוועק אַליין צו דער פאַרזאַמלונג. שפּעטער איז אויך יוסף אָפּ־געפאָרן.

צו דער גרופּע בין איך שוין ניט געגאַנגען. איך בין אַוועק צו דער וואוינונג פון די פאַנאַפּס און זיך אַרומגעדרייט אַרום דער הויז. איך האָב זייער גוט געקענט אַלע צימערן און איך האָב געזען צווײ באַלויכטענע פענצ־טער, איינס שוואַך, ביי זעלדען אין איר חדר און דאָס אַנדערע האָט געלויכטן עפּעס אומנאַטירלעך העל. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט די צוויי אויף זייערע געלעגערס, זעלדען אַ שלאָפנדיקע און בעסין אינגאַנצן וואַכנדיק, מיט אַ בוך, אָדער אַ זשורנאַל אין איר האַנט. זי לייענט און דאָס קראַנקע האַרץ אירס יאָגט דאָ גיך־גיך און דאָ אַזוי פּאַמעלעך, אַז איר דאַכט זיך אָט־אָט און עס וועט זיך אויף אייביק אָפּשטעלן. עס פאַרכאַפּט איר דעם אָטעם. זי בייט איר פּאָזיציע, און איר דאַכט זיך, אַז סע ווערט איר גרינגער. זי הערט זיך איין צום קינד און איך האָב מורא, זי טראַכט, אַז זי איז איינע אַליין אין אָט דער הויז און אפשר אין דער גאַנצער וועלט. עס טוט איר אַוודאי באַנג, וואָס זי האָט געלאָזט דעם מאַן אַוועקגיין.

אָט די אַלע געדאַנקען מיינע — אויף וואָס זיינען זיי זיך סומך? אויף מיינע טראַכטענישן פון פריער. איך גיב זיך אונטער זייער שטראָם און איך טראַכט שוין ווייטער. און איך זע יוסֿפן פאַרן אַוועקגיין, ווי ער בעט זיך ביי איר, אַז ער וויל ניט גיין. און איך הער, ווי זי רעדט אים צו און ער פּאָלגט זי. און... איך גיב זיך מער קיין חשבון ניט אָפּ. איך טו אַ שפּאַן און אַ גיי. און איך דערוואַך צו מיינע קלאָרע געדאַנקען ערשט ווען איך האַלט מיין פינגער אויפן טיר־גלעקל. וואָס טו איך?! שרייט עס אין מיר אויס.

איך כאַפּ אַוועק מיין פינגער ווי פון אַן אָנגעגליטער קויל און איך גיי און גיי.

איך גיי אַזוי גיך, אַז עס ווערט מיר שווער צו אָטעמען. איך ווייס שוין אַליין ניט, וואו איך בין.

אַרום מיר אַ שלאָפנדיקע שטאָט, וואָס זעט צוליב איר אומגעוויינלעכער שטילקייט אויס ווי אַ דאָרף. זעלטן ווען עס פאָרט דורך אַן אויטאָ. און אַלע הייזער פינצטער. נאָר דאָ און דאָרטן זעט זיך אַ שוואַך רויט־געלבלעך ליכט אין אַ פענצטער.

פון ווייטן האָט אויף מיר מיט איין מאָל אַ שלאָג געטאָן אַ שטאַרק ליכט. אַ סאַלון. דאָס ערשטע מאָל אויף מיין לעבן דערפריי איך זיך מיט אַן אָרט, וואָס איך מייד געוויינלעך אויס. דער סאַלון איז אויפן ראָג. איך לייען איבער די נעמען פון די צוויי גאַסן, גיי אַריין אינעווייניק און בעט אַ טעלעפאָן. דאָ איז האַלב טונקל. דאָס גרויסע ליכט איז געווען איבער דער טיר אין

דרויסן. דאָ איז אַזוי טונקל, אַז די מענטשן זעען אויס, ווי באַוועגלעכע שאָטנס. דער אָנגעשטעלטער דערלויבט מיר צו טעלעפאָנירן נאָך אַ טעקסי. ער קוקט אויף מיר, ווי איך וואָלט געווען פון אַן אַנדער וועלט און עס זעט אויס, אַז ער באַנעמט ניט, פאַרוואָס איך באַשטעל ניט קיין טרונק. איך פיל בליקן אויף מיר פון נאָך מענטשן. איך באַשטעל אַ גלאָז ביר. איך ריר צו מיינע ליפּן צו דער קאַלטער ביטערער פליסיקייט און איך קאָן אַפילו קיין זופּ ניט טאָן.

— ניט געזונט? — פרעגט מיך דער פּאַרקויפער מיט אַנטייל.

— קראַנק, קראַנק — זאָג איך — זייער קראַנק!

איך האָב זיך קוים דערוואָרט אויף דער טעקסי און ווען איך בין געקומען אין מיין צימער, האָב איך ערשט אָנגעהויבן אַריינצוקלערן אין דעם גאַנצן ענין.

וואָס איז דאָ אייגנטלעך געשען? אַ מאַן נאַרט זיין ווייב. עס איז אַזאַ געוויינלעכע געשיכטע, אַז סע לוינט זיך אַוודאי ניט אויפרעגן. האָב איך דאָך אויך גענאַרט, אָבער גענאַרט האָב איך ניט מיין ווייב. איי, פון יוספן האָב איך עס ניט דערוואַרט, איז דאָס אפשר מיין שולד?... ניט גענדאַרפט געווען זיין אַזוי נאַאיוו. האָב איך דאָך קעגן מיין נאַאיוויטעט געקעמפט זינט איך געדענק זיך און ניט איין מאָל האָט מען געלאַכט פון מיר, און מער ווי איין מאָל האָב איך זיך געפילט ווי אַן אָפּגעאַנרטער. אָבער עפּעס איז דאָ אין מיר אַ טיף־פאַרוואָרצלט געפיל, אַז גוטס און שיינס איז דאָך דאָ אַרום אונדז און אין אונדז און דאָס גוטע וועט ענדלעך טריאומפירן. אָט זיינען דאָך צווישן די וואָס האָבן געלאַכט פון מיר, אויך געווען אַנדערע וואָס האָבן פון מיר זייער געהאַלטן... און אַפילו יענע וואָס האָבן געלאַכט פון מיר, האָבן אַרויסגעוויזן אַ געוויסע איינזעעניש, ווייל זיי האָבן מיך געהאַלטן פאַר אַן אומשולדיקן און די וואָס וועלן לייענען מיינע פאַרצייכענונגען, וועלן אפשר אויך אַ שמייכל טאָן.

אָבער איך טו עס אַלץ צוליב דעם סוף פון דער געשיכטע, וואָס איז געווען מיין גרעסטע איבערראַשונג.

איך האָב ווייטער געטראַכט ניט נאָר וועגן דעם וואָס עס איז געשען, נאָר אויך — וואָס וועט זיין. און צום אַלעם ערשטן, ווי וועל איך קאָנען מאָנטיק אַריינקומען אין אָפיס און קוקן יוספן אין די אויגן? און אויב איך זאָל מאָנטיק צוקלערן אַ תירוץ, — ווי וועל איך עס טאָן דינסטיק? און ווי וועל איך קאָנען אַריינקומען צו די פאַנאָפּס?

איך בין געשלאָפן אומרואיק, כאָטש דאָס וואָרט זאָגט גאָרניט און בין טאַקע מאָנטיק צו דער אַרבעט ניט געגאַנגען. אָנשטאָט דעם בין איך אַוועק צו די פאַנאָפּס. און הגם איך האָב אַלץ אין יענעם טאָג געטאָן אין אַזאַ אויפרעגונג, אַז איך האָב זיך קיין חשבון ניט געקאָנט אָפּגעבן, בין איך דאָך געווען אויסגערעכנט געניג, אַז איך זאָל מיינס דערגרייכן, אַז איך זאָל קו־

מען צו די פּאַנאָפּס, ווען דער מאַן וועט זיין ביי דער אַרבעט און זעלדע — אין קינדערגאָרטן.

ווי אַ באַנומענער האָב איך אָנגעדריקט דאָס טיר־גלעקל. געעפנט האָט מיר בעסי. זי איז געווען אָנגעטאָן אין איר מאָרגן־כאַלאַט, די ווייסע אַרבל פאַרקאַשערט העכער די עלנבויגנס. עס האָט פון איר געשמעקט מיט גע־קעכטס און מיט אַ ליבער וואַרעמקייט. זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט אירע שטילע ברוינע אויגן. איך האָב געפילט ווי מיין שמייכל גייט אַוועק אין דער קרום. איך האָב זי אַ לייכטן שטויס געטאָן. די טיר האָט זיך צוגעמאַכט הינטער מיר. אין קאָרידאָר איז געווען טונקל.

— האַלאָ — האָב איך געזאָגט מיט אַ פרעמד קול און אַרומגעכאַפּט די יונגע פרוי. איך האָב אינגאַנצן געציטערט און ציטערנדיק געזוכט בעסיס מויל. זי האָט שוואַך אַוועקגעדרייט איר פּנים פון מיינעם און זיך מיט איין מאָל צעוויינט עפּעס אַזוי הילפלאָז נאָר ווי אַ געשלאָגן קינד קאָן וויינען.

איך האָב זי גלייך אָפּגעלאָזט און איך האָב געהערט ווי זי האָט גערעדט דורך טרערן:

— ווי האָט איר געוואַגט? ווי האָט איר געסמייעט?

איך האָב דערפילט ווי איך געווין צוריק מיין גלייכגעוויכט און מיין אייגן קול און איך האָב שאַרף אַרויסגערעדט:

— איך האָב אייך עפּעס צו זאָגן, וועט איר שוין פאַרשטיין.

— זייט אַזוי גוט! — האָט זי באַפוילן. איר קול איז אינגאַנצן געווען פריי פון טרערן, קאַלט, קלאָר און אַנטשלאָסן — גייט שוין אַוועק, שוין, די מינוט!

„דערפאַר וואָס אייער מאַן נאַרט אייך, האָב איך געוואָגט!" האָב איך גע־וואָלט זאָגן. די ווערטער האָב איך קוים איינגעהאַלטן אין זיך. איך בין געווען אַזוי אין כעס, אַז איך האָב שוין ניט געוואוסט, צי רייד איך, צי איך שוויג. מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב ניט געוואָגט. איך האָב זיך האַסטיק אַ דריי אויס געטאָן צו דער טיר און אויסגעשריגן:

— גוד ביי!

דינסטיק בין איך שוין געגאַנגען צו דער אַרבעט, אָבער איך האָב דאָרטן יוספן ניט געטראָפן. איך האָב טעלעפאָנירט אַהיים. אַ פרעמדע שטים האָט מיר געענטפערט. יוסף איז אין שפּיטאָל ביי בעסין.

איך האָב געפרעגט, אין וועלכן שפּיטאָל און בין באַלד אַוועק אַהין. איך האָב דאָרט געטראָפן יוספן. און ווען איך האָב אויף אים אַ קוק געטאָן און דערזען, ווי ער האָט זיך געביטן, איז מיין כעס אויף אים מיט איין מאָל ווי אויסגערונען. אָט דער כעס, וואָס האָט ווי אַ גאַליק־ביטער געטראַנק צוויי טעג געפליסט אין מיינע בלוטן און איך בין געווען גרייט אָנצופאַלן אויף אים און אים שטיקן, איז איצט, קוקנדיק אויף אים, פאַרביטן געוואָרן מיט רחמנות. יוסף איז געווען פּונקט אַזוי ווי ער האָט לויט מיין שטענדיק

גלויבן אין אים באַדאַרפט זיין, ווי איך האָב אים געוואָלט זען און ניט אַזוי ווי אין דער באַלויכטענער מאַשין, אָן זיין הוט, מיטן ווילד־צעשויבערטן קאָפּ האָר.

דאָס איז געווען דער אמתער יוסף.

— וואָס מאַכט בעסי? — האָב איך געפּרעגט.

ער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן און ניט געענטפערט. ער האָט גענומען אומשפּאַנען איבערן ברייטן קאָרידאָר. איך בין אים ווי אַ שאָטן נאָכגעגאַנגען. ער איז צו צום פענצטער פון אַ דערבייאיקן צימער און אַריינגעקוקט. אויך איך האָב דאָס געטאָן. איך האָב זי דערזען אין בעט. איך האָב דערזען רערלעך אין איר נאָז, די רערן וואָס ברענגען אָקסידזשען. ביים בעט זיינען געשטאַנען צוויי דאָקטוירים און צוויי באַרמהאַרציקע שוועסטער. איך האָב געזוכט בעסיס פּנים. איך האָב עס קוים דערזען. איך האָב זי ניט דערקענט. נאָר די פּרעכטיקע רויטע האָר, ווי זיי וואָלטן פאַרמאָגט אַ באַזונדער לעבן אין זיך און מיט דער קראַנקער זיך ניט אָנגעקערט, זיינען געווען צעוואָרפן איבערן ווייסן קישן.

אויף מאָרגן איז בעסי געשטאָרבן.

ביי דער לוויה האָב איך געזען די מערסטע פון דער גרופּע און די יונגע אלמנה צווישן זיי. יוסף האָט זיך געהאַלטן שטאַרק. נאָר זיין פּנים איז געווען אומגעוויינלעך בלייך און די אויגן האָבן ניט געפינטלט.

און דאָ, אינעם פינצטערלעכן פיונעראַל־פּאַרלאָר, אין דער אָנגעזיכט פון דער טויטער, האָב איך באַמערקט, ווי די מיטגלידער פון דער גרופּע קוקן זיך איבער און וואַרפן זינדיקע בליקן דאָ אויף דער אלמנה, דאָ אויף יוספן. און דעמאָלט, ווי ניט שיין דאָס זאָל ניט זיין, האָב איך זיך אָנגעשלאָסן אין יענע פאַרדעכטיקע קוקעלעך. און אויב אויף מיין פאַרטרויערט, פאַרשטיינערט פּנים האָט זיך אפשר קיין שמייכל ניט געוויזן, האָט עס ערגעץ טיף אין מיר געשמייכלט. איך בין אין יענעם מאָמענט געווען אַ געטרייער מיטגליד פון דער גרופּע און איך בין אַפילו געווען צופרידן, וואָס ענדלעך בין איך צו מיין שכל געקומען...

די אלמנה איז נאָך קיינמאָל אַזוי שלעכט און אַזוי נאַכלעסיק ניט געווען אָנגעטאָן. אירע שיינע אויגן זיינען געווען פאַרוויינט, און ווען אַלע זיינען, ווי דאָ פירט זיך, דורכגעגאַנגען דעם אָרון כאַפּן דעם לעצטן בליק אויף דער געשטאָרבענער, איז זי געבליבן זיצן אויף איר אָרט.

נאָך דער לוויה האָבן מיר אַלע כמעט יעדן טאָג מנחם אָבל געווען יוספן. זעלדע האָט ביי אונדז אַלעמען אַרויסגערופן טרערן. איך האָב זיך זייער געשעמט, אָבער איך האָב זיך ניט געקאָנט גובר זיין און אויך געוויינט. עמעצער האָט דער קליינער געזאָגט, אַז איר מוטער איז אַוועק ערגעץ שלאָפן, און זעלדע האָט געטענהט, אַז איר מוטער איז אומגערעכט, אַז אַזאַ גוט בעט ווי זי האָט דאָ, וועט זי שוין אין ערגעץ ניט קריגן און זי מוז באַלד קומען צוריק.

און יוסף? יוסף האָט זיך אײנגאַנצן אָפּגעלאָזט און געװײנט אויף אַ קול. מען האָט דאָ געדאַװנט מיטן מנין, אָבער ער האָט זיך ניט געקאָנט שטעלן צום עמוד און ער האָט אױסגעזען מער פאַרלוירן פון זײן קלײנער טאָכטער.

און דאָך, און דאָך, זאָל עס מיר ניט גערעכנט װערן — בין איך איצט געװען זיכער, אַז עס װעט לאַנג ניט נעמען, און ער װעט זיך טרײסטן מיט דער שײנער יונגער אלמנה. ער װעט עס אפשר ניט טאָן אַזױ גיך, אָבער טאָן װעט ער עס.

## קאַפּיטל פינף

עס זײנען אַריבער די שבעה־טעג. זעלדען האָט יוספס אַ שװעסטער פון אַן אַנדער שטאָט צוגענומען צו זיך אויף אַ צײט. דאָס געזעגענען זיך פון פאָטער און קינד װעל איך קײנמאָל ניט פאַרגעסן.

די קלײנע האָט געזאָגט מוסר דעם טאַטן, הלמאי ער קאָן זיך ניט באַ־הערשן. זי האָט אים אַפילו גערופן „סיסי״ און געלאַכט פון אים און אים גע־מאַכט חנדלעך. זי האָט ניט געקאָנט צוזען זײן פינצטער פּנים און זי האָט אויף דעם געװאָלט דערזען אַ שמײכל. יוסף האָט איר געװאָלט צוליב טאָן, און ניט געקאָנט. ער האָט בלויז כּוח געהאַט אַרויסצורעדן: „ביז זונטיק, זעלדי״.

דאָס קינד איז צוגעלאָפן צו מיר און מיך אַרומגעכאַפּט.

— פאַרגעס ניט און װאַרט אויף מיר ביז איך װעל אױסװאַקסן.

— דיך װעל איך קײנמאָל ניט פאַרגעסן! — האָב איך איר פאַרשפּראָכן. איך האָב געקוקט אויף איר ליכטיק פּנים, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז עס בלײכט זיך, אַז אינעם שײנעם רויטהאַריקן קעפּל בויערט אַ ניט־פרײלעכער געדאַנק, אַז זי איז חושד, מיר אַלע, מיר גרויסע, באַהאַלטן עפּעס אויס פון איר װעגן איר גוטער „מאַמי״. דער שאָטן פון זאָרג און פאַרדאַכט אין אירע ברוינע אויגן האָט זי נאָך קײנמאָל ניט געמאַכט אַזױ ענלעך צו דער מוטער, װי אין יענעם מאָמענט.

זעלדע איז אַװעק. מיר זײנען געבליבן אַלײן. עס זײנען אַװעק די הײ־מישע, די אײגענע און די פרײנד. מיט אַ שעה שפּעטער בין איך אַװעק אין אָפיס און געלאָזט יוספן אַלײן. פאַרן אַװעקגײן האָב איך אים געװאָלט געבן די האַנט, און ניט געקאָנט. מײן האַנט האָט אַ ציטער געטאָן. איך האָב זי ניט אויסגעשטרעקט. מיט אײן מאָל האָט שאַרף אױפגעטױכט אין מײן זכרון דער פאַרשנײטער אָװנט, און ער אָן אַ היטל אין דער באַלױכטענער מאַשין. איך האָב זיך ניט געקאָנט באַפרײען פון׳עם געדאַנק, אַז איך װעל אַרויס און זי װעט אַרײן, זי װעט אים טרײסטן.

װי נאָר איך בין אַרײן אין אָפיס, האָב איך דערהערט דעם טעלעפאָן קלינגען. עס האָט גערופן יוסף. זײן קול איז געװען קראַנק.

ער האָט זיך אַנטשולדיקט, װאָס ער רופט אַזױ גיך. ער מוז צו עמעצן רעדן.

איך האָב זיך דערפרייט און דערשראָקן; איך האָב דערוואַרט אַ ווידוי. וואָס האָב איך זיך געקאָנט דערוויסן מער, ווי איך האָב שוין געוואוסט? דאָך בין איך מיט איין מאָל באַהערשט געוואָרן פון נייגעריקייט. זאָל דער פאַר־ברעכער אַליין זיך מודה זיין! איך האָב דערהערט גאָר עפּעס אַנדערש, קורצע אָפּגעהאַקטע ווערטער:

— אומעטיק, שרעקלעך! איך זיץ דאָ, און מיר דאַכט זיך, אַז בעסי איז אין אַנדערן צימער.

ער האָט זיך ווידער אַנטשולדיקט און איך האָב געהערט, ווי ער הענגט אויף דאָס טעלעפאָן־טרייבל.

אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט ער ווידער גערופן און געפרעגט, צי עס זיינען אַריינגעקומען באַשטעלונגען. איך האָב געפילט, אַז ניט צוליב דעם האָט ער מיך גערופן. ער האָט עס יענעם טאָג געטאָן מער ווי איין מאָל. אויף מאָרגן איז ער שוין געווען מיט מיר אין אָפּיס.

באַלד נאָך מיטיק האָט זיך דער טעלעפאָן צעקלונגען. יוספס בלייך פּנים איז נאָך בלייכער געוואָרן און דורך דער בלייכקייט האָט זיך קוים־קוים דורכגעשלאָגן אַ שעמעוודיקע רויטקייט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר ווי קיינמאָל פריער. אין זיין בליק איז געווען בושה און אַנטשלאָסנקייט און זיין שטים האָט אָפּגעקלונגען באַפעלעריש:

— איך בין ניטאָ! איר הערט? ניטאָ! — און ער האָט מיר אָנגעוויזן אויפן טעלעפאָן.

עס האָט גערעדט מיסעס ראָט, די יונגע אלמנה.

— קאָן איך ריידן צו מיסטער פאַנאַף?

— צום באַדויערן — האָב איך קאַלט און פּיינטלעך אָפּגעענטפערט.

— וואָס מיינט איר? — האָט זי פּראָטעסטירט.

— מיסטער פאַנאַף איז ניטאָ אין אָפּיס.

— ווען וועט ער זיין צוריק?

— מסתמא אין גיכן.

זי איז געווען שטיל. איך האָב געוואַרט.

— און וואָס מאַכט איר? — האָט זי געפרעגט.

— אַ דאַנק פאַרן פרעגן.

זי האָט ווידער געשוויגן און באַלד געפרעגט:

— איר ווייסט אפשר, וואו איך קאָן אים גרייכן?

— צום באַדויערן —

— המ... וועל, גוד ביי, איך וועל רופן שפּעטער.

איך האָב געזוכט יוספן. ער איז ניט געווען. אָבער באַלד איז ער אַריין און געזאָגט: „אומפאַרשעמטע!” איך האָב אויסגעמיטן צו באַגעגענען זיך מיט זיין בליק, ווייל איך בין געווען זיכער, אַז מיט דעם וואָרט מיינט ער אַוודאי אויך זיך.

און אַזוי האָט עס זיך אָנגעהויבן. עס האָט ווידער און ווידער גערופן מיסעס ראָט, שפּעטער — די מוטער פון דער מיידל, וואָס מען האָט מיר גע־שדכנט און אין שפּעטערדיקע טעג און וואָכן זיינען מיר פאַרפּלייצט געוואָרן פון טעלעפאָן־רופן. זיי אַלע זיינען ווירקלעך געווען אומפאַרשעמט. צווישן זיי האָבן זיך אויך געפונען די זעלביקע, וואָס האָבן יוספן באַרעדט. איז ער דאָך אין זייערע אויגן געווען אַ פאַרברעכער. אָבער מיט איין מאָל איז ער געוואָרן כשר.

עס זיינען אויך אָנגעקומען בריוו מיט חתונה־אָנבאָטן.

איצט בין איך שוין געווען ביט נאָר פאַנאַפּס געהילף, נאָר אויך זיין פערזענלעכער סעקרעטאַר. ער האָט אויסגעמיטן צו ענטפערן די טעלעפאָנען און די בריוו אַפילו ניט געוואָלט נעמען אין די הענט אַריין.

איין זונטיק האָט ער מיך איינגעלאַדן צו פאָרן מיט אים צו דער שוועס־טער, קיין פילאַדעלפיע. איך האָב מיטגענומען זעלדען אַ מתנה. זי האָט זיך זייער געפרייט און פאַרצויגן מיין נאָמען אויפן עכטן יידישן שטייגער:

— אָ, סימאָניו! — איך בין געווען איבעראַשט, אָבער איך האָב פאַר־שטאַנען, אַז זי האָט זיך דאָס אויסגעלערנט פון איר פרומער טאַנטע; זי האָט זי אַנדערש ניט גערופן ווי זעלדעניו. זי האָט געפרעגט אויף דער מוטער און געוואָלט וויסן, ווען זי קומט צוריק.

מיר זיינען פון דאָרט אַוועק צערודערטע. יוסף האָט מיר איבערגעגעבן די מאַשין. ער האָט לאַנג געשוויגן. אַרום אונדז האָט זיך געשפּרייט אַ פאַר־שנייטע וועלט. דער וועג איז אָבער געווען ריין־אויסגעקערט און טרוקן. מיר זיינען אַריין אין אַ געדיכטן שטראָם אויטאָס. עס איז געוואָרן שווערער און שווערער צו פאָרן.

— איך ווייס גאָרניט, וואָס איך וואָלט געטאָן אָן דיר — האָט יוסף געזאָגט און זיך אַ ווענד געטאָן צו מיר — אפשר וואָלסטו זיך אַריינגעקליבן צו אונדז? איך וועל דיר אַריינשטעלן אַ בעט אין זעלדעס צימער. עס איז געראָם און ליכטיק... האַ?

עס איז מיר שווער געווען אים צו ענטפערן און אָפּזאָגן האָב איך ניט געקאָנט.

איך האָב אָנגענומען זיין אָנבאָט און אָפיציעל אַ פרעג געטאָן:

— וויפל וועט איר מיר רעכענען?

— רעכענען? — האָט ער זיך געחידושט — וואָס מיינסטו „רעכענען”?

— אירט דאָך מיך ניט האַלטן אומזיסט.

— איך וועל דיר זאָגן דעם אמת: דערפון האָב איך גאָרניט געקלערט. נו, מיר וועלן זיך שוין אויסגלייכן. אַבי דו שטימסט איין צו זיין מיט אונדז.

וואָס מיינט ער מיט „אונדז?” דאָס וואָרט האָט מיר געקרעלט מיין אויער. ער איז דאָך ניט זעלדע... פאַרשטייט זיך, איך האָב מער דערפון ניט גערעדט און אין עטלעכע טעג אַרום בין איך שוין געווען זיין קוואַר־טיראַנט.

די טעלעפאָן־רופן האָבן ניט אויפגעהערט. די אײנציקע וואָס האָט שוין עטלעכע טעג געשוויגן און אונדז צורו געלאָזט, איז געווען מיסעס ראָט.

ביז איך האָב אײן שבת אָוונט דערהערט איר שטים ניט אויפן טעלעפאָן, נאָר דאָ, אין די צימערן. מיר האָבן שוין געהאַט עטלעכע אײנלאַדונגען צו באַזוכן די גרופּע. אײנע פון זיי האָט געמאָלדן, אַז די גרופּע ווידמעט אַן אָוונט דעם אָנדענק פון בעסין. האָבן מיר זיך געקליבן צוצוגײן.

איך האָב זיך געהאַלטן אין איבערטאָן, ווי איך האָב דערהערט דאָס טירגלעקל קלינגען.

— סימאָר — האָט יוסף מיך גערופן. — גײ עפן די טיר.

— איך קאָן ניט — האָב איך זיך אָפּגערופן — איך טו זיך איבער.

— פאַר גאָדס סעיק! — האָט יוסף אויסגערופן און איך האָב אין אַ ווײלע אַרום דערהערט מיסעס ראָטס שטימע. וואו איז אַהינגעקומען איר גלעטנדיקע וואַרעמקייט, וואָס האָט אַזוי געלאָקט און אַזוי פיל צוגעזאָגט? דאָס איז מער ניט געווען דאָס זיסע קול פון אַ פאַרליבטער יונגער פרוי, נאָר אַ בייז און אַ שאַרפס, מיט שטעכעלעך, עפּעס אַזאַ דינס, הייזעריקלעך און דראָענדיק.

— . . . דײנע ריידעלעך, דײנע גלאַטע רײדעלעך, דײנע זיסע ווערטער... וואָס איז פון דעם אַלעמען געוואָרן? איצט זע איך, אַז דו ביסט אַזוי ווי אַלע מענער: פאַלש, פאַררעטעריש... איצט זע איך, אַז דו האָסט מיך קײנמאָל, קײנמאָל ניט ליב געהאַט. און און און... זי האָט זיך פאַרכלינעט מיט די ווערטער — און איך האָס דיך! איך האָס דיך! דו הערסט?

איך האָב געוואָלט דערהערן זיין ענטפער. איך האָב אַזוי געוואַרט אויף דעם. ווייזט אויס, ער האָט איר אויף שטום־לשון אָנגעזאָגט, אַז ער איז ניט אַליין אין הויז, ווייל זי האָט גענומען אַ שטילערן און אַן אײנגעהאַלטענעם טאָן און מיטאַמאָל האָב איך דערהערט, ווי זי האָט זיך צעוויינט, פּשוט אויף אַ קול זיך צעוויינט. איך האָב דערהערט לויפנדיקע טריט און אַ זעץ מיט דער טיר.

איך בין שוין געווען גרייט אַראָפּצוגײן, אָבער איך האָב ניט געוואַגט צו באַגעגענען יוספס בליק און איך האָב געקלערט אַזוי אָנגעשטרענגט, ווי איך וואָלט געוואָלט העלפן דעם מאַן צוצוקלערן אַ תירוץ פאַר דער גאַנצער געשעעניש.

אַזוי האָט די שטילקייט אָנגעהאַלטן עטלעכע מינוט. ער האָט ניט גע־וואַגט מיך צו רופן און איך האָב ניט געקאָנט אַרויסקומען צו אים.

און ווען איך בין אַרויס פון מיין צימער, האָב איך יוספן ניט געטראָפן דאָרט, וואו איך האָב דערוואַרט. ער איז אין אָנטאָן געלעגן אין שלאָפצימער, מיטן פּנים אײנגעגראָבן אין קישן אויפן גרויסן בעט. זיינע שמאָלע אַקסלען זיינען געווען עטוואָס אויפגעהויבן צום נאַקן, ווי ער וואָלט דערוואַרט אַ קלאַפּ פון עמעצן און ער האָט אויסגעזען קלענער ווי שטענדיק.

דאָס ערשטע מאָל, זינט איך האָב אים געכאַפּט ביים פאַרברעכן, האָב איך צו אים דערפילט אַ רחמנות, אַזאַ גוט און ריין רחמנות־געפיל, וואָס האָט ווי אַראָפּגעוואַשן אַלע אַנדערע בייזע געפילן פון פאַרדראָס, פאַרדאַכט און פאַרדאַמונג. מיטן אמת, ווי שיין און ווי וויכטיק דער אמת זאָל ניט זיין, האָב איך שוין איצט ניט געקאָנט גיין. נאָר מיט פאַרדעקן די וואָר, די ווירקלעכע וואָר, האָב איך יוספן איצט געקאָנט גרינגער מאַכן. האָב איך אַ זאָג געטאָן תמעוואַטע:

— ווער איז דאָ געווען?

ער האָט זיך אַ זעץ אויף געטאָן און מיך באַטראַכט. אַן אַנגעשטרענגטע רויטקייט האָט געשפּאַרט פון זיינע אויגן, ווי ער וואָלט מיך געפרעגט: „וויסטו גאָרניט?!"

— ווער איז דאָ געווען? — האָב איך ווידער געפרעגט.

— עט — האָט ער אַ מאַך געטאָן עפּעס אַזוי ווי עס וואָלט געווען אַ קלייניקייט — עט, אַ צעדרייטע... איר ווייסט דאָך, די טעלעפאָן־רופן... ס'איז איינע פון זיי.

און אַריינצוברענגען כאָטש אַ טראָפּן שפּאַס, האָב איך אַ זאָג געטאָן:

— ניכיי וואָלט מען מיך געבאַדערט — און איך האָב זיך אַליין צעלאַכט פון מיין חכמה.

דער געדענק־אָוונט איז געווען אַ געמיש פון ערנסטן טרויער, מיט שפּיל און פאַרשטעלעניש. נייגעריקע בליקן (און איך מוז זיך מודה זיין, אויך מיינע) האָבן זיך ניט געקאָנט באַהערשן ניט צו כאַפּן אַ קוק אויפן אָבל. די יונגע אַלמנה האָט דאָ געפעלט, און מיר אַלע האָבן דאָך געפילט, אַז זי איז דאָ, און מיר זיינען געווען זיכער, איך מער פון אַלעמען, אַז אויב זי האָט אים נאָך נאָך ניט, וועט זי אים אין גיכן האָבן. זיי האָבן אַלע געוואוסט, ווי נאָענט איך בין געווען און פאַרבליבן מיט די פּאַנאָפּס און אַז איך וואוין שוין ביים אַלמן און מע האָט זיך באַזונדער מיט מיר איבערגעקוקט.

„ווערטער" האָבן גענומען די מענער. בלויז די עלטערע אלמנה, ביי וועמען דער אָוונט איז דורכגעפירט געוואָרן, האָט געזאָגט אַ וואָרט. די פרויען האָבן מיט די אויגן מער גערעדט, ווי זיי וואָלטן עס געטאָן מיטן מויל.

איך האָב ניט געקאָנט ריידן. מיר איז געווען גוט: וואָס איין קליי־ ניגקער ליגן קאָן אויפטאָן!... איך האָב ממש געפילט, ווי מיט מיין מאַכן זיך תמעוואַטע נאָך דער היינטיקער סצענע, האָב איך אַראָפּגענומען אַ שווע־ רע משא פון פּאַנאָפּן. אָבער איך האָב נאָך פון אים אַ סך דערוואַרט.

## עפּילאָג

זינט איך האָב פאַרצייכנט די געשעעניש, איז שוין אַריבער באַלד אַ יאָר און אַ האַלב. זעלדע איז שוין לאַנג מיט אונדז צוריק און זי געוואוינט זיך צו געדאַנק, אַז איר מוטער וועט צוריק ניט קומען. אַ יונגע נעגערטע רוימט די

צימערן. זי קאָכט און באַקט. זי איז פריער געווען אַ דינסט ביי טראַדיציאָנעלע יידן, און זי קאָן אַפילו מאַכן געפילטע פיש. יעדן פרייטיק פאַרנאַכט צינדט זעלדע ליכט. יוסף און איך האָבן דאָס שוין אַזוי פיל מאָל געזען, און אַלע־מאָל שטעלן זיך אונדז טרערן אין די אויגן, ווען מיר זעען, ווי זעלדע פאַר־דעקט מיט אירע הענטלעך דאָס פנים און אירע ליפּן פליסטערן די ברכה, וואָס איך האָב זי אויסגעלערנט.

די יונגע אַלמנה רופט מער ניט און קומט ניט. מען זאָגט, אַז זי פאָרט אַוועק אין אַן אַנדער שטאָט. יוסף קריגט זעלטענער און זעלטענער חתונה־אָנבאָטן. עס זעט אויס, אַז די אַלע יונגע אַלמנות און מיידלעך האָבן שוין אָנגעוואוירן די האָפענונג אויף אים. ער זעט אויס געזונט און רואיק. אויף זיין גרויסן שרייבטיש, אין אָפיס שטייט בעסיס בילד. אָט דער ליכטיקער שאָטן, וואָס איז געבליבן פון איר, איז אומפאַרענדערלעך־שיין. אויך איך קוק אויף בעסיס בילד פון צייט צו צייט און נאָך ביזן היינטיקן טאָג קאָן איך זיך ניט באַפרייען פון דער נייגעריקייט צי האָט זי געוואוסט, וואָס איך ווייס. ניין, זי האָט ניט געוואוסט. עפּעס איז דאָ אין איר בליק אַזאַ ריינקייט און אַזאַ גלויבן, וואָס אַפילו אַ שאָטן פון פאַרדאַכט וואָלט אים פאַרוואָלקנט.

די פאָטאָגראַפיע איז זייער אַ גוטע: זי האָט אויפגעכאַפּט ניט נאָר די שטריכן פון בעסין, נאָר אויך זייער אויסדרוק.

און פון דער פאָטאָגראַפיע האָט יוסף געלאָזט מאָלן אַ בילד. האָט דער גוטער מאָלער די אויסערלעכע שיין און דאָס אויסערלעכע ליכט פון בעסיס פנים אויך אַריינגעגעבן ערגעץ אינעווייניק. דאָס בילד הענגט צופוסנס פון יוספס בעט. אַזוי אַרום איז בעסי שטענדיק פאַר זיינע אויגן. ניט איין מאָל זע איך אין אַ שבת בייטאָג, צי אין אַ זונטיק, ווי יוסף כאַפּט זיך אַריין אין שלאָפצימער, ציט זיך אויס אויפן געלעגער און קוקט אויף זיין וויבס בילד.

זי קוקט אויף אים און איך האָב דאָס געפיל, אַז זי האָט געוואוסט מער פון אונדז אַלעמען און אַז ניט זי האָט זיך אין איר גוטן יוספן גענאַרט, נאָר מיר אַלע, אַז איר וועט ער בלייבן געטריי ביזן סוף פון זיינע טעג.



# אונדזערע גאַרבן

## (דערציילונג פון אַ פּליט)

„בוא יבוא ברנה נושא אלומותיו...". תהלים, קכ"ו

נאָך דער לעקציע, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין אַ ווינטערדיקן אָוונט, האָט מיך אַהיים געפירט איינער פון די באַזוכער, אַ מילדער מיטל־יעריקער מאַן. איך בין ניט געוועזן דער איינציקער פּאַסאַזשיר אין זיין גרויסער רייכער קאַר. מיט אונדז, עטלעכע צוהערער איז אויך געוועזן דער לעקטאָר. אים האָבן מיר דעם ערשטן צוגעפירט צו זיין האָטעל און באַלד דערנאָך האָט מיסטער שוואַרץ, דער באַלעבאָס פון דעם אויטאָ, יעדן איינעם פון זיינע געסט צוגעפירט צו זייערע היימען.

איך בין געבליבן דער לעצטער.

שוואַרץ האָט מיר געזאָגט:

— איר האָט דעם רעדנער געשטעלט אַ פּאָר האַרבע פראַגן.

— וואָס איז, — האָב איך זיך אויסגעטענהט, — מע טאָר ניט?

— מע מעג, אַוודאי מעג מען, אָבער דער טאָן אייערער, אַזאַ בייזער, אַזאַ קריגערישער!

— נו, דאָס איז די שולד פון דער צייט — האָב איך ניט גערן געענטפערט. די אומצופרידנקייט, אָדער ווי שוואַרץ האָט געזאָגט „די בייזקייט און קריגערישקייט", האָט מיך ווידער דורכגענומען. איך האָב זיך געשעמט מודה צו זיין, אָבער איצט זאָג איך עס אָפן: איך האָב שוואַרצן ניט פאַרגונען זיין זיכערקייט, זיין גרויסעביישטייערונג ביי דער היינטיקער אונטערנעמונג, זיין באַקוועמע, וואַרעמע, ליכטיקע קאַר און די טייערע סיגאַר אין זיין באַרעדעוונגיק מויל. אַרום אים האָט זיך געפילט אַזאַ זיכערקייט, אַזאַ איינגעזעסנקייט! און איך — ווער בין איך געווען? אויסגעריסן, אויסגעוואָרצלט, דורך אַ נס לעבן־געבליבענער נאָך די מיליאָניקע מאָרדן, וואָס היטלער האָט אויף אונדז דורכגעפירט, אין אַ פרעמד לאַנד, אָן לשון, אין געיעג נאָך אַרבעט און אין שרעק די אַרבעט צו פאַרלירן. שוואַרץ האָט אין דער טונקלקייט פון דער קאַר דערפילט מיין בייזן בליק. „גוט איז דיר, האָב איך אים אָן ווערטער געזידלט, דו איינגעזעסענער, אָנגעפרעסענער, דו, דו, דו..." און עס איז ניט נאָר געווען ער, שוואַרץ, — די מערסטע ביי דער היינטיקער, און אויך ביי אַנדערע אונטערנעמונגען, האָבן מיך גערייצט מיט קנאה.

שוואַרץ האָט אַרויסגענומען די סיגאַר פון זיין מויל און געזאָגט:

— די צייט, די צייט, זאָגט איר און איך האָב צו אייך גאָרניט. איך קאָן נאָר ניט ליידן, וואָס איר זענט בייז... — ער האָט זיך אַ ווײַלע פאַר־האַקט און גוטמוטיק פאַרגעזעצט — נו, לאָמיר זאָגן, אויף מיר...

— אויף אייך? — האָב איך זיך שולדי קאַ כאַפּ געטאָן — וואָס האָב איך צו אייך?

— הערט, מיין פריינד: איך פיל אייער האַרץ און איך זע אין אייך זיך און הונדערטער טויזנטער אַנדערע ווי איך, וואָס זיינען געקומען אַהער צוריק מיט פינף און דרייסיק יאָר... איך בין אויך געווען בייז...

די עטלעכע ווערטער האָט שוואַרץ אַרויסגערעדט מיט אַזאַ טאָן, ווי ער וואָלט מיך געוואָלט איבערבעטן... „ער גייט מיר שוין באַלד פאַרהאַנדלען אַמעריקע מיט אירע גרויסע מעלות”... איך האָב געוואָרט.

— ווייסט איר גאָר וואָס? — האָט ער וואָרעם אַ זאָג געטאָן — קומט אַריין צו מיר אויף אַ קאַפּי און „לאָמיר זיך איבערבעטן”.

— איך האָב זיך מיט אייך ניט געקריגט.

— איר פאַרשטייט וואָס איך מיין. מירן פאַרברענגען און נאָכדעם וועל איך אייך צופירן אַהיים. גוט?

עס האָט מיך פאַרדראָסן, וואָס איך האָב ניט געהאַט דעם מוט אים אָפּזאָגן, און איך האָב אָנגענומען.

— נו, גוט — האָט ער געזאָגט, איינגעשלאָסן די סיגאַר אין זיין מויל און אַ יאָג געטאָן די קאַר. זי האָט זיך גרינג ווי געגליטשט און יעדער וויג פון אירע רעסאָרסן האָט גערופן צום זיסן דרעמל. מיר זיינען דורכגעפאָרן אַ רוישיקע גאַס, אַריין אין אַ שטילער עוועניו.

עס איז געווען אַ שפּעטע שעה און אין אייניקע היימען האָבן זיך שוין געלאָשן די ליכט. דער פראָסט מיטן ווינט האָבן זיך געוואָרפן אויף אונדזער קאַר, אָבער זי, אַ וואַרעמע, האָט זיך ווי געריי צט מיט דער קעלט, לויפנדיק פריי פאָרויס, מיט אַ פריילעך־בלענדנדיק ליכט. קיין לבנה איז ניט געווען, און די שטערן אין הימל האָבן אויסגעזען ווי גליענדיקע סימנים פון נאָדלשטעך אויף אַ שוואַרצלעכן געוועב. נאָר דאָ און דאָרט האָבן זיך אויך געוויזן גרע־סערע שטערן.

ווען מיר זיינען אַריינגעקומען צו די שוואַרצס, האָבן מיר נאָך געטראָפן די באַלעבאָסטע ביי דער טעלעוויזיע. די פרוי האָט אויסגעזען מיד. זי האָט מיך זייער גוט אויפגענומען און אָנגעשטעלט אויפן טיש כלערליי שפּייזן און געטראַנקען, אָבער מיין באַלעבאָס האָט זיך ניט פאַרגונען צו עסן פון די טייערע זאַכן. איך בין געווען הונגעריק און איך האָב פון אַלץ פאַרזוכט. איך האָב באַמערקט ווי מאַן־און־ווייב קוקן זיך איבער. באַלד האָבן מיר ביידע געוואונטשן „צו געזונט” איך האָב זיך געשעמט, אָבער איך האָב געמוזט שטילן מיין הונגער.

נאָכן עסן האָט מיר שוואַרץ אָנגעבאָטן אַ סיגאַר. איך האָב פאַררויכערט, כאָטש קיין הנאה דערפון האָב איך ניט געהאַט...

און שוואַרץ האָט פאָרגעזעצט זיין געשפּרעך, וואָס ער האָט אָנגעהויבן אין קאַר:

— אַזוי גייט עס, מיין פריינד: צוריק מיט 35 יאָר איך, איצט — איר; אין די אַכציקער יאָרן פונעם ניינצנטן יאָרהונדערט האָט זיך אָנגעהויבן דאָס „מאָדערנע" אַנטלויפעניש פון די יידן, פון רוסלאַנד, רומעניע... אָבער מיר, יידן, זיינען שוין אַלטע לויפער... אַנדערע פעלקער עמיגרירן, מיר — ראַטעווען זיך. איך זע, איר זענט ניט קיין גראָבער יונג און איר זענט אַוודאי באַקאַנט מיט אונדזער געשיכטע. דאַרף איך אייך ניט דערציילן, ווען דאָס אַנטלויפן אונדזערס האָט זיך אָנגעהויבן. איז וועגן יענע אַלע אַנטרינונגען האָב איך בלויז געלייענט. מיין אַוועק פון דער היים איז פאַרבונדן מיט אַ סך עפּיזאָדן און איינעם פון זיי וועל איך אייך דערציילן.

„שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר, אַז מע האָט אונדז אַראָפּגעטריבן פון אונדזער ערד, און די גאַנצע צייט האָבן מיר ניט אויפגעהערט צו בענקען נאָך איר. זייענדיק אין דער פרעמד, האָבן מיר ניט פיינט געהאַט די פרעמדע ערד, מחמת קיין פרעמדע ערד איז געוויינלעך ניטאָ. זי שפּייזט אַלע אירע קינדער און אַלע באַשעפענישן גלייך. האָבן מיר זי ליב געהאַט אומעטום און איך האָב זייער ליב געהאַט מיין אוקראַינער שוואַרצערד. איך האָב זיך געפרייט מיט יעדער גערעטעניש און אַ טריקעניש האָט מיר פאַרשאַפט ווייטיק.

„ביי אונדז אין הויז פלעגן אונדזערע דאַרפסיידן דאַוונען במנין. געדענק איך ניט איין מאָל, ווי בשעת אַ טריקעניש אויף די פעלדער, האָבן ניט נאָר די ווייבער אונדזערע געוויינט, אויך די מענער האָבן געלאָזט אַ טרער.

„איך פלעג דורכגיין די פויערשע אָדער פריצישע פעלדער, באַדעקטע מיט תבואות און איך האָב זיי געבענטשט, כאָטש איך האָב געוואוסט, אַז איך טאָר זיך צו זיי ניט צורירן, אַז ניט איך קאָן דאָס פעלד קויפן, צי אַפילו דינגען, אַז איך בין אַ פרעמדער, אַז צו יעדער צייט קאָן איך פאַרטריבן ווערן פון דאַנען. און וואוהין וועל איך גיין? פון איין פרעמד לאַנד אין אַן אַנדער.

„די גאַנצע שולד האָבן מיר (און ניט נאָר מיר) אַרויפגעלייגט אויף דער צאַרישער רעגירונג. מיט איר פאַלן, וועלן מיר, יידן (און אַלע געפּאַ־לענע) דערהויבן ווערן.

„אין יענער צייט פון גרויסן הערלאַישן קאַמף קעגן צאַרישער אונטער־דריקונג בין איך נאָך געווען זייער יונג און איך האָב זיך אין די פאַרמעסטן ניט באַטייליקט. נאָר געליטן האָב איך און געבענקט און געחלומט פון יענער גרויסער און ליכטיקער שעה, וואָס וועט אַוודאי קומען. און אפשר נאָך ביי אונדזער לעבן, האַ?...

„און ווען די שעה איז אַנטשטאַנען און מיר האָבן זיך געברידערט מיט די פויערים און איינאיינעם מיט זיי געזונגען פרייער די מאַרסעליעזע (וואָס איך

האָב שטילערהייט געקאָנט נאָך פון „אַמאָל"...) און נאָכדעם דעם אינטער־נאַציאָנאַל, האָבן סיי דער טאַטע און סיי אויך דער זיידע מיך און מײַנע ברי־דער — און אײַנאײַנעם מיט אונדז די גאַנצע יידישע יונגוואַרג, ברוטאַל גע־וואָרנט. (איך געדענק זייערע שרעקלעכע ווערטער) : „איר טאַנצט אין די גאַסן, איר'ט נאָך געננג וויינען!..."

„און ווען איך האָב, אַ שטראַלנדיקער פון גרויס גליק, פון דער דער־לעבטער פרייהייט חוצפּהדיק געפרעגט : „פאַרוואָס זעט איר ניט איין די גרויסע שעה??!" האָט דער טאַטע פאַרשוויגן. נאָר דער זיידע האָט גע־זאָגט : „מע טאָר אויף קיין נייעם מלך ניט בעטן".

„— מלך??! — האָב איך אויסגערופן און אַזוי געלאַכט! אוי, האָב איך געלאַכט! לעניין אַ מלך, טראָצקי אַ מלך!... זיידע, איר ווייסט וואָס איר רעדט?...

„דער זיידע האָט מיך בייז און שטרענג אָפּגעמאָסטן. קיינמאָל ביז דאַן וואָלט איך ניט געוועזן געוואָגט אַזוי צו רעדן צו מיין זיידן. מיר, קינדער, האָבן פאַר אים אַזוי פיל דרך־ארץ געהאַט, אַז מיר האָבן אים אַפילו געאירצט. ער וואָלט מיר אַוודאי געוועזן דערלאַנגט אַ פּאַטש אין פּנים. איצט האָט ער ניט געוואַגט, דער אַלטער, דער אָפּגעלעבטער!... אַזוי האָב איך טריאומ־פירט.

„זעכצן יאָר בין איך דעמאָלט אַלט געווען און די פרייע וועלט איז געווען מײַנע!

„עס איז ענדלעך פאַרווירקלעכט געוואָרן דאָס וואָס מײַנע לערער האָבן געפּרעדיקט. איך בין אַזוי געווען באַרוישט פון די גרויסע געשעענישן, אַז אַפילו דאָס בענקען צום אַלטן יידישן הייליקן לאַנד האָט מיר אויסגעזען אומזיניק. לעניין האָט אַרויסגעגעבן זיין באַרימטע דעקלאַראַציע : „די גאַנצע ערד — די פּויערים, די פאַבריקן — די אַרבעטער". מײַנע פּויערים האָבן זיך מיט אונדז, יידן, געגרייצט : „אָט ווערט מען אייך געבן פעלד, יידעלעך... וואָס וועט איר טאָן דערמיט?..." זיי האָבן געלאַכט, זייער געלעכטער איז מיר געווען באַקאַנט. אַפילו עלטערע מוזשיקעס האָבן געקאָנט לאַכן ווי קינדער. מיר האָבן זייער פריינדלעך געלעבט מיט זיי. מיר האָבן אַפילו אָנטייל גענומען אין זייערע שמחות און באַווײַנט זייערע טויטע. דאָס וואָס מיר האָבן גרינטלעך דערלערנט זייער שפּראַך האָט זיי אימפּאָנירט און זיי האָבן אַרויפגעקוקט צו אונדז.

„אָבער זייער געלעכטער האָט מיט איין מאָל געקראָגן אַ נייעם טאָן, אַ בייקלאַנג, וואָס האָט געשראָקן. און ווייסט איר ווי זיי האָבן גערופן די נייע סאָוועטישע רעגירונג? „יידישע מלוכה". עס האָט זיי שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס מע האָט פאַר אונדז קיין אויסנאָם ניט געמאַכט.

„יאָ, מיר האָבן דערלעבט דעם טאָג!

„פון דער שטאָט זײַנען אַראָפּגעקומען ערד־מעסטער. זיי האָבן די פּרי־

צישע ערד צעטיילט צווישן די פויערים און אויך אונדז אָפּגעטיילט אַ גלייכן חלק.

„איך בין שוין אין יענע צייטן לחלוטין פריי געווען פון רעליגיע, אָבער ווען איך בין אַרויף אויף „מיין" פעלד, זיינען מיר געקומען אויפן געדאַנק די גוטע אַלטע יידישע ווערטער, די אויסגעבענקטע און אין טרערן־אויסגע־ווייקטע ווערטער פון מיין אַלט יידיש פאָלק „משיחס צייטן!!!".

„איך געדענק ניט, צי האָב איך געמאַכט אַ שהחינו ביים אָפּשניידן מיטן סערפּ די ערשטע זאַנגען. אויב מיינע ליפּן האָבן די הייליקע ווערטער ניט געמורמלט, האָט אַלץ אין מיר געברומט אַ דאַנק און אַ לויב.

„אַזוי ווי איצט ליגט פאַר מיר דאָס גרויסע פּריצישע פעלד, געדיכט באַ־דעקט מיט רייפע זאַנגען. עס איז אָנגעקומען צו זאָגן „גאָלדענע זאַנגען". וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט גאָלד צו אָט דער שפע, וואָס האָט זיך געשפּריים פון האָריזאָנט ביז האָריזאָנט? און וואו נעמט מען די ווערטער אויסצודריקן, ווען איך האָב דערזען מיינע ברידער, די עלטערן און דעם זיידן שניידן און בינדן סנאָפּעס? די באָבע איז שוין מער ניט געווען און מיר, יונגע, האָבן זיך ווי שולדיק געפילט פאַר איר וואָס אויך זי האָט ניט דערלעבט דעם נחת. דער שווייס האָט פון אונדז געגאָסן, יעדער גליד האָט געבראָכן. עס איז געווען שווער די נייע אַרבעט, אָבער אַן אימפּעט האָט אונדז געטריבן ווייטער און ווייטער. און מיר האָבן געשניטן גאַרב נאָך גאַרב, שאָק נאָך שאָק...

„געקומען אין אָוונט פון דער אַרבעט, האָבן מיר קיין כוח ניט געהאַט צו עסן. מיר האָבן זיך פאַרפרי געלייגט שלאָפן.

אין נאַכט האָט מען אונדז אויפגעוועקט. איך האָב געהערט ווי לאַנג און ווי שטאַרק מע קלאַפּט אין דער דרויסנדיקער טיר. איך האָב זיך געריסן פון מיין געלעגער און ניט געקאָנט אָפּרייסן דעם קאָפּ פון דער קישן.

„מיט איין מאָל איז שטיל געוואָרן. איך האָב זיך איינגעהערט און געעפנט די אויגן. דורכן פענצטער האָט אַריינגעלויכטן אַ פולע לבנה. איך האָב דערהערט מיין פעטער בערלס קול. איך האָב עס יאָ דערקענט און ניט דער־קענט. ער האָט עפּעס געקלאָגט און געוואָרנט. דער טאַטע האָט געוואָלט אָנצינדן דעם לאָמפּ. איך האָב דערהערט ווי דער פעטער בערל האָט אויס־גערופן: „גאָט זאָל דיך היטן!".

„מאַכן אייך די מעשה בקיצור, עס האָבן שוין געבושעוועט אוקראַינער נאַציאָנאַליסטן און געטויט יידן אין אַ סך שטעט און דערפער. מיר האָבן זיך באַדאַרפט ראַטעווען. מיר האָבן נאָך אָפּגעשניטן דאָס פעלד, אָבער אַראָפּ־פירן די גאַרבן האָבן מיר שוין ניט געקאָנט.

„אַ פּאָר וואָכן האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן אין די לעוואַדעס. מיר האָבן זיך געזען צו האַלטן אינאיינעם, אָבער אין שרעק זיינען מיר זיך צעלאָפן און זיך שפּעטער ניט געקאָנט געפינען.

„איך האָב איין אָוונט זיך אַזוי לאַנג געשאַרט מיט זייטיקע וועגן און

הינטערוועגן, ביז איך בין פאַרקראָכן אין אַ צווייטן דאָרף, וואו מיין טאַטע איז פאַר דער מלחמה געווען אַן עקאָנאָם. איך בין געלעגן אין אַ טיפן ראָוו ביי אַ פויערשן גאָרטן און געוואַרט... איך בין געווען זיכער, אַז די באַנדיטן ווייסן, וואו איך בין, נאָר זיי לאָזן מיך וואַרטן דאָ אין אַנגסטן, ביז זיי וועלן צוקומען צו מיר.

„די נאַכט איז אַריבער. פאַרטאָג איז געוואָרן קיל. דער טוי האָט זיך געזעצט אויף מיר. איך האָב זיך איינגעדרייט און מיט די קאַלטע הענט דער־לאַנגט די באָרוועסע פיס. איך האָב זיך געוואָלט דערוואַרעמען מיט מיין אָטעם, אָבער ער איז געווען שוואַך.

„מיט איין מאָל האָט זיך דער הימל איבער מיר ווי אָנגעצונדן. אַ ווינטל האָט אַ שויבער געטאָן די בלעטער פון אַ בוים. עס איז נאָך שטילער געוואָרן. די זון איז אויפגעגאַנגען. איך האָב דערהערט טריט און שטימען פון מענטשן. זיי האָבן גערעדט הויך און זייערע שטימען האָבן געקלונגען זאַט. איך בין געווען הונגעריק. מיינע כוחות זיינען מיר אויסגעגאַנגען. איך האָב ניט געוואָלט שטאַרבן, אָבער דער טויט איז געהאָנגען איבער מיר. איך האָב זיך געזעגנט מיט דער וועלט און אין מיינע אויערן האָט געקלונגען דעם זיידנס וואָרנונג: „איר׳ט נאָך וויינען!...״

„די טריט האָבן זיך דערנענטערט. איך האָב דערהערט: „געטויט דעם בחור, אויף שטיקער צעהאַקט מיט די שווערדן״. ווען וואָס פאַר אַ בחור האָבן זיי גערעדט? דאָ זיינען געווען עטלעכע... איך האָב זיך איינגעהערט ווייטער: „אונדזערע וואָלטן אים ניט געווען אַרויסגעגעבן. דאָס איז זי, די ליאָכיווקע, מאַרינקע. זי האָט עס זיי אָנגעוויזן אויף אים.

„אָבער אויף וועמען? אויף וועמען??? — האָב איך זיך געפרעגט.

„און ווען די בהלה איז אַריבער, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז דאָס איז געווען מיין גוטער חבר מאיר, וואָס איז דאָ אין דאָרף אויסגעוואַקסן אָן אַ טאַטן. אַלע האָבן אים ליב געהאַט. ער איז געווען זיכער, אַז די פויערים וועלן אים אויסבאַהאַלטן. ער האָט געשניטן זיין פעלד. ער איז געווען אַ גרויסער בריה און אַפילו אייניקע שניטער אַריבערגעיאָגט מיט דער צאָל גאַרבן. ער האָט נאָך צייט געהאַט אָנצולאָדן דעם ערשטן וואָגן גאַרבן אויף אַ פויערשער פור. דער פויער האָט געפירט די סנאָפּעס, אָבער מאיר האָט געמוזט אַנטלויפן און זיך באַהאַלטן.

„עס זיינען אָנגעקומען זעקס באַוואָפנטע רייטער. פונעם פעלד, ביים וועג האָט אַ שייגעץ זיי אָנגעזאָגט, אַז דאָס פירט דער פויער יידישע גאַרבן. די באַנדיטן האָבן אָפּגעשטעלט דעם פויער. זיי האָבן איבערגעקערט דעם וואָגן די געבונדענע גאַרבן צעשאָטן און געהאַקט אין זיי מיט די שווערדן. דער פויער איז געשטאַנען פאַר זיי אויף די קני און זיך געבעטן, זיי זאָלן אים ניט טויטן. עס זיינען זיך אָנגעלאָפן אַנדערע פויערים און אים קוים אויס־געבעטן ביי זיי.

„און מאיר, דער ליבלינג פונעם גאַנצן דאָרף איז געלאָפן און פון דער

ווייט דערהערט די מאַשין וואָס מעלויצעט סנאָפּעס. די אַרבעטער האָבן אים אויפגענומען מיט פרייד. ער האָט פאַרקוקט צו זיי, ווי ער וואָלט ניט געוועזן זיכער. זיי האָבן אים באַלד איינגעשלאָסן אין דער אַרבעט. די שקצים האָבן געשוויגן, אָבער די מיידלעך האָבן געזונגען און געשפּאַסט מיטן יידישן בחור. זיי האָבן אים אויך אַריינגעזאָגט פאַר זיין פאַרקוקן זיך אויף דער שיינער ליאַכיווקע, מאַרינקע. זי האָט אויף אים ניט געקוקט, און אַלע האָבן געוואוסט פאַרוואָס: ביים שניידן די סנאָפּעס, האָט ער זי איבערגעיאָגט. איידער דער שניט האָט זיך אָנגעהויבן, האָט זי געלאַכט פון אים, מער ווי אַלע אַנדערע אין פעלד. צווישן מאירן און מאַרינקען איז אָנגעגאַנגען אַ שטילער פאַרמעסט. די אוקראַינער האָבן זיך צוגעקוקט, ווי די פאָרשטייער פון די צוויי פרעמדע פעלקער וועמען מע האָט אָפּגעטיילט אַ פעלד לעבן אַ פעלד, האָבן זיך געיאָגט. און ווען מאיר האָט געוואונען, האָבן די פויערים אָפּן געלאַכט פון דער שיינער מיידל.

„די באַנדיטן האָבן דורכגענישטערט דאָס גאַנצע דאָרף און קוים געפונען איין יידישע נשמה, מאירס אַלטע מאַמע. זיי האָבן זי געטויט און זיך שוין געלאָזט צום אַרויספאָר, ווי זיי האָבן דערהערט דאָס געזאַנג פון די שיקסעס ביי דער מעלויצע־מאַשין.

„אַהין זיינען זיי אַוועק און דאָרט... וואָס די ליאַכיווקע האָט אָפּגעטאָן, און די אוקראַינער האָבן ניט געטאָן מאירן צו ראַטעווען, — האָב איך אייך שוין געזאָגט, מיין פריינד. און...״

ער האָט דעם זאַץ ניט פאַרענדיקט. ער איז מיט איין מאָל שטיל געוואָרן, ווי ער וואָלט דאָס לשון פאַרלוירן. איך האָב אים באַטראַכט. ער האָט אויסגעזען אַלט און צעבראָכן. די בלייכקייט אויף זיין מילד פּנים איז דורכגענומען געוואָרן פון אַ מידער געלקייט. ער האָט געוואָלט אָנצינדן די אויסגעלאָשענע סיגאַר און איך האָב געזען, ווי דאָס ברענענדיקע שוועבעלע ציטערט אין זיין גרויסער האַנט.

ער האָט זיך געשטאַרקט און מיט אַ טויבלעך קול געזאָגט:

— ...דאָס איבעריקע דאַרף איך אייך שוין ניט דערציילן. — ניין, ער האָט ווירקלעך ניט געדאַרפט.

אַ גאַנצן וועג צו מיין היים האָבן מירביידע געשוויגן און איך האָב געקלערט, אַז איך האָב היינט געהאַט ניט איין לעקציע, נאָר גאַנצע צוויי.



# זעקס

אין זעקס טעג האָט גאָט באַשאַפן די וועלט און אין דעם זיבעטן טאָג האָט ער גערוט, און אין ערגעץ, דאַכט זיך, האָט דער רבונו של עולם ניט געקאָנט אַזוי רוען, ווי אין דעם קליינעם אוקראַינער דאָרף, ביסטריוווקע.

עס האָט זיך געדאַכט, אַריינקומענדיק אינעם דאָזיקן דאָרף און דער־פילנדיק זיין אייביקע שטילקייט, אַז זינט דעם ערשטן זיבעטן טאָג, ווען דער האַר פון דער וועלט האָט, נאָך זעקס טעג אַרבעט, זיך גענומען רייען, האָט זיך דאָ זיין רו נאָך ביז איצט ניט איבערגעריסן.

דאָס געטלעכע אויג האָט אומדערמידלעך געוואַכט איבער די הונדערט פויערשע משפחות און איבער די עטלעכע יידישע, וועלכע האָבן זיך מתחתן געווען, אָדער צווישן זיך, אָדער נאָר מיט יידן פון די דערבייאיקע דערפער.

דער מחבר פון דער דאָזיקער געשיכטע איז באַקאַנט מיט אַלע ביסטריוו־קער איינוואוינער און ער וואָלט פון יעדן איינעם פון זיי געקאָנט עפּעס דער־ציילן, אָבער ער וועט זיך אָפּשטעלן בלויז אויף זעקס, ניט מחמת זיי זיינען וויכטיקער פון די אַנדערע דאָרפלייט, נאָר וויל מיט זיי איז עפּעס געשען, פון וואָס גאָט האָט אויסגעהיט אַלע אַנדערע ביסטריוווקער. דערביי דאַרף באַ־מערקט ווערן, אַז די זעקסטע איז אַ צוגעקומענע, די ערשטע שטאָטישע שנור, וואָס האָט צוריק מיט צוועלף יאָר חתונה געהאַט אין ביסטריוווקע און גענו־מען שעיה מאָטיען, חיים ברוך ביסטריוווקערס זון פאַר אַ מאַן.

און אָט זיינען די זעקס מיט זייערע נעמען און באַשעפטיקונגען:

איוואַן מאַלאָטאַק, דער יונגער וועכטער פונעם פּריצישן פּרוכטגאָרטן און זיין ווייב, זאכוויע, אַ באַלעבאָסטע. אַנטאָן ציבוליאַ, אַרבעט אין אַ צוקער־פאַבריק, צווייטער ווערסט פון דאַנען און זיין ווייב, כאריטינע, אַ באַלעבאָסטע. און דאָס יידישע פּאָרפאָלק — שעיה מאָטיע, האַנדלט מיט תבואה, אייער און בהמות, און ווען דער שטעטלשער שוחט קומט אַראָפּ אין דאָרף, לאָזט אים שעיה מאָטיע שעכטן אַ קאַלב צו האָבן כשר פלייש פאַר די דאָרפסיידן, מיט זיין ווייבל, מינדעלע. זי האָט דעם מאַנס תבואה־קאַמער פאַרוואַנדלט אין אַ האַלבער קראָם, וואו זי פאַרקויפט ניט נאָר שפּיז־אַרטיקלען, נאָר אַ זיסלעך שטאַרק געטראַנק, וואָס קומט אַרויס פון די טונקל־גרינע פלעשער מיט אַ שטאַרקן שאָס. אָט דער שטאַרקער זעץ ביים עפענען די פלעשער איז אַ גרויסע אינספּיראַציע פאַר די פויערים און אַפילו יידן צו קויפן דאָס געטראַנק און הנאה האָבן.

מינדעלע איז די איינציקע אין דאָרף, וואָס קען ניט נאָר דאַווענען און

לייענען דעם טייטש־חומש „ווי אַ וואַסער״, נאָר זי לייענט אויך אַ יידיש ביכל און זי האָט שטאַרק איבערראַשט דעם יונגן לערער, ווענען די דאָרפס־יידן האָבן אַראָפּגעבראַכט צו זייערע ייִנגלעך מיט איר שאַרפער מיינונג וועגן שלום עליכמען, „דעם גרעסטן יידישן הומאָריסט״, אַזוי האָט דער לערער (דער זיבעטער אין דער געשיכטע), פּאַניטש איר רעקאָמענדירט יענעם שרייבער. דער יונגער לערער האָט זיך ממש דערשראָקן פאַר אַזאַ העזה און ער האָט זי געפרעגט פאַרוואָס. האָט זי אים געענטפערט:

— ווּאָ פּיערוויך (צום ערשטן) לאַכט ער אָפּ פון יידן און ווּאָ וטאָריך (צווייטנס) האָט ער, דאַכט זיך, פּיינט יידן. און זי האָט אים געפרעגט מיט כעס (דערביי האָבן אירע קליינע ברויגע אויגן געפלאַמט, און דאָס האָט איר זייער געפּאַסט):

— וואָס הייסט, ער נעמט אַ יידן פון ארץ ישראל, וואָס רעדט לשון־קודש און ער מאַכט אים פאַר אַ גנב?

דער לערער איז אַזוי געפּלעפט געווען פון איר דירעקטן, געוואַגטן אָנגריף, אַז ער האָט זיך פאַרלוירן. ער האָט שוין איצט באַוואונדערט ניט נאָר איר זעלטענעם חן, נאָר אויך איר חכמה און אָריגינאַליטעט. ער האָט, שוין צום ווײפלטן מאָל געטראַכט, ווי קומט זי צו שעיה מאָטיען?... מיט מינדעלען האָבן זיך פויערים און אַפילו יידישע וויבער געהאַלטן עצות. פויערטעס האָבן באַוואונדערט איר חן און זיי האָבן זי געפרעגט, צי איז זי טאַקע אַזוי לייטיש, ווי זי זעט אויס. דאָס איז געווען ניט מער, ווי אַ פריינד־לעכער קיבעץ, ווייל וואָלט מינדעלע, חס ושלום, אַראָפּ פונעם דרך הישר, וואָלט גאַנץ ביסטריוּוקע דערפון געוואוסט. גאָט האָט די דאָרפסמענטשן באַ־שאָנקען מיט אַן אויסערגעוויינלעכער וואַכזאַמקייט, און קיינער האָט דאָ פון קיינעם מיט זיינע חטאים זיך ניט געקאָנט אויסבאַהאַלטן. חטאים זיינען באַגאַנגען געוואָרן, זינד פון פאַרשיידענע מינים און גראַדן, אָבער אַזאַ פּאַ־סירונג, וואָס איז זיך פאַרלאָפן נאָך אַ געוויינלעכן פאַרברעכן און צוליב וועלכן די געשיכטע ווערט געשריבן, געדענקט ניט ביסטריוּוקע ניט פון אַמאָל און ניט פון היינט.

***

עס איז אַ שטילער ווינטער פאַרטאָג. שעיה מאָטיע דאַרף היינט פאָרן אין שטעטל, אויפן יאַריד, איז ער אויפגעשטאַנען פריער ווי געוויינלעך. אין זיין טלית און תפילין שטייט ער ביים קליינעם פיר שויביקן פענצטער, צו מזרח צו און פּליסטערט די ווערטער פון דער שמונה עשרה. אויפן הייסן אויוון שלאָפן די דריי קינדער, אין ברייטן בעט רוט מינדעלע, זיין שטאָטישע וויב. ער לאָזט ניט מינדעלען אויפשטיין אַזוי פרי, און נאָך איידער ער האָט זיך געשטעלט דאַווענען, האָט ער געמאַכט דעם אויוון. דאָרט קאָכן זיך קאַר־טאָפל אין דער שאָלעכץ און אין פענדעלע בולקעט פריילעך ציקאָריע מיט

מילך פאַרגיבן. עס איז שטיל אין הויז, שטיל אין דרויסן. די פינצטערניש אין הויף ווערט שיטערלעך, עס ווייזן זיך די קאָנטורן פון דער שטאַל און פון אַנטאָנס שטיבל דערביי. איין פענצטער פונעם שכנס וואוינונג איז שטאַרק באַלויכטן מיט אַן אומרואיק ליכט. דאָס איז דאָס פענצטער אַקעגן אַ ברענענ־דיקן אויוון. באַלד דערהערט שעיה מאָטיע אַ סקריפּ פון דעם שכנס דרויסנ־דיקער טיר און אַנטאָן קומט אַרויס, דאָס גייט ער קיין יאַראָוועו אין דער צוקערפאַבריק. שעיה מאָטיע זעט דעם פויער גיין צו זיין טויער. ער עפנט אים מיט אַ ריפּ און לאָזט זיך מיט דער גאַס אַוועק ווייטער.

דער טרוקענער, פאַרפרוירענער שניי שרייט אונטער זיינע שווערע טריט. דער שפּיציקער באַשליק איבער זיין קאָפּ וויגט זיך, ווערט טונקעלער און מטושטשדיקער און גיסט זיך באַלד צונויף מיט דער פאַרטאָגיקער פינצטער־ניש. און באַלד, ביי אַ פינף מינוט נאָכדעם, באַוויזט זיך גלייך אויף אַנטאָנס הויף, ביי דער דרויסנדיקער טיר, דער הויכער און שווערער סילועט פון אַ צוויטן מאַן. שעיה מאָטיע ווייסט שוין פון לאַנג, ווער דאָס איז. און ער איז ניט דער איינציקער אין דאָרף, וואָס ווייסט דערפון, אָבער אַלעמען דאַכט זיך, אַז אַנטאָן ווייסט ניט, ווער עס קומט צו זיין כאַריטינען, ווען ער גייט אַוועק צו דער אַרבעט. שעיה מאָטיע ווייסט אויך, אַז דער מאַן, איוואַן מאַ־לאָטאָק, קומט אַהער דורכן גאָרטן, קיינער זאָל אים ניט באַמערקן. ער זאַמט זיך אָפּ ביי אַ האַלבער שעה און פאַרשווינדט, נאָך איידער עס ווערט ליכטיק אין דרויסן.

„די פאַרליאָפּעניש", ווי מינדעלע רופט עס, צווישן איוואַנען און כאַריטי־נען האַלט שוין אַן באַלד אַ יאָר. אויפן זומער ווערט די „שפּיל" איבערגעריסן און ווינטער — באַנייט. שעיה מאָטיע שפּייט אויס פון עקל, ווען ער דערזעט איוואַנען ביי כאַריטינעס טיר. ער קאָן זיך אָבער ניט באַהערשן און ער טשאַטעוועט נאָך דעם שכנס שטיבעלע, ביז ער זעט איוואַנען זיך אַרויס־שלייכן פון דאָרטן.

היינט וועט ער עס ניט טאָן, ווייל ער איילט זיך אויפן יאַריד. ער זאָגט אָפּ אויף גיך תחנון, ער פאַרענדיקט דאָס דאַווענען, עסט אָפּ און גייט שפּאַנען פערד אין שליטן.

אויפן ביסטריוקער שטייגער, זעצט ער זיך אַריין אין שליטן, ערשט ווען ער פירט אַרויס דאָס פערד אין גאַס. שוין פונעם פורל קוקט ער זיך אום צו אַנטאָנס שטיבל. ער זעט ווי דער פלאַם אין פענצטערל לעשט זיך, ווי ער וואָלט זיך געמיט צו באַהאַלטן דעם מענטשלעכן פאַרברעכן.

פון מזרח ציט אַ פייכטער ווינט. דער פראָסט לאָזט, דאַכט זיך, נאָך, אָבער שעיה מאָטיע מוז זיך גוט איינדעקן, די קעלט זאָל אים ניט דורכנעמען. די גאַס איז שמאָל, דער שניי האַרט און גלאַט, ווי איינגעפּרעסט, מיט אַ גלאַנץ. אין איניקע הייזער ברענט שוין פייער, און אין דער שיין פון אַזאַ באַלויכטן פענצטערל פינקלט דער שניי.

עס איז נאָך אַלץ ניט ליכטיק. שעיה מאַטיע טוט אַ טרייב דאָס פערד, דער שליטן טוט אַ גיי מיט אַ זייט, גלייכט זיך אויס און גליטשט זיך ווייטער.

*
**

אַרום אַכט אַזייגער, ווי אַלע פרימאָרגן, דערהערט כאַריטינע די קלינ־גענדיקע שטימען פון די יידישע קינדער. דאָס זאָגן זיי די יידישע תפילות... וואָס איז דאָס פאַר אַ פאָלק? מען וואוינט צווישן קריסטן, דורות און דורות, און מען האַלט זיך ביי דער אייגענער אמונה. איז דאָ אַ שקאָלע אין דאָרף. ניין, ניט פאַר די יידעלעך! זיי האָבן זיך זייער אייגענעם לערער. ער קוקט דאַכט זיך, אויס, ווי אַ געטויפטער, אָבער די נשמה איז אַ יידישע. ביים דאַ־ווענען טוט ער אָן אַ היטל און מאַליעט זיך ווי אַן אמתער ייד! און פאַר מינדעלען ברענגט ער ביכעלעך, ביכעלעך ברענגט ער איר... און ער איז אַזאַ וואוילער, און אויגן האָט ער שוואַרצע, און ברעמען שווערע, געדיכטע. כאַריטינע האָט באַמערקט, ווי די יידישקע קוקט אויף אים... זי וועט זי אַ פרעג טאָן. זי וועט זי שוין ניט אָפּלאָזן. אויפן פנים וועט זי שוין דערקענען: יאָ, צי ניין . . .

באַרוועס לויפט זי אַריבער דעם פאַרשנייטן הויף און קומט אַריין צו מינדען. זי טרעפט זי ביים אויוון. מינדעלע דערזעט די שכנה, אַ באַרוועסע, און דערשרעקט זיך, כאָטש עס איז ניט דאָס ערשטע מאָל, וואָס זי זעט די פויערטע אָן שטיוול אינמיטן ווינטער. כאַריטינע ווינקט צו דער שכנה און בעט זי אַריינקומען אין קאַמער. זי וויל עפּעס קויפן. מינדעלע קומט אַריין אין איר קלייטל און פרעגט, וואָס די שכנה פאַרלאַנגט. כאַריטינע קווענקלט זיך און זי איז זיך מודה, אַז ניט צו קויפן איז זי דאָס מאָל אַריינגעקומען.

— הערט, שכנה מיינע, וואָס איך וויל אייך פרעגן: איר זענט אַ שטאָ־טישע און איר לייענט ביכעלעך, און איר ווייסט זיכער מער פון מיר. איך טו אַ זאַך, וואָס איז קעגן גאָט און קעגן לייט. — מינדל ווערט רויט און לאָזט אַראָפּ די שיינע, ברוינע אויגן. — און רויט דאַרף מען ניט ווערן, און שעמען זיך דאַרף מען אויך ניט, — פּסקנט די פויערטע — איך האָב זיך אויך גע־שעמט. איצט שעם איך זיך מער ניט. אָבער דאָ — ווייזט זי אָן אויף זיך דאָרט, וואו דאָס האַרץ קלאַפּט — דאָ, זיצט אַ וואָרעם און נאָגט, אוי, נאָגט ער!

— טוט מען מער ניט — פּסקנט מינדעלע.

— וועט עס איבערגיין?

— איך האָף און גאָט וועט אייך העלפן.

— ער וויל מיר אָבער ניט העלפן — קלאָגט זיך כאַריטינע. אירע קליינע, בלויע אויגן זיינען טונקל און פייכט. די שיינע פולע ליפּן — צעקרימט. זי זאָגט: — און דערפאַר אפשר האָט ער מיך אַזוי שווער באַשטראָפט און מיר קיין קינדעלע ניט געגעבן. זאָכוויע האָט שוין צוויי, און מיין בויך איז פאַרשאָלטן.

— טוט מען מער ניט! — זאָגט שוין מינדעלע שטרענג.

— טוט מען מער ניט? — פרעגט כאַריטינע איבער און פון אירע אויגן פליסן אַראָפּ אויף די פולע ראַזאָווע באַקן צוויי גרויסע, שווערע טרערן. — איז איוואַן ניט אַזוי שולדיק ווי איך? פאַרוואָס היט אים גאָט, און מיך — ניט?

— גאָט האָט רחמנות אויף זאַכוויען, מחמת זי איז ניט זינדיק.

דער גלאַנץ אין כאַריטינעס אויגן בייט זיך. זי ווישט אויס מיטן פויסט די טרערן און פרעגט (דערביי וואַרפט זי גנבישע בליקן אין שטוב אַריין):

— ווי אַזוי היט איר זיך אויס? ער איז דאָך אַזאַ שיינער און אַזאַ איידעלער! און ווען ער רעדט, גיסן זיך זיינע ווערטער גלייך אין האַרצן אַריין!... איר מיינט, איך האָב ניט געזען, ווי ער קוקט אויף אייך?

אויף דער פראַגע האָט זיך מינדעלע ניט געריכט. „גאָט!” בעט זי ער זאָל זי שטאַרקן און ניט אַרויסגעבן זי מיט אירע מחשבות. זי האָט שוין אַזוי פיל מאָל געפילט דעם לערערס בליקן אויף זיך! אַפילו ווען זי דרייט זיך אַוועק פון זיינע בעטנדיקע שוואַרצע אויגן, פילט זי זיי אויפן באַקן. ער זאָגט איר גאָרניט, נאָר ער קוקט מיט זיינע קוקערס. און ווען ער דעקלאַמירט פאַר איר אַפּוכטינען, אָדער נאַדסאָנען, דאַכט זיך איר, אַז אַ פלאַם קומט אַרויס פון זיין מענליך ברייט מויל. בלויז אין קליינע ווילע האַלט מינדעלע אירע אויגן אַרונטער, ווי זי וואָלט געהאַלטן אין צונויפנעמען אירע געדאַנקען. זי ענטפערט, און איר שטים קלינגט ריין און לויטער און פרום:

— איך בין ניט קיין בלינדע און איך קאָן קיינעם ניט פאַרבאָטן צו קוקן אויף מיר. אָבער איך אויף אים קוק ניט.

כאַריטינע לאַכט און קנייפּט מינדעלען. יענע רייסט זיך אַרויס און בעט זיך ביי דער פויערטע:

— זאָגט וואָס איר דאַרפט און לאָזט מיך גיין אין שטוב אַריין!

— זאָל מיר גאָט מוחל זיין... איך דאַרף איצט גאָרניט. נאָר הערן אייער עצה האָב איך געוואָלט, די עצה פון אַ קלוגער, גאָטספאָרכטיקער פרוי. און זאָל אייך גאָט געבן געזונטעניו. איר האָט מיך געשטאַרקט. אָבער מיין פויערשע קאָפּ פאַרשטייט דאָך ניט. אוי, וואָס אונדזערע דאָרפישע ווייבער טוען אָפּ! און זיי האָבן קינדער, און גאָט שטראָפט זיי ניט... און... און איך האָף, אַז ער וועט אייך אויך ניט שטראָפן.

מינדעלע איז אויפגעשפרונגען ווי פון אַ ביס.

— גאָט איז מיט אייך! וואָס רעדט איר!?

— זאָל מיך גאָט טויטן דאָ, אויפן אָרט! — האָט כאַריטינע זיך איבער־געצלמט — אויב איך האָב געהאַט וועגן אייך אַפילו איין שלעכט געדאַנקעלע! איך זאָג אייך, אַז נאָר אַ יידישע פרוי קאָן זיין אַזוי שטאַרק.

מינדעלע האָט זיך באַרואיקט און געפרעגט:

— און איר וואָלט ניט געוועזן שטאַרק?...

— איך ? — האָט כאַריטינע איבערגעפרעגט — איך וואָלט שוין צוליב אָט דעם לערער אַפילו איוואַנען פאַרטריבן פון מיין שוועל !

מינדעלע האָט זיך אין שרעק געכאַפּט ביים קאָפּ און כאַריטינע איז לאַכנדיק אַרויסגעלאָפן פון דער טונקעלער קאַמער.

*
**

מינדעלע איז אַריין צוריק אין שטוב און זיך גענומען קאָכן. זי האָט באַלד דערפילט דעם לערערס בליקן אויף זיך.

— דער פראָסט לאָזט נאָך — האָט ער געזאָגט.

זי האָט אים ניט געענטפערט, ווייל זי האָט געפילט, אַז ער זאָגט ניט דאָס, וואָס ער וויל זאָגן, אַז זיין קול האָט אַ ציטער געטאָן. דער פלאַם אין ברענענדיקן אויוון האָט זי באַלד דורכגענומען. זי האָט געפילט, ווי איר פּנים ברענט אַזוי ווי פון אַ גרויסער בושה. דער געשפּרעך מיט כאַריטינען האָט זי אינגאַנצן צערודערט. זי האָט פאַרשאַרט די שטרוי טיף אין אויוון אַריין, די טעפּ אָפּגערוקט וואָס ווייטער, אַז דאָס געקעכטס אין זיי זאָל בלויז מליען. זי האָט זיך אָנגעטאָן און איז אַרויס אין דרויסן.

דער הימל איז געווען שווער פאַרוואָלקנט און דער פייכטער ווינט האָט געפרעסן דעם שניי, און געקילט די פלאַמיקייט אין אירע באַקן. זי האָט ניט געהאַט וואוהין צו גיין אָבער זי האָט זיך באַדאַרפט פאַרזאַמען נאָך אַ שעה, ביז דער לערער וועט אַוועקגיין צו דער אַנדערער ידישער משפּחה. זי האָט געשפּאַנט אַזוי גיך, אַז עס איז איר געוואָרן שווער צו אָטעמען. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט. הונגעריקע שפּערלעך האָבן געזוכט אין אָפּפאַל. זיי האָבן הילכיק געשריגן און זיך געוואָרפן איינס אויפן אַנדערן מיט אָפענע שנאָבלען. דורך די פאַרמאַכטע שטאַלן האָט זיך געהערט דאָס כריוקען פון געשטאָפּטע חזירים, דאָס מעקען פון שאָף און קעלבער און אַ גאַנער האָט זיך איבערגע־שריגן מיט אַ גאַנדז.

איידער זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט זי זיך געפרעגט: „וואוהין גיי איך ?” איצט האָט זי זיך געפרעגט: „וואָס שטיי איך ?” זי האָט זיך ניט גע־קאָנט ענטפערן און זיך געלאָזט ווייטער שפּאַנען.

„אַ שיינע מעשה”, האָט זי אין זיך אַ לאַך געטאָן — איכל זיך דאַרפן פאַרמאַכן אין אַ קעסטעלע און דאָרט ליגן איינגעלייגט...

זי האָט זיך געלאָזט צוריק אַהיים. ווען זי איז דורכגעגאַנגען לעבן אַנטאָנס שטיבל, האָט זי דערהערט ווי מען קלאַפּט אין פענצטערל. זי האָט אַ קוק געטאָן און דערזען כאַריטינעס רופנדיק פּנים. זי איז אַריין און שטרענג געפרעגט:

— וואָס דאַרפט איר מיך ?

— מיר איז זייער אומעטיק — האָט כאַריטינע געזאָגט.

— איך האָב אָבער קיין צייט ניט — האָט מינדעלע געלייקנט.

— איך וועל אייך ניט געבן פון מיין שפּייז — האָט די פויערטע זי פאַר־

זיכערט. — נאָר זיצט אַ קאַפּעלע, און לאָמיך הערן אַ וואָרט פון אייך. איר לייענט דאָך ביכער, וואָס ער ברענגט אייך. וואָס זאָגן זיי וועגן דעם?

— וועגן וואָס?

— אָ, מיין טייערע שכנה! איר ווייסט וואָס איך מיין.

— נו, איך ווייס... אָבער ביכלעך זיינען ניט געשריבן פון קיין פרומע לייט. לערנען קאָן מען פון דער הייליקער ביבל.

— וואָס זשע זאָגט אייער ביבליע?

— אַז דערפאַר קומט פאַרשטיינען.

— ווי אַזוי ווערט עס געטאָן?

— נו, ווען מען כאַפּט אַ מאַן זינדיקן מיט אַ פרוי פון אַן אַנדער מאַן, וואַרפט מען אויף אים אַזוי לאַנג שטיינער, ביז ער פאַלט טויט.

— אָ, — האָט כאַריטינע אויסגערופן — דערפאַר זענט איר, יידן, אַזוי אָפּגעהיט: איר האָט מורא.

— אַוודאי האָבן מיר מורא.

— איר מיינט, ווען מען כאַפּט אייך מיטן לערער, וואָלט מען אים פאַרשטיינט?

מינדעלע האָט אַ לאַך געטאָן און זיכער געזאָגט:

— אַזאַ זאַך וועט ניט געשען!

מינדעלע האָט נאָך דערציילט וועגן דער מוטער שרה, וואָס איז דורך אַ נס ניצול געוואָרן פון פרעה מלך מצרים און ווי יוסף הצדיק האָט זיך אַרויסגעריסן פון פּוטיפר׳ס ווייב.

— אַזאַ נאַר! — האָט כאַריטינע געזאָגט.

מינדעלע איז אַזוי אויפגעבראַכט געוואָרן פון דער פּויערטעס העזה, אַז זי איז באַלד אַוועק פון דאָרט. זי איז אַריין צו זיך אין שטוב. דער לערער האָט שוין געהאַלטן אין אַוועקגיין און אויף רוסיש זיך געזעגנט:

— צום גיכן ווידערזען.

***

זי האָט זיך געשטעלט ביים פריפעטשיק, מיטן פנים צום פענצטער, אַז זי זאָל קאָנען באַכקוקן דעם לערער, און ער, טאָמער וועט ער זיך אומקוקן, זאָל זי ניט דערזען. זי האָט געהערט, ווי די קינדער האָבן זיך אויף גיך אָנגעטאָן צו גיין אין דרויסן אויפן דערבייאיקן בערגל זיך שליטלען, און זי איז געווען אַזוי פאַרנומען מיט אירע געדאַנקען, אַז זי האָט אַפילו ניט אַכטונג געגעבן אויפן אָנטאָן זיך פון די קינדער. זי האָט דאָך היינט גאָרניט געטאָן עפּעס, וואָס זאָל איר באַנג טאָן. און דאָך האָט איר באַנג געטאָן, באַנג געטאָן ביז ווייטיק, ביז טרערן.

זי האָט געזען, ווי דער ברייטפּלייציקער סטודענט דערנעענטערט זיך צום טויער, ווי ער עפנט די פאָרטקע דערביי, און שוין פון יענער זייט,

ביים צומאַכן זי, דרייט ער זיך אום מיטן פּנים צו דער שטוב, פּונקט אַקעגן איר. זי איז געווען זיכער, אַז ער זעט זי ניט, און דאָך האָט זי אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

מיט אַ פריידיקן געפילדער זיינען די קינדער אַרויס אין דרויסן. זי האָט ווידער אַ קוק געטאָן אין פענצטער. דעם סטודענט האָט זי שוין מער ניט געזען.

„וואוהין בין איך געגאַנגען און נאָך וואָס בין איך געגאַנגען?" האָט זי זיך געפרעגט און ניט געקאָנט ענטפערן. איך בין אַנטלאָפן פון אים . . . וואָס איז, ער איז מיר דען נאָכגעלאָפן? איך האָב עפּעס מורא פאַר אים? וואָס בין איך און ווער בין איך? איך בין דאָך ניט כאַריטינע! זי האָט זיך פאַרגליכן מיט דער פויערטע, און אין פאַרגלייך מיט איר, זיך דערפילט אַזוי ריין און אַזוי הויך, אַז דערפון אַליין איז איר שוין גרינגער געוואָרן.

מיטאַמאָל האָט זי דערהערט דעם סקריפּ פון דער פאָרטקע, ביים טויער. זי האָט זיך מיט דער האַנט געכאַפּט ביים האַרצן. זי איז געווען זיכער, אַז דער סטודענט קומט צוריק... דער מאַן איז ניטאָ... די קינדער זיינען אין גאַס... זי איז איינע אַליין... וואָס זאָל זי טאָן? זי האָט שוין געהאַט געלייענט ביכלעך און זי האָט שוין געוואוסט פון אַ „פרויען־אינסטינקט".

„דאָס איז ער! דאָס איז ער!" האָט זי אין זיך געשריגן און זיך פונעם אָרט ניט געקאָנט רירן. „זאָל ער נאָר פּרואוון, זאָל ער נאָר!" האָט זי גע־דראָט, גרייט צום קאַמף.

אָבער איר פרויען־אינסטינקט האָט זי אָפּגענאַרט. ניט דער סטודענט איז דאָס געקומען צוריק, נאָר אַ שכנה — עפּעס איינהאַנדלען אין איר קראָם און כאַפּן אַ שמועס מיט דער קלוגער יידישקע.

שפּעטער איז אַלץ אַוועק מיטן געוויינלעכן גאַנג, וואָס ציט זיך שוין צוועלף יאָר, ביזן אָנקומען פונעם שוואַרצאויגיקן סטודענט און — נאָכדעם. זי איז געווען פאַריאָגט מיט אַן אַרבעט, וואָס האָט זיך אַפילו שבת בלויז טייל־ווייז פאַרקלענערט: קאָכן און באַקן און לאַטען און צירעווען און וואַשן און פּרעסן. דאָס הויז, די קראָם, די שאַף, די קי, די פערד, די הינער, די גענדז און די קאַטשקעס. עס האָט זיך געדאַכט, אַז זי וועט קיינמאָל ניט פּאַטיק ווערן מיט אָט די אַלע אַרבעטן. נאָר דער ליבער שבת פלעגט אַלץ איבער־רייסן און זי האָט זיך געקאָנט נעמען אַריינקוקן אין אַ ביכל.

באַלד נאָך מיטיק האָט זי געזען, ווי זאַכוויע קומט אָן מיטן קוזשעל קלאָטשע צו דער קומאַ, כאַריטינע אויף האָדענקעס. שפּעטער האָט זי געהערט, ווי די צוויי פויערטעס זינגען. דאָס געזאַנג האָט זיך איבערגעריסן און כאַריטי־נע איז אַריינגעקומען נאָך אַ פלאַש קוואַס, נאָכן באַרימטן געטראַנק, וואָס עפנט זיך מיט אַ שטאַרקן זעץ, ווי אַ שאָס פון אַ ביקס. זי האָט מיט אַ קנאַק אַ לייג אַוועק געטאָן דעם קופּערנעם צענער אויפן טיש און איז אַרויס פון

דער קראָם. זי איז געגאַנגען שפּינען פלאַקס מיט איר קומאַ, מיט זאָכוויען, פאַרברענגען מיט איר און זינגען מיט איר זיסע, האַרציקע לידער.

ווידער איז מינדלען געקומען אויפן געדאַנק דער פרויען־אינסטינקט... זי האָט גאָר קיינמאָל דערפון ניט געקלערט. שוין מער ווי אַ יאָר, אַז כאריטינע טוט, וואָס זי דאַרף ניט טאָן, און זאָכוויע פאַרדעכטיקט גאָרניט... און זאָכוויע איז דאָך ניט די איינציקע אין דאָרף. גערעכט איז כאריטינע, ווען זי זאָגט, אַז זי איז ניט קיין אויסנאַם. שווערער פון אַלץ צו פאַרשטיין איז דאָס, וואָס אַלע ווייסן, נאָר די וואָס דאַרפן וויסן, ווייסן ניט.

עס איז אַוועק דער טאָג. עס איז געקומען דער אָוונט. פון שטאָט איז אָנגעקומען שעיה מאָטיע, און די שטוב איז פאַרשמעקט געוואָרן מיט די סחורות, וואָס ער האָט אָנגעבראַכט. עס האָבן זיך געמישט די ריחות פון קעראָסין, הערינג, עסיק, געטריקנטע און גערויכערטע פיש, נעגעלעך, לאָר־בער בלעטלעך, פעפער און צוגעלעגערטע, געפרוירענע עפּל. זי האָט נעכטן אים אָנגעזאָגט, ער זאָל איר אין זינען האָבן צו קויפן אַ יידיש ביכל. ער האָט עס איר ניט געבראַכט, און זי האָט אים ניט פאַרגעוואָרפן. ער האָט מיט אַ זייט געכאַפּט אַ קוק אויף איר און זיך געוואונדערט, וואָס זי שוויגט.

עס איז צוגעפאַלן אַ פרישער, ריינער שניי. ער האָט געוואָלט פאַרדעקן דעם אַלטן, קויטיקן שניי, אָבער דאָס איז שוין ניט מעגלעך געווען, ווייל דער פראָסט האָט איינגאַנצן נאָכגעלאָזן, און דער נייער שניי האָט זיך אויס־געמישט מיטן אַלטן אין איין בורע קאַשע. עס איז שוין געווען אַ וואָך נאָך פורים. ביסטריוווקע האָט געפּאַסט דעם גרויסן תענית, וואָס קומט פאַרן „גרויסן טאָג", דעם טאָג פון גאָטס ווידערגעבורט, די הייליקע פאַסכע.

נייע קלאַנגען האָבן זיך דערהערט אין דאָרף. קי האָבן זיך געקעלבט, פערד האָבן געבוירן זייערע לאָשיקלעך, שאָף — שעפעלעך. קוואָקעס האָבן אויסגעזעסן הינדעלעך. ביסטריוווקע איז געוואָקסן און שעיה מאָטיעס קרעמל איז איבערגעפּילט געוואָרן מיט נייער סחורה אויפן גויישן יום־טוב. דער שניי איז געוואָרן ווייכער און לויזער. די דאָרפסלייט האָבן געוואַרט אויפן נייעם קלאַנג, וואָס פרייט און שרעקט, דעם קלאַנג פון אָנגעזאַמלטע וואַסערן, וואָס שפּאַרן זיך ביי דער וואַסערמיל און רייסן אַמאָל אויף די בריק.

פאַרטאָג, עס איז נאָך געווען פינצטער, איז שעיה מאָטיע געשטאַנען אין זיין טלית און תפילין און שטיל געדאַוונט. ווי יעדן טאָג אין דער צייט האָט ער דערהערט, ווי געוויינלעך אין דער צייט, ווי אַנטאָן ציבוליעס טיר עפנט זיך... שעיה מאָטיע האָט שוין געוואוסט פריער, וואָס שפּעטער וועט קומען... אַזוי ווי אין מינדעלעס ביכלעך.

אָבער היינט האָט ער דערהערט דעם שכנס טריט נעענטער און נעענטער. אַנטאָן האָט שוין געוואוסט ביי וועלכן פענצטער דער ייד דאַוונט. איז ער צוגעקומען און טויבלעך אָנגעקלאַפּט אין דער טונקעלער שויב. עס איז נאָך געווען אַזוי פינצטער, אַז איינער האָט דעם צווייטן ניט געקאָנט זען, אָבער

ביידע האָבן געוואוסט ווער איז ווער. און אײנעם קלאָפּ האָט שעיה מאָטיע דערפֿילט, אַז עפּעס איז ניט גלאַט.

מינדעלע האָט זיך דורכגעוואָרפֿן און פֿאַשלאָפֿן געפֿרעגט: „ווער איז דאָרט?" דער מאַן האָט רויִק אָפּגעענטפֿערט: „גאָרניט, גאָרניט" און גע־גאַנגען עפֿענען די טיר.

אײנעם שטאָק־פֿינצטערן פֿאַרהייזל זיינען זיי געשטאַנען, דער ייִד אין זיין טלית און תּפֿילין און אַנטאָן. שווער אָנגעפּעלצט, מיטן הויכן, שפּיציקן באַ־שליק אויפֿן קאָפּ. ער האָט שווער גערעדט און די צונג האָט אים עפּעס הייַנט ניט געדינט. נאָר פֿון זיין מויל האָט זיך שוין באַצייטנס געטראָגן דער שווע־רער געמישטער ריח פֿון ביליקער מאַכערקע און בראָנפֿן.

— זשינקאָ (די ווייב), — האָט אַנטאָן זיך געמיט אַרויסצוברענגען דאָס ערשטע וואָרט, ווי עס וואָלט געווען פֿון אַ פֿרעמד לשון. — די ווייב איז ביי־נאַכט זייער קראַנק געוואָרן... נו, הייסט עס, קראַנק. וואָרפֿט זיך אַ גאַנצע נאַכט. אַ גאַנצע נאַכט וואָרפֿט זי זיך, שלאָפֿט אַליין ניט און לאָזט אים ניט שלאָפֿן... איז קוים וואָס ער שטייט דאָ אויף די פֿיס... איז, שכן, גיט מיר אַ פֿלאַש קוואַס. וועל איך איר לאָזן, זי זאָל די נשמה־לע דערקוויקן און איך, איך מוז גיין צו דער אַרבעט. וועל איך שוין פֿון דאָרט צושיקן דעם פֿעלדשער.

— איר האָט אַ שוועבעלע? — האָט שעיה מאָטיע געפֿרעגט.

— דאָ, דאָ... — עס האָט זיך דערהערט דאָס שוואַכע קלאַפּן פֿון שוועבעלעך אין אַ קעסטעלע און דאָס אָנרייבן פֿונעם העלצל. אַ געל שפּיציק פֿלעמל האָט באַלויכטן דאָס פֿאַרהייזל און די שכנים האָבן זיך אָנגעקוקט. דער באָענטער און היימישער ייִד, וואָס איז שיר ניט געווען ווי אַן אײגענער, האָט איצט, אין דער שוואַכער שיין אויסגעזען פֿרעמד און אויסטערליש. אַנטאָן האָט אַ שפּאַן געטאָן צוריק און געזאָגט: — אַ פֿרומער זענט איר, שכן, און דערפֿאַר העלפֿט אייך אייער גאָט.

שעיה מאָטיע האָט אים ניט געענטפֿערט. ער האָט גענומען דאָס ברע־נענדיקע שוועבעלע פֿון זיינע הענט און פֿלינק אָנגעצונדן דאָס לעמפּל אויפֿן טיש אין קאַמער דערביי.

ער האָט דערלאַנגט דעם שכן אַ פֿלאַש קוואַס און געהייסן אַנטאָנען אַוועקלייגן דעם צענער אויפֿן טיש. ער האָט זיך ניט געקאָנט צורירן צום געלט מיט די הענט, וואָס האָבן ערשט באַרירט און באַלד ווידער באַדאַרפֿט אָנרירן דעם טלית און תּפֿילין. אַנטאָן האָט באַליידיקט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין און איז אַוועק מיט דער פֿלאַש קוואַס צו זיין קראַנקער ווייב.

שעיה מאָטיע האָט אויסגעלאָשן דאָס לעמפּל, איז אַריין אין שטוב און זיך געשטעלט דאַווענען. ער איז געווען אויפֿגערעגט, מחמת ער האָט פֿאַרגעסן וואו ער האַלט. איבערהיפּן האָט ער מורא געהאַט פֿאַר אַן עבֿירה און זאָגן

נאַכאַמאָל האָט ער ניט געוואָלט... איז ער געשטאַנען און געקלערט... דאָ האָט ער דערהערט מינדלס שטים... אויך זי האָט אים געשטערט...

— נו, אָ!... — האָט ער בייז געבורטשעט און איר ניט געענטפערט ביז ער איז אויסגעשטאַנען שמונה עשרה.

ער האָט געהערט אַנטאַנען אַרויסגיין פונעם הויף. ער האָט געוואָלט אויפכאַפּן די טריט פון איוואַנען. אָבער יענער האָט, ווייזט אויס, עפּעס איינגעהערט, ווען ער האָט זיך באַהאַלטן, הינטער דער כאַטע. איז ער היינט ניט געקומען.

ווען מינדל האָט זיך דערוואוסט, אַז כאַריטינע איז קראַנק געוואָרן, האָט זי באַלד געזאָגט:

— אַ מצווה אויף איר! גאָט האָט זי געשטראָפט.

פון דעסטוועגן האָט זי געוואָלט לויפן איר העלפן. דער מאַן האָט איר פאַרשטעלט דעם וועג.

— טאָמער עפּעס אַן אָנשטעקעניש? — האָט ער געזאָגט און אויסגעשפּיגן. ער האָט איר געהייסן וואַרטן ביז דער פעלדשער וועט קומען און זאָגן וואָס מיט דער גויע איז. מינדל האָט אים געפאָלגט.

זי האָט זיך גענומען צו איר טעגלעכער אַרבעט, ער — צו זיינער. צום ערשטן האָט זי אָנגעהייצט דעם אויוון. אַ שטאַרק ליכט און אַ וואַרעמקייט האָבן געפלייצט אויף דער קעגנאיבערדיקער וואַנט און פון דרויסן האָט אַריינגעדרונגען דאָס שטילע פאַרטאָגיקע פרילינג־ליכט.

***

דער פרילינג איז געקומען קיין ביסטריוועקע מיט וואַרעמע ווינטן און פאַרוואָלקנטע הימלען, וואָס האָבן, ווי אַ וואַרעמע קאָלדרע איינגעהילט דעם גאַנצן אַרום און אים אויסגעוואַרעמט דורך און דורך. די הויכע אַלט־איינגעזעסענע שנייען, וואָס האָבן זיך ערטערווייז געטורעמט העכער פון די פּויערשע שטיבלעך, האָבן זיך איבערנאַכט אַראָפּגעזעצט, ניט צום דערקענען. אַן אומגעזעענע האַנט האָט זיך אונטערגעגראָבן אונטער דער ווייסער מאַסע, וואָס איז שוין מער ניט געווען ווייס און דאָרט אומדערמידלעך געאַרבעט בייטאָג און ביינאַכט.

די פּאָר קליינע, ווייסע פרעסטלעך אין די פרימאָרגנס האָבן שוין מער ניט געקאָנט פאַרהיטן דעם שווערן ווינטער־צודעק און ער האָט זיך געזעצט נידעריקער און נידעריקער.

און אָט האָט זיך ביינאַכט דערהערט דער באַקאַנטער רויש פון די שטראָמיקע פרילינג־וואַסערן. דער שמאָלער, פלאַכער טייך צווישן ביידע רייען ווערבעס האָט זיך געהויבן, געוואָרן ברייטער און טיפער און זיך געטראָגן מיט טונקעלע וועלן צו דער בריק. פון די בערגיקע גערטנער האָבן אין טייך געפלאָסן פאַרבאָרגענע קוועלכלעך.

אויף מאָרגן האָבן זיך די וואַסערן באַוויזן אין די ריוועס ביי די גערטנער און מיט אַ טאָג שפּעטער זיינען זיי אָנגעקומען פונעם פעלד און אין אַ קרומער ליניע זיך דורכגעטראָגן איבער דער גאַנצער לענג פון דער דאָרפישער גאַס. ביים עק גאַס האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט, ניט זיכער זיך געדרייט אַרום זיך אַליין. פאַר זיי האָט זיך געהויבן דאָס צווייטע ווינקל, באַרג אַרויף, און פון דאָרט איז אַהער אָנגעלאָפן אַ נייער שטראָם. ער איז אַריין אינעם ערשטן.ביידע האָבן זיך פאַרברידערט, געוואָרן איינס — און אַראָפּגעפאַלן פונעם משופּעדיקן אַפּריס צו די נאָך פאַרשנייטע לעוואַדעס. די וואַסערן האָבן זיך אונטערגעגראָבן אונטער די שנייען, ווי זיי וואָלטן זיך באַהאַלטן אונטער זיי. אָבער אויף מאָרגן און איבערמאָרגן האָט שוין די גאַנצע ברייטע לעוואַדע אויסגעקוקט ווי אַ טייך, וואָס איז אַרויס פון די ברעגעס.

און אָט איז ענדלעך אַרויס די זון, גרייט צו פאַרענדיקן דאָס, וואָס די וואַרעמע ווינטן האָבן אָנגעהויבן.

דאָ און דאָרט האָבן זיך מיט אַמאָל באַוויזן שטיקער שוואַרצערד. זיי האָבן, פּעטע און גלאַנציקע געשלונגען די זון־שטראַלן, פון איבערפלוס זיך געביטן אין דער מראה, פאַרלאָרן דעם פעטן גלאַנץ, געוואָרן גרויליך און זיך געהאַרטעוועט.

דורך די קליינע פענצטער פון די פויערשע שטיבלעך האָבן קינדער דער־זען די אויסגעוואַרעמטע שוואַרצע לאַטעס. זיי זיינען זיך אָנגעלאָפן און אויף די לאַטעס, ווי אויף טונקעלע אינדזעלעך, געטאַנצט, געשפרונגען און געזונגען פריילינג־לידער. זייערע קולות האָבן זיך געטראָגן איבערן גאַנצן דאָרף און דערגרייכט אין די פעלדער אַרום.

פון די שטרויענע דעכער האָט אָן אויפהער גערונען און פון צייט צו צייט האָט זיך געהערט דאָס פאַלן פון שטיקער שניי. די זונשטראַלן האָבן זיך גע־שפּיגלט אין די פאַלנדיקע טראָפּנס און זיי האָבן דורך די שויבן געבלענדט די מענטשן אין די שטיבלעך.

אויף איר ברייטן בעט איז געלעגן כאַריטינע, איינגאַנצן אַ פאַרענדערטע. די לעבעדיקע, לוסטיקע פאַרביקייט איז אין גאַנצן פאַרשוואונדן פון אירע פולע באַקן, די שיינע ליפּן אירע זיינען געוואָרן בלויליך און טרוקן. זי האָט ניט אויפגעהערט צו הוסטן. זי האָט שוין מער ניט געטאָרט טרינקען דעם געשמאַקן יידישן קוואַס, און האָט, אָנשטאָט דעם, גענומען אָפּשיילעכע רפואות, וואָס זיינען געווען איבלדיק אין גערוך און נאָך איבלדיקער אין טעם. און ניט נאָר האָבן די רפואות איר ניט געהאָלפן, נאָר איר האָט זיך געדאַכט אַז עס ווערט איר ערגער פון זיי. חוץ די שרעקלעכע רעצעפּטן האָט דער פעלדשער איר פאַרשריבן מילך, וואָס מער מילך טרינקען און וואָס מער פרישע לופט, און ער האָט איר געגעבן האָפענונגען געזונט צו ווערן. זי איז אָבער געווען זיכער אַז עס ווערט איר ערגער און זי וועט שוין דעם זומער ניט דערלעבן. שכנים און קרובים האָט דער פעלדשער דערלויבט צו זען די קראַנקע,

אָבער ער האָט זיי פאַרזאָגט דאָס ניט טאָן אויפן ניכטערן האַרצן, און עסן זאָלן זיי וואָס מער ציבעלעס און קנאָבל. פון די באַזוכער איז דעריבער די לופט אין שטיבל געווען זייער אַ שווערע. שעיה מאָטיע האָט פאַרבאָטן מינדעלען צו גיין צו דער שכנה. אָבער זי האָט דאָס געטאָן בגנבה. זי האָט דער קראַנקער געטראָגן קליינע געלע לעקעכלעך, שיינע ווי פרישע געלעכלעך פון אייער און איינגעמאַכטס פון מאַלינעס און אַ ביסעלע ווישניאַק. און ווען כאַריטינע האָט געבעטן די יידישע שכנה צו דאַווענען צום יידישן גאָט און בעטן פאַר איר, האָט מינדעלע איר צוליב געטאָן.

איינמאָל האָט כאַריטינע געזאָגט צו מינדעלען:

— איך האָב מורא, אַז אייער גאָט וועט מיר שוין אויך ניט העלפן. איך קליב זיך אויף יענער וועלט. קאָנט איר דאַווענען. אָבער בעט מער ניט גאָט, ער זאָל מיך געזונט מאַכן. איך בין אַזוי זינדיק, אַז איך בין שוין אַ פאַרלאָרענע, אַ פאַרלאָרענע אויף אייביק. בעט־זשע גאָט פאַר מיין נשמה, אַז איך זאָל קאָנען רואיק ליגן אין מיין קבר.

מינדל האָט אַ קוק געטאָן אויפן פאַרענדערטן פנים פון איר שכנה און זי האָט זיך צעוויינט. זי האָט זיך דערמאָנט, ווי דאָס דאָזיקע פנים האָט קלינגענדיק געלאַכט, געזונגען און לוסטיק צוגעקוויטשעט דערביי, טאַנצנדיק, די שטאַרקע הענט פאַרלייגט אַהינטער און אַרויסשטעלנדיק אַ הויכע קוועלנדיקע ברוסט. זי האָט געוואָלט טרייסטן די קראַנקע און ניט געקאָנט. כאַריטינע האָט זיך פאַרהוסט און מינדל איז מיט טרערן אין די אויגן אַרויסגעלאָפן אין דרויסן.

דאָס דאָרף איז געווען פאַרטונקען פון זון און ליכט און אַ געבענטשטער וואַרעמקייט. די וואַרעמקייט האָט געפלייצט פון די הימלען אַרונטער און זיך געשפּאַרט פון דער צעוואַרעמטער ערד אַרויף. די דערבייִקע ווינשלביימער זיינען נאָך געווען נאַקעט, אָן בלעטער. אָבער די שאָרסטקע שטאַמען און די צווייגן זיינען געוואָרן שטייפער און בויגעוודיקער. זיי האָבן געטרונקען דעם זאַפט פון דער ערד און דאָס ליכט פון דער זון. די זאַפטן האָבן זיי איבערגעפילט און זיי האָבן זיך געשפּאַרט אין די קליינע, שוואַרצלעכע שפּיצלעך וואָס וועלן די קליינע באַלד אַ צעעפן טאָן מיט ברויזן־בלעטעלעך. נאָך דעם וועלן די קליינע בלעטער זיך צעוויקלען, זיך אויסשיילן, זיך צעשפּרייטן און באַוואָקסן ווערן מיט ווייסן, שמעקעוודיקן צוויט.

דאָס לעבן האָט מיט אַ רייכן איבערפלוס פאַרגאָסן אַלץ אַרום. דער אָנבליק פון דער שטאַרבנדיקער פרוי איז ווי פאַרטראָגן געוואָרן מיט די לויפנדיקע וואַסערן און מינדל איז געשטאַנען, אַ באַרוישטע און געטרונקען די שמעקעדיקע לופט.

פון איר שטיבל האָט זי געהערט פּאַניטשן לערנען מיט די קינדער שיר השירים. אין די דינע קעלעכלעך פון די קינדער האָט זיך אַריינגעריסן די ברייטע, האַרציקע שטים פונעם סטודענט. נאָך דריי טעג, און דער

לערער וועט אָוועקפאָרן אַהיים, אין דער וויטער שטאָט. וועט ער צוריק־קומען? די דאָרפסיידן האָבן זייער געהאַלטן פון אים. ער וויל מער געלט, און זיי האָבן ניט ביד צו צאָלן. זיי קיבעצן אים, אַז ער לייגט גאָר ניט אַריין אין געשעפט און האָט ריינעם ריווח מיט עסן און טרינקען, אַ געלעגער, און מען וואַשט אַפילו זיין גרעט. אָבער ער וועט מסתמא אויספירן, ווייל אַזעלכע לערער, ווי פּאַניטש, זאָגן די ביסטריוווקער יידן, „וואַלגערן זיך ניט".

דאָ האָט זי דערהערט כאַריטינעס הוסט. זי האָט מורא געהאַט, טאָמער רופט זי די פויערטע צוריק. זי האָט געמאַכט עטלעכע שפּאַן פאָרויס צו דער אייגענער טיר און ווידער שטיין געבליבן. צו שיין און צו האַרציק איז געווען דאָס געזאַנג פון די הייליקע ווערטער, און דאָס ליד פון דער טירקלטויב אין שיר השירים האָט איצט געזונגען סיי פון דער שטוב, סיי אויך אינעם זוניקן אינדרויסן.

מינדל האָט נאָך געהאַט אַ סך אַרבעט אין שטוב. זי האָט מער דאָ ניט געטאָרט שטיין, אָבער זי האָט געוואָרט, דער לערער זאָל פאַרענדיקן דאָס געזאַנג. זי האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז מיט איר אַריינקומען וועט זי עס אי־בערשלאָגן.

נאָר אָט איז שטיל געוואָרן. זי איז צו צו דער טיר פונעם פאָרהויז און זי געעפנט. אין דער זעלבער צייט האָט זיך די שטוב־טיר אָן עפן אויף געטאָן, און פּאַניטש האָט זיך באַוויזן, אין זיין גרין רעקל מיט די גלאַנציקע קנעפּ. ער האָט שוין באַצייטנס ניט געטראָגן קיין היטל און אַ לייכט־געקרויזלטע שוואַרצע פּאַסמע האָר פון זיין היפּשן קאָפּ איז געפאַלן אויף זיין ניט־הויכן שטערן און דערגרייכט די שוואַרצע ברעם איבער די פאַרגאַפטע, שוואַרצע אויגן.

אָ, ווי דער בליק זיינער איז איר געווען באַקאַנט! קיינמאָל, קיין איינציק מאָל, אַפילו חתנוויז, האָט שעיה מאָטיע אויף איר אַזוי ניט געקוקט. ער האָט זי גענומען אַזוי ווי זי איז געקומען און ער האָט איר קיינמאָל קיין שלעכט וואָרט ניט געזאָגט, אָבער אויך ניט קיין גוטס.

פּאַניטש האָט צוגעמאַכט די טיר, זי אונטערגעשפּאַרט מיט זיין ברייטער פּלייצע און געזאָגט:

— „הנך יפה רעיתי!"

קיין העברעאיש האָט זי ניט פאַרשטאַנען. האָט זי אים געפרעגט:

— און וואָס מיינט עס?

ער האָט געקוקט אויף איר קליינער, מיידלשער פיגור, אויפן ברויגלעכן קינדערשן פּנים מיטן כשרן בליק, אויף די קליינע, פולע, האַלב־אָפענע ליפּן און ער האָט געזאָגט מיט אַ שטילן הייסן פליסטער:

— איך וויל ניט, די קינדער זאָלן הערן. קומט צו נעענטער, וועל איך אייך זאָגן.

זי איז צוגעקומען. ער האָט אויסגעשטרעקט זיין לאַנגן אָרעם און זי צו־

געצויגן. זי האָט מורא געהאַט צו שרייען, די קינדער זאָלן ניט דערהערן און זי האָט דערפילט זיין האַרץ קלאַפּן ביי איר האַרץ און זיין מויל אויף אירן.

עס האָט געדויערט אַן אויגנבליק. ער איז אַרויס אין דרויסן, און זי — אַריין אין שטוב.

***

אויף מאָרגן האָט כאַריטינע געבעטן ביים מאַן, ער זאָל גיין נאָכן גלח. דער גלח איז געקומען און זי האָט זיך מתוודה געווען פאַר אים. אַלץ האָט זי אים אויסדערציילט, גאָרניט פאַרבאָרגן. דער אַלטער גלח האָט געהערט און געשאָקלט מיטן לאַנגהאָריקן גרויען קאָפּ. כאַריטינע האָט גערעדט דורך טרערן, און עס איז שווער געווען זי צו פאַרשטיין. זי האָט זיך געפלאָנטערט, זיך אומגעקערט צום שוין־דערציילטן און זיך געכאַפּט און זיך פאַרשעמט. דער גלח האָט זי געטרייסט און געזאָגט, אַז דער האַר־גאָט איז איר מוחל אַלע אירע זינד און זי גייט צו אים אַ ריינע און אַן אומשולדיקע...

— אַ ריינע און אַן אומשולדיקע? — האָט זי איבערגעפרעגט און זיך צעוויינט.

— צוויפלסט אין מיינע רייד? — האָט זיך דער גלח געבייזערט.

זי האָט זיך דערשראָקן און געשוויגן. אַנטאָן האָט געקוקט אויף דער ווייב. ער האָט געדרייט מיטן קאָפּ אויף ניין. ער האָט זיך איבערגעקוקט מיט זיין שכן און זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג.

— און וואוהין גייסטו דאָס, מאַן?

עס איז אים געווען שווער צו זאָגן, ווייל דאָס איז ער געגאַנגען באַשטעלן אַ טרונע פאַר איר. זי האָט אים שטרענג אָפּגעמאָסטן מיט איר פאַרענדערטן בליק און געזאָגט:

— מיט דער פאַניכידע האָסטו נאָך צייט. דו גיי בעסער אַריבער צו אונדזער קומאַ, זאָכוויע און זאָג איר, אַז איידער איך שטאַרב, וויל איך איר עפּעס זאָגן.

— דו האָסט דאָך שוין געזאָגט אַלץ אין דער ווידוי פאַרן פאָטערל, ווייב!

— די ווידוי פאַרן פאָטערל האָט ניט אַראָפּגענומען די שווערקייט פון מיין האַרצן.

אַנטאָן איז געשטאַנען, אַ לאַנגער, אַ באָרוועסער, איין פּליודער פאַרקאַ־שערט העכער פון דער קני, דער אַנדערער — ביזן קנעכל. ער האָט זיך גע־קראַצט אין זיין ניט־פאַרקעמטן קאָפּ. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, און ניט געוואוסט וואָס און ווי אַזוי. ער איז קיינמאָל ניט געווען קיין באַרעדעווודי־קער. מיט דער ווייב האָט ער זיך ניט אויסגעטענהט. זיין האָריקע ביינערדיקע פויסט איז געווען זיין שטאַרקסטער אַרגומענט קעגן איר. די האַנט האָט אים געביסן און ער האָט זי געריבן אָן די גראָבע לייוונטענע פּליודערן. ער האָט

געקוקט אויף דער ווייב מיט שרעק און שטוינונג. אַזאַ זאַך איז נאָך ניט געשען ביי געטויפטע לייט, אַז נאָך דער ווידוי פאַרן הייליקן פאָטער פון דער רעכטגלויביקער קירך, זאָל אַ שטאַרבנדיקע נאָך וועלן עפּעס זאָגן אַ זינדיקן מענטשן. סיידן, סיידן ניט נאָר איר קערפּער איז קראַנק און שטאַרבט אָפּ פון מינוט צו מינוט, נאָר אויך איר שכל און איר נשמה. „גאָט״! האָט ער אָן ווערטער געבעטן און זיך איבערגעצלמט. ער האָט געקוקט אויף די שכנים און שטום און דערשראָקן, מיט פאַרטעמפּטע בליקן זיי געפרעגט: „וואָס קומט דאָ פאָר און וואָס זאָל ער טאָן?״ אַנטאָן האָט זיך אויסגעהוסט. אַ שווייס האָט אים באַשלאָגן. ער האָט מיט דער האַנט זיך געווישט דאָס פייכטע פּנים און געזאָגט:

— איכל גיין נאָכאַמאָל צום גלח... אפשר דאַרפסטו אים נאָך עפּעס זאָגן.

— דו וועסט גיין צו זאָכוויען. גיי, מאַן, גיי, אַנטאָן. גיי שוין, איידער די נשמה קומט אַרויס פון מיר. זי האָט זיך אויפגעזעצט. פון אָנשטרענגונג האָט זיך איר פּנים אויסגעקרימט און עס איז געוואָרן נאָך שרעקלעכער, נאָך פרעמדער ווי ביז אַהער. — גיי, זאָג איך דיר, צו זאָכויען, וואָס שטייסטו?

— גיי שוין, גיי — האָט דער שכן אים געזאָגט, און אַז אַנטאָן איז אַוועק צו דער קומאַ, צו דער גוטער זאכוויע, איר איבערגעבן דעם פאַרלאַנג פון דער שטאַרבנדיקער.

— שוין? האָט אים זאָכוויע געפרעגט, ווען זי האָט אים דערזען.

— שוין באַלד, — האָט אַנטאָן געענטפערט. איך גיי שוין באַשטעלן די טרונע און איר, קומאַ, גייט צו איר.

— איך וועל גיין, איך וועל גיין, — האָט זאָכוויע אָנגעהויבן מיט אַ געוויין, וואָס האָט אַ באַזונדער מעלאָדיע, אַ געוויין, וואָס ווערט באַנוצט אין ביסטריוּוקע צו באַוויינען טויטע. — אַזוי, טייערע „קומעלע״ מיינע, אוי, האַרציקע „קומעלע״ מיינע! געוואָלט האָבן מיר ביידע גיין אין גאָטס הייליקן טעמפּל אויף דער גרויסער פּאַסכע, און איך דאַרף גאָר גיין אַרומוואַשן דיין ווייסן קערפּער!

זי האָט פאַרשאַרט דאָס פייער טיף אין אויוון אַריין, פאַרשטעלט די עפענונג מיטן ווייסן, הילצערנעם דעקל.

אַנטאָן איז געשטאַנען, געקוקט אויף איר, געהערט איר געוויין, און אירע רייד און ער האָט איר געוואָלט זאָגן, נאָך וואָס ער איז געקומען, און די צונג האָט ניט געדינט...

— און איך... און איך... — האָט ער אָנגעהויבן און ניט געקאָנט פאַרזעצן.

זאָכוויע האָט אים געטרייסט:

— „קום״ טייערער, איר דאַרפט מיר גאָרניט זאָגן. גייט באַשטעלט די טרונע, און איך וועל באַלד זיין ביי אייך.

ערשט האָט זיך אַנטאָן אָנגענומען מיטן כוח און געזאָגט:

— און איר, „קומאַ״, גייט בעסער גיכער, ווייל זי — האָט ער גע־זאָגט וועגן זיין ווייב, ווי זי וואָלט שוין ניט געווען פון דער וועלט, באַר אַ ווייטער און געהייליקטער — זי וויל אייך עפּעס זאָגן, איידער זי שטאַרבט.

— האָט זי זיך דען ניט מתוודה געווען פאַרן הייליקן פאָטער? — האָט זאָכוויע געפרעגט.

— זיך מתוודה געווען, אַוודאי זיך מתוודה געווען, אָבער אייך, אייך וויל זי!...

— מיך?! — האָט די פויערטע אין שרעק איבערגעפרעגט.

— אייך — האָט אַנטאָן אָפּגעענטפערט און איז אַוועק באַשטעלן די טרונע.

זאָכוויע האָט האַסטיק געשפּאַנט אין דער וואַרעמער בלאָטע, בריה׳ש אויסמיידנדיק טיפע קאַליזשעס. זי האָט באַמערקט, אַז לייט קוקן איר נאָך, אַזוי ווי זיי וואָלטן געוואוסט, אַז היינט קומט אין ביסטריווקע פאַר עפּעס, וואָס איז נאָך ביז איצט ניט געשען. וואָס מער זי האָט זיך דערנעענטערט צו אַנטאָנס שטיבל, אַלץ מער נייגעריקע בליקן האָבן איר נאָכגעקוקט. איצט האָט זי שוין דערפילט ניט נאָר שרעק, נאָר אויך אַ גרויסן און שווערן בזיון. פאַר עפּעס האָט זי גאָט געשטראָפט. זי האָט זיך פּרובירט דערמאָנען אין אַ זינד, וואָס זי זאָל האָבן באַגאַנגען, און ניט געקאָנט. זי איז געווען געטריי איר מאַן און דעם הייליקן גלויבן. זי האָט אירע צוויי קינדער געפירט אויפן גלייכן וועג... אמת, אויפן יאַריד אין שטעטל האָט זי איינמאָל צוגעגנבעט אַ גוטע פאַטשיילע און אַן אַנדערש מאָל — אַ בייגל. אָבער מער ווי די צוויי מאָל האָט זי ניט געגנבעט, ניט פריער און ניט שפּעטער. סיידן זי געדענקט ניט...

די שכנה האָט געקוקט אויף כאַריטינען, ווי זי וואָלט איר שכל פאַר־לוירן. זי איז אַרויס מיט אַ געוויין.

די צוויי „קומעכעס״ זיינען פאַרבליבן אַליין. כאַריטינע איז געלעגן אונטער דער טונקל־ברוינער דערע. דאָס האַריקע צודעק האָט זיך האַסטיק געהויבן און צוריקגעפאַלן. די קראַנקע האָט געשוויגן. זי האָט צוגעשלאָסן די אויגן און זיי ניט געעפנט. זאָכוויע האָט געקוקט אויף דער באַוועגלעכער דערע און געוואַרט. אָט־אָט, האָט זיך איר געדאַכט, וועט דער צודעק אַראָפּ־פאַלן אויף דער שטאַרבנדיקער ברוסט, און זיך קיינמאָל מער ניט אויפהייבן, די אויגן וועלן זיך מער ניט עפענען. עס וועט ווערן שטיל, שרעקלעך שטיל. און נאָכדעם וועט אויסברעכן אַ גרויס געוויין, און די גלעקער אין קלויסטער וועלן קלינגען, און גוטע לייט וועלן וועלן וויסן, וואָס איז געשען מיט אַ קריסטלעכער נשמה, וועלכע האָט פאַרן פאַרלאָזן דעם זינדיקן גוף זיך גע־וואָלט מודה זיין פאַר אַ מענטשן, נאָך דער ווידוי פאַרן הייליקן גלח.

איצט האָט אויך זאָכוויע צוגעשלאָסן די אויגן. זי האָט דערפילט טרערן

פליסן איבער די באַקן. עס איז איר געוואָרן גרינגער. זי האָט מער ניט געזען דאָס פאַרענדערטע געזיכט, וואָס האָט אָנגענומען דאָס אויסזען פון אַ מאַסקע; זי האָט מער ניט געזען די טונקל־ברוינע דערע, וואָס וואַרפט זיך אָפּ און אויף.

זי האָט געוואַרט. דורך די צוגעמאַכטע אויגן האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי זעט ווי די דערע הייבט זיך מער ניט אויף. זי האָט אויפגעריסן די אויגן. כאַריטינע האָט געקוקט גלייך אויף איר.

— „קומאַ", — האָט זי שוואַך געבעטן — גיט מיר אַ גלאָז מילך.

האַסטיק איז זאַכוויע אַרויס אין דער קילער קאַמער און אַריינגעבראַכט די מילך. זי האָט געהאָלפן דער קראַנקער זיך אויפזעצן. מיט איין האַנט האָט זי צוגעהאַלטן די קומע, זי זאָל ניט צוריקפאַלן אויפן קישן און מיט דער אַנדערער — געהאַלטן די גלאָז ביי אירע ציטעריקע בלויע, פאַרטריקנטע ליפּן. כאַריטינע האָט געזופּט די פליסיקייט ווי דורך פאַרקלעמטע ציין, אָבער אויסגעטרונקען ביזן דעק. נאָכדעם האָט זי זיך געלייגט אויפן קישן און געזאָגט:

— אַצינד, קומאַ, קאָן איך זאָגן און שטאַרבן.

זי האָט ווידער צוגעשלאָסן די אויגן, אָבער באַלד זיי געעפנט און געזאָגט.

— קומאַ, קומאַ טייערע! — זי האָט שווער געאָטעמט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס זיינען אירע לעצטע ווערטער. זאַכוויע האָט זיך געצלמט און צוריקגעטראָטן אַ שפּאַן. אָבער כאַריטינע האָט פאַרגעזעצט: — קומאַ, איך וויל שטאַרבן, און קאָן ניט. דער טויט האָט ניט קיין שליטה איבער מיר. דער טויט וויל מיך מוטשען. און איך וויל שטאַרבן, שטאַרבן מיט אַ גרינג האַרץ. איך דאַרף... זי האָט זיך ווידער פאַרהאַקט און געשוויגן לענגער ווי פריער, אָבער ווייטער גערעדט: — איך דאַרף איר זאָלט מיר מוחל זיין. אָן אייער פאַרגעבונג קאָן איך ניט שטאַרבן! איך קאָן ניט!

— ... אַ יאָר, מער ווי אַ יאָר שוין, אַז איוואַן קומט צו מיר, אַלע פאַרטאָג קומט ער צו מיר. און אַ טאָג אידער איך בין פאַרשלאָפט געוואָרן, איז ער געווען מיט מיר...

זאַכוויע האָט מיט איין מאָל איבערגעריסן איר געוויין, ווי אַן אומגעזעענע האַנט וואָלט אָנגעקלאַפּט אין איר האַרצן, אַ פרעמדע האַנט, אַ קאַלטע און אַ שטרענגע, געקלאַפּט און געוועקט. עס איז געווען שווער צו גלויבן, עס איז געווען ווילד, פונעם זינען. זי האָט געקוקט אין דער קראַנקערס אויגן און זי שטום געפרעגט, און יענע האָט פאַרשטאַנען די קומאַ און ווידער געזאָגט:

— אמת, קומאַ, אמת... אַלץ, וואָס איך זאָג איז גאָטס אמת... זענט איר מוחל?

זאַכוויע האָט ניט געענטפערט. זי האָט אַ טראָט געטאָן צו דער טיר

אויף אַרויסצולויפן און שוין אויף דער שוועל זיך אַראָפּגעזעצט און זיך צעוויינט אַזוי הויך, אַז די שכנות האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפקומען טאָן דער טויטער איר רעכט. זיי האָבן איבערגעפילט דאָס שטיבל און געוואַרט. זאַכוויעס געוויין האָט זיי מיטגעריסן און אַלע פּויערטעס האָבן זיך צעלאָזט מיט אַ גרויסער קלאָג. זיי האָבן געוויינט און גערעדט און איינע איז דער צווייטער אַריינגעפאַלן אין די רייד. זיי האָבן אויסגערעכנט כאַריטינעס גרויסע מעלות און איר הויפּט־מעלה איז געווען איר יוגנט, איר בליענדיקע יוגנט, וואָס ווערט פון גאָט „אָן רחמנות פאַרשניטן". דאָ האָבן די פּויערטעס דערהערט אָנקומען פּאַראַסקע די קרומע. זי איז שוין אַלט געווען ווייט אַריבער די אַכציק און זי איז מערסטנס געלעגן אויף איר אויוון און גע־קרעכצט. טאָמער האָט זי דערשמעקט אַ „באַהעלטעניש", איז זי געלאָפן איבערן גאַנצן דאָרף מיט אַ געוויין און געהאָלפן באַקלאָגן די ביסטריוקער געשטאָרבענע. אָבער נאָך איידער פּאַראַסקע איז צוגעקומען און זיך אָנגע־שלאָסן אין כאָר פון די וויינערינס, האָבן די פּויערטעס דערזען, ווי כאַריטינע זעצט זיך אויף. זי האָט צוגעלייגט אַ פינגער צום מויל און ווי אַ גוטער, שטרענגער דיריגענט, אין אַן אויגנבליק, אַלעמען איינגעשטילט. פון וויטן האָט זיך בלויז געהערט פּאַראַסקעס שאַרפער געוויין, אָבער דאָ האָבן אַלע געהערט, ווי כאַריטינע האָט געזאָגט:

— איר דאַרפט מער ניט וויינען... מיר איז גרינג... איך האָב איר אַלץ געזאָגט. — זי האָט געוויזן אויף דער איינגעהויקערטער קומאַ, אויף דער שוועל פון דער אָפענער טיר — איצט גייט אַלע אַהיים און קומט צוריק, ווען מיין נשמה וועט זיין אין ליכטיקן הימל.

די פּויערטעס האָבן, ווי מענער, הויך געשנייצט די נעז, מיט די פּאָ־דעלקעס זיך געווישט די פּאַרוויינטע פּנימער און מיט בליקן, וואָס זיינען אַזוי נאַטירלעך פאַר אַלע פרויען פון אַלע קלאַסן פון אַלע לענדער און פון אַלע גראַדן בילדונג און שטאַנד, האָבן זיי זיך איבערגעקוקט, ווייל זיי אַלע האָבן מיט איין מאָל באַגריפן, אַז דאָס וואָס זיי האָבן ביז איצט געוואוסט, וויסט שוין אויך די, וואָס האָט עס ביז איצט ניט געאַנט. און אין אַלע אויגן האָט זיך מיט איין מאָל אָנגעצונדן אַ געל פייערל פון נייגיר און צופרידנקייט און מורא פאַר זינד...

זאַכוויע האָט דערפילט אַלעמענס בליקן אויף זיך. זי האָט זיך האַסטיק אויפגעהויבן, זיך געלאָזט אַוועקגיין און זיך אַזוי צערעוועט, אַז זי האָט מיט איר קול פאַרטויבט די אַלטע פּאַראַסקע.

*
**

די פּויערטעס האָבן זיך איינציקווייז אַרויסגעשאַרט. כאַריטינע איז גע־בליבן אַליין. די טיר איז געבליבן אָפן און אַ ליבע וואַרעמקייט האָט אַריינ־געשטראָמט דורך איר. פון דער ווייט האָבן זיך צו איר דערטראָגן די קלעפּ פון אָפאַנאַס' האַמער. דאָס האָט ער שוין געמאַכט איר טרונע. שפּעטער איז

אָנגעקומען אַנטאָן, און זי האָט געזען אין אים, אַז ער האָט ערגעץ אַריינגע־
גאָסן אין זיך בראָנפן. זי האָט אים בייז אָפּגעמאָסטן און געשאָלטן:

— נאָר סם זאָלסטו טרינקען, מאַן!

פון שרעק האָט זיך די שיכרות אין אים גענומען אויסוועפן: די טרונע
איז שוין באַלד פאַרטיק, דעם גלאָקן־קלינגער האָט ער שוין באַצאָלט צוויי
קופּערנע צענערס, ער זאָל קלינגען נאָך כאַריטינעס נשמה, און זי שילט זיך
גאָר. ער האָט זיך מיט אַ שווערער צונג באַלעקט און דערפילט דעם טעם
פון בראָנפן אין די האַרטע וואָנציעס... שוין ביים גלח געווען, דעם דיאַקאָן
מיטן דיאַק באַשטעלט און דער לערער פון דער שקאָלע האָט אים צוגע־
זאָגט דעם קינדער־כאָר צו דער „באַהעלטעניש"... אַלץ איז שוין געווען
גרייט... ער האָט שוין געוואוסט, אין וואָס זי האָט זיך מודה געווען פאַר
זאָכויען. דער גלח האָט איר מוחל געווען, גאָט האָט איר פאַרגעבן, זאָכויע
האָט איר מוחל געווען, און ער?... ער האָט פון איבערראַשונג, פּלוצעמ־
דיקן כעס און פאַרלוירנקייט זיך אַליין אָנגערופן „הינטישער זון" און אַריינ־
געגאָסן אין זיך אַ סאַראַקאָווקע שפּירט. „נו, האָט ער געקלערט טרינקענדיק
די ברענענדיקע פליסיקייט, איצט, אַנטאָן, איז דיין ריי מוחל צו זיין דיין ווייב,
פאַרבייסן די ציין ביז בלוט און זיך מאַכן האַרט, זי „באַהאַלטן" און — אַן עק
זאָל עס נעמען!... ער האָט געטרונקען, זיך געצלמט און אָן אויפהער
ווידערהאָלט: „מוחל, ווייב, מוחל!"

ער האָט דאָס וואָרט „מוחל" געזאָגט, אַ גאַנצן וועג, גייענדיק אַהיים
און ניט געוואוסט, צי ווערט אים דערפון גרינגער, צי גאָר שווערער...

און אָט איז ער אַריין און זי האָט אים מכבד געווען מיט אַ קללה. די
האַנט האָט אים געביסן איר דערלאַנגען אַ זעץ, אָבער די ווייב האָט אויס־
געזען אַזוי קראַנק, אַז ער האָט גאָרניט געטאָן. ער איז אַרויס אין דרויסן,
אַוועק אין שייער און זיך אַ וואָרף געטאָן אין דער שטרוי וואַרטן, עס זאָל שוין
נעמען אַן עק.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען פינצטער.

— אוי! — האָט ער אויסגערופן — פאַרשלאָפן מיין ווייבס באַהעל־
טעניש!

ער האָט זיך געלאָזט צו דער שטוב און באַמערקט די אָפּשפּיגלונג פון
פייער־פלאַם אין פענצטער. ער איז אַריין און דערזען כאַריטינען. זי האָט
זיך אָנגעהאַלטן מיט ביידע הענט ביים פריפּעטשיק, ווי אויף אומצופאַלן,
אָבער אַ פרישער, זודיקער באָרשטש און אַ קאַשע אין דער מילך האָבן פאַר
שמעקט דאָס גאַנצע שטיבל. דאָס איז געווען אַזוי גוט, אַז בעסער פון דעם
האָט גאָרנישט געקאָנט זיין און ער האָט געזאָגט:

— נו, ווייב, גאָט און לייט האָבן דיר מוחל געווען!

און ער האָט זיך באַלד געזעצט עסן.

***

עס איז אַריבער דער ליבער יום־טוב פּסח. די טיפֿע פֿרילינג בלאָטעס האָבן זיך שוין באַלד געהאַט אויסגעטריקנט. די ווייכע ערד האָט זיך געבויגן אונטער די שווערע רעדער פֿון פֿויערשע וועגענער, פֿי און מענטש. זי האָט זיך אויפֿן וועג געהאַרטעוועט און אָפּגעפּרעסט שפּורן פֿון אַלץ, וואָס האָט זיך אויף איר געשטעלט. ביינאַכט איז די גאַס אין ביסטריוקע געווען דורכגענומען ווי אַלץ אַרום, פֿון אַ געדיכטער ראָסע, בייטאָג — געוואַרעמט פֿון דער זון, און נאָר דער וואָס איז אומגעגאַנגען באָרוועס, האָט געקאָנט פֿילן די גוטע באַרירונג פֿון וואַרעמער ערד.

די גראָזן און ווילדגראָזן האָבן זיך געמערט און זיך געוויזן אין ערטער, וואו זיי זיינען קיינמאָל פֿריער ניט געוואַקסן. די בלעטער אויף די ביימער זיינען געוואָרן גרעסער און שווערער און די גרינקייט זייערע איז געוואָרן געדיכטער און טונקעלער. מיט געציילטע טעג צוריק האָבן די זעלבע ביימער, אין זוניקע טעג, אָפּגעדריקט אויף דער ערד שאָטנס פֿון ביימער־סקעלעטן, בלויז שטאַמען און צווייגן. איצט אָבער איז די גרין־געוואָרענע ערד, באַוואַקסן מיט יונגע גראָז, געווען דורכגענומען פֿון טונקעלע שאָטנס, וואָס האָבן אויפֿגעהיט אין זיך און אַרום זיך די נאַכטיקע קילקייט און די נאַכטיקע רו.

כאַריטינע איז אינגאַנצן געזונט געוואָרן, אָבער די דאָרפֿסמענטשן האָבן נאָך אַלץ ניט אויפֿגעהערט צו ריידן פֿון דער אומגעוויינלעכער געשעעניש, וואָס איז זיך מיט איר פֿאַרלאָפֿן און אַרומגעוויקלט מיט אַ מאָדנער אומקלאָרער און אומדערמידלעכער פֿראַגע איר מאַן, אַנטאָן און אירע גוטע קומעס, איוואַן מיט זיין ווייב, זאַכוויע.

ביסטריוקע האָט די פֿיר איינגעטיילט אין צוויי גרופּעס: די זינדיקע כאַריטינע און איוואַן און די געליטענע זאַכוויע און אַנטאָן.

די געשפּרעכן וועגן די פֿיר האָבן זיך געפֿירט ביי דער אַרבעט אויף די פֿעלדער, אויף די גערטנער און באַזונדער, ביי די קרעניצעס, וואו פֿויערטעס זיינען זיך צונויפֿגעקומען שעפּן וואַסער. און ניט איין מאָל איז אַ גרופּע באַריידערקעס שטיין געבליבן פֿאַרשטומט, ווען זיי האָבן פֿון וויטן דערזען אָנקומען נאָך וואַסער די זינדיקע און די געליטענע.

אַלע האָבן געוואָלט זיין זיכער אין איין זאַך: צי האָט זאַכוויעווירקלעך מוחל געווען כאַריטינען. מען האָט זיך געפֿרעגט, מען האָט יענעם געפֿרעגט: „וואָלט איך איר מוחל געווען?" „וואָלסטו איר מוחל געווען?" אויף ביין האָט מען באַלד צוגעשטימט, אויף יאָ, — ניט. דערויף האָבן די יאָ־זאָגער געהאַט אַ גוטן באַווייז, הלמאי זאַכוויע? נאָר די ניין־זאָגערינס האָבן צוריקגעשלאָגן: עס איז בלויז לפֿנים, האָבן זיי געטענהט. זי וועט זי ווען עס איז אָפּגיסן מיט זודיק וואַסער, אָדער זי בלינד מאַכן מיט אַ פֿלעשל אַלין.

ביי דער קרעניצע האָט זיך אויך געוויזן מינדל, די גוטע שטאָטישע יידישקע, וואָס לייענט ביכלעך אין די שבתים און ווייסט אַ סך זאַכן, וואָס דאָס פּראָסטע פאָלק ווייסט ניט. האָט מען זיך געווענדט צו איר נאָך אַן ענטפער. און זי, וואָס האָט קיינמאָל פריער ניט אַרויסגעוויזן קיין צווייפל, האָט זיך איצט געוואַקלט און גערעדט ניט קלאָר.

מינדל איז ווירקלעך געווען אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט. דער לערער, דער שוואַרצאויגיקער סטודענט, פאַניטש איז שוין די דריטע וואָך געווען צוריק אין ביסטריוועקע און פאַרגעזעצט דאָס לערנען מיט די קינדער און דאָס נאָכקוקן איר. דעם פלוצעמדיקן קוש, וואָס ער האָט איר, קעגן איר ווילן (אין דעם איז זי געווען זיכער) געגעבן ערב פּסח אין פאַרהייזל, האָט זי אַזוי צעטומלט, אַז זי האָט זיך דערשראָקן פאַר זיך אַליין. זי האָט אין שרעק געפילט, אַז די דערמאָנונג וועגן דעם, אָנשטאָט איינשרימפּן, וואַקסט גאָר אין איר, ווערט גרעסער און שווערער און שטערט איר צו לעבן רואיק און פרידלעך, ווי ביז איצט.

„מיין געוויסן איז ריין"! האָט זי זיך ניט אויפגעהערט צו זאָגן. ניט איך בין די זינד באַגאַנגען, ניט איך האָב געטראַכט דערפון, ניט איך האָב געהאַט דעם מינדסטן פאַרלאַנג דערצו... יאָ, אָבער איך האָב ניט אַרויס־געוויזן קיין ווידערשטאַנד, ניט אַפילו אָפּגעזידלט. איז וואָס טראַכט ער וועגן מיר? קלערט ער זיך, אַז מען קאָן אַזוי זיך, מיר ניט, דיר ניט, צופאַלן צו מיר און מיך קושן? אפשר דענקט ער, אַז איך בין פון יענע ווייבעלעך, האַ?"

אַ כעס האָט זי געשטיקט און זי האָט געוואָלט, ביז ווייטיק געוואָלט אים זאָגן, אים אַריינזאָגן, אַזוי אַז עס זאָל אים ווערן „ווייסט און פינצטער".

דערויף האָט זי דאָך באַדאַרפט בלייבן מיט אים אַליין. און דאָס איז געווען עפּעס, פאַרוואָס זי האָט מורא געהאַט. זי האָט די ערשטע פאָר טעג נאָך יענעם קוש אין פאַרהייזל ניט געקאָנט קוקן שעיה מאַטיען אין די אויגן, און ווייל זי האָט עס ניט געקאָנט טאָן, האָט זי וואָס אָפטער פאַרקוקט צו אים צו זיין זיכער, אַז ער ווייסט גאָרניט. זי איז געווען זייער, זייער זיכער אין דעם, און דאָך אַלע ווײַלע געכאַפּט אַ קוק צום מאַן. ביז ער האָט איין מאָל אַ פרעג געטאָן:

— זעסט עפּעס אויף מיר?

און גלייך האָט זי צוגעטראַכט אַ ליגן:

— מיר דאַכט זיך, אַז איך זע אַ „גראָווע" האָר אין דיין באָרד.

— אַ דאגה דיר, — האָט ער געענטפערט, — איך ווער ניט יינגער...

אויף איר שווערער מחשבה האָט זיך איצט געלייגט אַ ליגן, אַ שפּאָגל־נייער ליגן. זי האָט שוין מער ניט געקוקט אויף אים. זי האָט אויך אויסגע־מיטן צו קוקן אויפן סטודענט, באַזונדער אין די טעג, ווען דער מאַן איז אין דער היים ניט געווען. אָבער אין יענע טעג איז דער פאַרלאַנג זיך מיט אים

דורכצורעדן געווען אַזוי שטאַרק, אַז זי האָט זיך ניט געקאָנט באַהערשן, און זי האָט פאַרקוקט צו אים און דערזען אַ פּאָר פרעגנדיקע, בעטנדיקע אויגן, אונטער געדיכטע, שוואַרצע ברעמען. דאָס האַרץ האָט איר געיאָגט, און זי איז געווען זיכער, אַז דאָס איז פון כעס. זי האָט זיך איין מאָל פאַרלוירן, און, די קינדער אין די אויגן, אויסגערופן:

— וואָס קוקט איר? (זי האָט ניט געזאָגט „אויף מיר”).

— אָך, — האָט ער אויסגעשריגן, ווי פון ווייטיק — אַנטשולדיקט!

זי איז אַרויס פון דער שטוב, זיך באַהאַלטן אין גאָרטן און דאָרט געוואַרט ביז זי האָט אים דערזען אַוועקגיין. אָבער אין דער באַהעלטעניש האָט זי געטראַכט, אַז זי מוז אים זאָגן, וואָס זי האָט אים צו זאָגן, און זאָל ער וויסן, אַז זי איז ניט פון יענע...

און אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען צוויי וואָכן נאָכאַנאַנד: בשעת דער מאַן איז געווען אין הויז, האָבן זיך אירע בליקן באַגעגנט מיטן סטודענט אָן בייז־קייט; אין די טעג אָבער, ווען שעיה מאָטיע איז ניט געווען, האָבן אירע קלײנע ברוינע אויגן געשאָסן מיט פונקען בריאיקן האַס און פאַרדראָס. ביז איין מאָל, עס איז געווען באַלד נאָכן לערנען, אַרום עלף אַזייגער אין דער פרי, האָט פּאַניטש, בייטנדיק זיך אין פּנים, שטרענג און באַפעלעריש, נאָר ווי אַ גוטער לערער קאָן אַ זאָג טאָן, זיך געווענדט צו די קינדער:

— איך דאַרף עפּעס רעדן מיט אייער מאַמען. גייט אַרויס אין דרויסן און וואַרט, ביז איך וועל אייך אַריינרופן.

די קינדער האָבן אַ קוק געטאָן אויף דעם לערער און זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג. מינדעלע איז געשטאַנען און אין שרעק געבעטן גאָט, אַז די קינדער זאָלן איצט ניט זען איר פּנים.

זי איז געווען אַליין. מיט אים אַליין, און זי האָט איצט געקאָנט זאָגן, וואָס זי האָט אַזוי שטאַרק געוואָלט. ער האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין שטול און געמאַכט אַ טריט צו איר. זי האָט אויפגעהויבן די הענט אין די פאַרקאַ־שערטע אַרבל ביז איבער די שיינע עלנבויגנס אַקעגן אים, ווי זי וואָלט זיך פאַרטיידיקט קעגן אַן אָנגריף.

— קינדער! — האָט זי געוואָלט שרייען — קינדער! אָבער זי האָט עס ניט געטאָן. זי האָט געזען, ווי ער קומט צו נעענטער און נעענטער, ווי זיינע לאַנגע אָרעמס ציען זיך צו איר. דערפון האָבן זיך די אַרבל פון זיין רעקל פאַררוקט אַרויף און עס האָבן געגלאַנצט די שיינע זאַפּאָנקעס אויף די מאַנזשעטן. עס האָט געדויערט אַזוי לאַנג, ווי דעמאָלט, אין פאַרהייזל, און ער איז שוין געווען לעבן איר. ער האָט זי אַרומגענומען און זי האָט ווידער דערפילט דעם ברי פון זיינע הייסע ליפּן. זי האָט אים אָפּגעשטויסן פון זיך און געזאָגט:

— וואו האָט זיך צו אייך גענומען די העזה?

ער האָט שולדיק אָנגעבויגן דעם שוואַרץ־געקרויזטן קאָפּ און געשוויגן,

און זי האָט גערעדט און גערעדט. זי האָט אים געזאָגט אַ סך מער, ווי זי האָט געוואָלט. ער האָט איר ניט דערווידערט. ער האָט אַזוי, פון אונטן אַרויף געקוקט אויף איר קינדיש פּנים, אויף די קינדערשע קליינע בעקעלעך, אויפן קליינעם גאָמבעלע, אויף די פולע, ראָזאָווע ליפּלעך און ענדלעך, אין עקסטאַז אויסגערופן:

— אָ, איר ווייסט גאָרניט, ווי כעס פאַסט אייך! — ער האָט זי ווידער געקושט און הייס געפּליסטערט: — אַ וואונדערלעכן טעם האָבן אייערע בעקעלעך! נאָר אַ קינד קאָן אַזוי שמעקן. טשודיעסנאַ! האָט ער הייס געפּליסטערט אין רוסיש — בלאַזשענסטוואָ, בלאַזשענסטוואָ דאַ אי טאָלקאָ! (אַ ברכה).

צווישן זיינע רויטע ליפּן האָבן די ווייסע ציין געבלענדט.

— איך וועל עס אייך קיינמאָל ניט מוחל זיין! — האָט זי געזאָגט, זיך אַרויסגעריסן פון אים און אַוועק אין דער פינצטערער קאַמער, וואו עס איז געווען די קראָם.

ער האָט אַריינגערופן די קינדער און זיי געזאָגט וואָס צוצוגרייטן אויף מאָרגן.

— צו אייער מוטער — האָט ער געזאָגט אַזוי הויך, אַז זי זאָל הערן אין קאַמער אַריין — האָב איך ראַפּאָרטירט וועגן אייער לערנען און וועגן אייער אויפפיר, און זי איז געבליבן צופרידן.

***

ביסטריוווקע איז אַלץ מער און מער אַריין אינעם געוויינלעכן שטראָם פונעם לעבן. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אין דעם דאָזיקן רואיקן, שטילן דאָרף וועט אַלץ גיין מיטן אייביקן גאַנג, ווי דורות און דורות ביז אַהער: יעדער זמן פון יאָר מיט זיינע וועטערן, מיט זיינע מילדקייטן און בייזקייטן; יעדער מענטש אין דאָרף ביי זיין אַרבעט, לויט זיין הייליקן גלויבן, די פּויערים מיט זייערע חגאות און די יידן מיט זייער ימים־טובים. דער יידישער קאָוואַל וועט שמידן די פּויערשע פערד און וועגענער; דער יידישער שוסטער וועט נייען שטיוול. דער יידישער פאַרבער וועט פאַרבן די וואָל אויף שיינע ראַשיקע קאָלירן. די דריי יידישע קרעמער וועלן צושטעלן פאַרן דאָרף אַלץ, אין וואָס זיי נייטיקן זיך און שעיה מאַטיע וועט אויך ווייטער פון צייט צו צייט פאַרקויפן כשר פליש ניט נאָר די יידן, נאָר אויך די געטויפטע לייט. פּויערים וועלן אַקערן, זייען און שניידן, פאָרן אויף יאַרידן, שיכורן און שלאָגן די ווייבער. זומער וועלן די קליינוואַרג פאַשען די פי און ווינטער וועלן זיי לערנען אין שקאָלע, און די פּויערים, וואָס אַרבעטן אין דער צוקער־פאַבריק, וועלן שוין דאָרט אָפּאַרבעטן אַלע זייערע יאָרן.

אַזוי איז זיך שעיה מאַטיע געשטאַנען ביי זיך אין שטיבל אין אַ זומער

פאַרטאָג אין זיין טלית און תפילין און אין דער פינצטער געדאַווענט אויף אויסנווייניק. און ער האָט דערהערט אַנטאָנען אַרויסגיין פונעם הויף צו דער אַרבעט און באַלד נאָכדעם די גוט־באַקאַנטע טריט פון זיין „קום״, איוואַן, וועלכער איז דורכן גאָרטן אָנגעקומען צו כאַריטינען.

אויף דעם האָט זיך דער ייד ניט געריכט. ער האָט שטיל געפּליסטערט דאָס דאַוונען און זיך איינגעהערט... אפשר דאַכט זיך עס אים?... ער איז צו צום טונקל־בלויען פענצטערל און זיך איינגעקוקט. און אינעם הויכן סילועט ביי דער טיר פון אַנטאָנס שטיבל דערקענט איוואַנען. באַלד האָט זיך די טיר געעפנט, און ער איז אַריין אינעווייניק.

— טפו זאָלט איר אַלע ווערן! — האָט שעיה מאָטיע מיט כעס געזאָגט.

מינדעלע האָט זיך דורכגעוואָרפן און געפרעגט: צו וועמען ער רעדט?

— האָסטו זיך אויף דעם געריכט? — האָט ער בייז גערעדט.

— וואָס ביסטו ברוגז? — האָט זי זיך געחידושט.

— אָט איז איוואַנצי ווידער דאָ ביי איר... טפו זאָלט איר אַלע ווערן!

זי האָט אים ניט געענטפערט, ווייל זי איז געווען זיכער, אַז, הגם ער ווייסט ניט, איז אין די „אַלע״ נעמט ער זי אויך אַריין.

— נו, — האָט ער געמאָנט — וואָס זאָגסטו עפּעס?

— איך וויל שלאָפן, — האָט זי זיך געבעטן.

ער האָט זיך געשטעלט דאַוונען, און זי איז געלעגן אין בעט, ביז ער איז אַוועקגעפאָרן אויפן יאַריד.

אַרום אַ שעה נאָכדעם איז אַריין כאַריטינע. איר פּנים איז געווען פול, בלוילעך־רויט. די שיינע אויגן אַ ביסל פאַרשלאָפן. זי האָט זיך געקלאָגט, אַז עס דורשט זי און זי האָט פאַרלאַנגט אַ פלאַש קוואַס. מינדל האָט, אויפן פאַרלאַנג פון דער שכנה, אויפגעשטעקט דעם שטאַרקן געטראַנק. כאַריטינע האָט געטרונקען פון דער גרינער פלאַש. די פליסיקייט האָט זיך געגאָסן אין דער פויערטעס ברייטלעך מויל און דורכגעפלייצט איר שלונג מיט אַן אָפּ־שטויסנדיקן קלאַנג. און ניט נאָר דער קלאַנג פון דער פויערטעס שלינגען איז געווען דערווידער — איר גאַנצער אויסזען, אַ זאַטער, אַ פאַרשלאָפענער און אַן אָפּגעלאָזענער, איר פול־געוואָרענער קערפּער, איר אָטעמדיקער בויך, וואָס האָט זיך אָנגעבלאָזן און איינגעצויגן, לויטן טאַקט פון איר שלינגען, איר אויסגעשטרעקטער רעכטער אָרעם אין דער לופטן, מיט אַלע פינף פינגער אַרום דער גרינער פלאַש, איר הענגענדיקער ליבקער אָרעם אַרונטער און באַזונדער, דער אויסדרוק פון אירע שיינע דורשטיקע אויגן... מינדל האָט געזען, ווי די פליסיקייט אין פלאַש ווערט קלענער און פאַרשווינדט. זי האָט דערוואַרט, אַז כאַריטינע וועט באַלד אָנהייבן רעדן, פרעגן. אָבער די שכנה האָט זיך בלויז געקוויקט אויף אַ קול, מיט אַ זעץ אַוועקגעשטעלט די פלאַש אויפן טיש, אָפּגעווישט די ליפּן און די שיינע רונדע גאָמבע, מיט דער היפּ־שער האַנט און בלויז געזאָגט:

— אוי, מיין בויך!

כאריטינע איז אַרויס. מינדל האָט זיך „געגומען צו זיך אַליין". אין דער פויערטע האָט זי זיך מיט איין מאָל דערזען פונקט אַזוי, ווי זי איז ווירקלעך געווען... איז זי מינדעלע, טאַקע געווען אַזוי ווי די שכנה? זי האָט זיך פאַרגעשטעלט, ווי פאַניטש איז שוין מיט איר אַזוי, ווי איוואַן מיט כאַריטינען... ווי סע דורשט זי און זי טרינקט דעם זעלבן קוואַס... וויפל האָט געפעלט, אַז זי זאָל האַנדלען אַזוי ווי די פויערטע?

קוים האָט דער סטודענט איין מאָל געפוּעלט ביי זיך, און ווי עס זעט אויס, אויך ביי איר, אַז ער קען זי דריקן צו זיך און זי קושן ביי דער ערשטער געלעגנהייט, קאָן ער באַשליסן מאַכן אַ שריט ווייטער... ניין, ניין, ניין! דאָס טאָר ניט געשען!

„איך בין ניט כאַריטינע, האָט זיך דאָס יידישע ווייבל געשטאַרקט, און איך וועל צעטרעטן, דערשטיקן די פונקען, איידער זיי ברעכן אויס אין אַ פייער!"

„אַ העזה פון אַ יונגאַטש! — האָט זי ווייטער געקלערט — זיך וואַגן אויף אַזאַ שריט! ווער, מיינט ער, בין איך? „ווער, האָט זי זיך אין די געדאַנקען געווענדט צו פאַניטשן, ווער מיינסטו, בין איך דיר, כאַריטינע, צי וואָס? קאָנסט זיך גיין צו איר און שלאָגן קאָפּ אין דער וואַנט מיט איר אינאיינעם... אָבער, אָבער צו מיר — ניע סמעי! דו הערסט? ניט וואַג, זאָג איך דיר!" זי האָט געכאַפּט די ליידיקע פלאַש און מיט איר אַ זעץ געטאָן אַן טיש. זי איז אַריין אין הויז. זי האָט געגעבן די קינדער איבערבייסן און זיי צוגעגרייט צום לערנען. זי האָט באַדאַרפט צושטעלן קאָכן, אָבער זי האָט זיך ניט געקאָנט נעמען צו דער אַרבעט. זי איז אַרויס אין גאָרטן אַ פּאָר מינוט, איידער פאַניטש האָט באַדאַרפט אָנקומען.

זי איז אַריין אין שטאַל און פון דאָרט געזען דעם סטודענט אַריינקומען אין שטוב.

זי איז באַלד אַרויס אין גאָרטן. עס איז געווען פריער זומער. די ווינשלביימער האָבן שוין געהאַט אָפּגעבליט און צווישן די בלעטער אויף זייערע צווייגן האָבן זיך שוין געזען די גרינע זעלפּעפּעכעס. זייער גרינקייט איז געווען העלער פון די בלעטער, ליכטיקער און גלאַנציקער. מינדל האָט אָפּגעריסן אַ זעלפּעפּעכע און זי צוגעטוליעט צו די ליפּן. פון אָט דער קליינער, צוקונפטיקער ווייניקער פרי האָט געזעצט מיט אַזאַ זויערקייט, אַז די פרוי האָט מורא געהאַט איינצובייסן.

זי איז אַזוי, מיט דער סטעזשקע, געגאַנגען צו די פעלדער. ביים ריוו, וואָס האָט אָפּגעטיילט דעם גאָרטן פון די פעלדער, האָט זיך מינדל אָפּגעשטעלט. זי האָט געקוקט אויף דער זעלפּעפּעכע, ווי זי וואָלט איר געהאָלפן קלערן און עפּעס צוקלערן. זי האָט זי מיט כעס אַ שמיץ געטאָן און געזאָגט: „אָדער היינט, אָדער קיינמאָל ניסט!" שעיה מאַטיעס אויסגעשריי "טפו זאָלט איר ווערן!" און נאָכדעם כאַריטינעס טרינקען דעם קוואַס, האָבן זי

ניט געלאָזט רוען. זי וועט זיך ניט אומקערן אַהיים, ביז זי וועט ניט צוטראַכטן אַזוינס, אײדער דער סטודענט האָט געוואָגט. זי האָט נאָך אַלץ ניט געקאָנט באַגרײַפן זײַן געוואַגטקייט. דאָס האָט זי פֿאַרדראָסן נאָך מער, ווי זײַנע קושן. זי האָט זיך געפֿילט פֿאַרשעמט, דערנידעריקט, דערנידעריקט מער ווי פֿאַר־שעמט... זי האָט זיך מיט מורא דערמאָנט אָן דער פֿאַרגאַנגענהייט און די צוקונפֿט האָט זי נאָך מער געשראָקן.

„אויב, האָט זי געזאָגט, איך וועל ניט מאַכן אַן עק דערצו, וועט עס זײַן מײַן שולד, מײַנע און מער קיינעמס ניט! איך האָב זיך ניט געשטעלט אַקעגן. ער האָט מיך געדריקט צו זיך און איך האָב זיך געהאַלטן, ווי אַ בהמה. אַ קו בין איך און ניט מער. די פּויערים קוקן אויף מיר, ווי אויף אַ געלערנטער, אַ וויסערקע; די פּויערטעס באַוואונדערן מײַן שיינקייט און מײַן צניעות, מײַן מאַן איז זיכער, אַז ער האָט אַרײַנגעכאַפּט אַן אבן טוב, אַפֿילו דער לערער גיט מיר אָפּ כבוד... ווער בין איך איצט? וואָס פֿאַר אַ פּנים וועל איך האָבן ביי זיך און ביי יענעם? ניין, ניין, ניין!"

וואָס ניין, וואָס יאָ? זי האָט פֿאַרקלעמט די ציין אין מויל און די פֿינ־גער אין אירע הענט. זי האָט ממש געפֿילט, ווי אַלע אירע מחשבות ריינען אויס און אַ ליידיקייט פֿילט זי אינגאַנצן אָן. „מאָרגן", האָט זי מיט איין מאָל אַ קלער געטאָן און זיך דערשראָקן. זי האָט שוין נאָכגעגעבן. אָט דאָ וועט זי שטיין... ביז וואַנען וועט זי שטיין? ניין, ניין, ניט מאָרגן, נאָר הײַנט, שוין, שוין! זי וויסט דאָך ניט וואָס צו טאָן. וועט זי גייענדיק צוריק אין הויז אַריין קלערן. און אויב זי וועט אויפֿן וועג ניט צוקלערן, וועט זי אַרײַנקומען אין הויז און אַ קוק טאָן אויף פֿאַניטשן... אפֿשר וועט איר גאָט צושיקן אַ גוטן געדאַנק?

אַליין ניט וויסנדיק אויף וואָס זי האָפֿט, איז זי מיט דער גאָרטן־סטעזשקע געגאַנגען צוריק אין שטוב. זי האָט נאָך פֿון ווייטן דערהערט דעם לערערס שטימע און די שטימען פֿון אירע קינדער. זי האָט זיך מורא גע־האָט אָפּשטעלן. באַלד איז געקומען די דערמאָנונג פֿון ערב פּסח... וואָלט פֿאַניטש מער קיינמאָל צוריק ניט געקומען, וואָלט פֿון זײַן העזה און פֿון איר פֿאַרדראָס עפּעס געוווען פֿאַרבליבן אויף שטענדיק אין האַרצן. עס וואָלט געווען פֿאַרהיילט און סע וואָלט געווען גוט זיך צו דערמאָנען. איצט אָבער, איצט... זי איז אַריין אין שטוב. זי האָט אויסגעמיטן צו קוקן פֿאַניטשן אין די אויגן. ער האָט ניט געוואַרט, זי זאָל אים זאָגן „גוט מאָרגן" און ער האָט זיך דער ערשטער געגריסט. זי האָט קוים געענטפֿערט און זיך גענומען אײַנהייצן דעם אויוון.

ער איז אָנגעגאַנגען מיטן לערנען. זי האָט אָבער געפֿילט, ווי זײַן שטים וויברירט און זײַן בליק בריט זי.

זי האָט אָנגעצונדן אַ זשמוט שטרוי און אים, אַ רויכערנדיקן, אַרײַנ־געלייגט אין אויוון. דער פֿאַרדרייטער זשמוט האָט זיך אויפֿגעדרייט און אַ זעץ געטאָן מיט אַ שפּרינגענדיקן געלן פֿלאַם.

מינדל האָט זיך צוגעבויגן צו דער ערד צו נעמען אַ צווייטן זשמוט שטרוי, און אַזוי מיט דער אויסגעשטרעקטער האַנט אַרונטערצו, געבליבן שטיין. „אָט דאָס איז עס!" האָט זי אין זיך פון פרייד אויסגעשריגן. ער טאָר דאָ מער ניט זיין! ער טאָר מער קיינמאָל אַהער ניט קומען... ס'טייטש, מע האָט דאָך אים אָנגעשטעלט אויף אַ זמן, ביז די ימים נוראים. וואָס וועט זיין? ווען מען אַרט עס וואָס סע וועט געשען? אַבי ער זאָל אַהער מער ניט קומען. גאָט באַהיט, מען זאָל זיי פּאַקן אינאיינעם, וועט ער דאָך מוזן אַוועק און דערצו נאָך מיט גרויס בזיון. איז שוין גלייכער איצט, שוין!...

זי האָט זיך אויפגעשטעלט, אויסגעגלייכט און געקוקט אויף אים. ער האָט פאַרחידושט איר געענטפערט מיט געבעט און מיט דאַנק... זינט ער האָט זי צום ערשטן מאָל געקושט, איז אים אין די אויגן געבליבן ליגן אַ דאַנק. זי האָט דעם צווייטן זשמוט שטרוי ניט געמאַכט. דער ערשטער אין אויוון האָט זיך שוין געלאָשן. זי האָט זיך געווענדט צו די קינדער: (ער האָט איר שטים ניט דערקענט).

— קינדער, איך וויל עפּעס רעדן מיטן הער לערער. איר גייט גלייך אַרויס אין דרויסן.

די קינדער זיינען מיט פרייד אַרויס.

פּאַניטש האָט מיט יענער מילדער שיין פון דאַנק, וואָס איז געבליבן אין זיינע אויגן, פאַרקוקט צו מינדלען. ווי נאָר די קינדער זיינען אַרויס, האָט ער זיך געוואָלט לאָזן צו איר. דאָ האָט ער דערזען, ווי זי גייט צו אים... דער אויסדרוק פון דאַנק האָט זיך אין זיין בליק פאַרענדערט. עס איז געווען חידוש, איבעראַשונג, שיר ניט שרעק. וואָס קומט דאָ פאָר? וואָס וועט דאָ באַלד געשען?

זי איז שוין געשטאַנען לעבן אים אַזוי נאָענט און דאָך ווייט, ווייל זי האָט אויסגערעכנט, אַז ווען ער וועט אַפילו אויסשטרעקן זיין אָרעם, זאָל זיין האַנט זי ניט קאָנען גרייכן. זי האָט גוט אויסגערעכנט. ער האָט ווירקלעך אויסגעשטרעקט זיין אָרעם. זי האָט אים בייז און שטרענג אָפּגעמאָסטן און געפרעגט:

— גאָספּאָדין אוטשיטיעל איר האָט מיך ליב?

ער האָט אַזאַ פראַגע ניט דערוואַרט און זיך אַ ווײלע געקווענקלט.

— וואָס שוויגט איר? — האָט זי אים געמונטערט.

— איך זאָגן דעם אמת. — האָט ער ניט זיכער געענטפערט — איך האָב זיך אויף אַזאַ פראַגע ניט געריכט... און חוץ דעם, אייער אויסזען... איך דערקען אייך ניט.

— ביין, גאָספּאָדין אוטשיטיעל — האָט זי געזאָגט. — היינט ערשט וועט איר מיך דערקענען.

ער האָט געקוקט אויף איר שיין, ווירדיק פּנים. ער האָט זיך אַ הויב אויף געטאָן, אָבער זי האָט מיט אַ טופּ פון איר פוס אָן ערדענעם דיל אים באַפוילן צו זיצן. ער האָט זיך באַליידיקט. אויף רוסיש האָט ער געפרעגט:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ טאָן ?
— איר האָט געמעגט מיך באַליידיקן ?
— איך איך ?! — האָט ער איר איבערגעשלאָגן די רייד.
— יאָ, איר — מיך. געקראָכן מיט אייערע קושן. האָט איר מיך גע־פרעגט, צי איך וויל זיך קושן מיט אייך ? איז דאָס ניט קיין באַליידיקונג ?
אירע ברוינע אויגן זיינען געווען שטרענג און בייז און די ציין אירע האָבן געשעמערירט מיט זייער ווייסקייט, גרייט אַ ביס צו טאָן.
— אָ, — האָט ער אויסגערופן, — איר זייט אַזוי שיין, אַזוי שיין !
— שעמט זיך — האָט זי געזאָגט. — איצטער ענטפערט מיר אויף מיין פראַגע : האָט איר מיך כאַטש אַ ביסל ליב ?
— מער ווי אַ ביסל — האָט ער געזאָגט און זיך געגרייט צו מאַכן אַ דערקלערונג, אָבער זי האָט אים פאַרשטעלט דעם שטראָם רייד.
נו, — האָט זי געזאָגט און געוויזן אויפן נאָגל פון איר מינדסטן פינגער
— אויב איר האָט מיך כאַטש אויף אַזוי פיל ליב, פאָרט אַוועק פון דאַנען, איידער עס ווערט צו שפּעט.
— וואָס רעדט איר !? — האָט ער זיך ווי געבעטן ביי איר.
— דאָס וואָס איר הערט. פאָרט אַוועק און פאַרגעסט אין מיר, אין ביסטריוועקע... אַ בייזער חלום האָט זיך אייך געחלומט.
— איר ווייסט וואָס איר טוט ? — האָט ער געפרעגט. עס וועט דאָך אַרויסרופן אַ חשד.
— דערפאַר זאָרגט זיך ניט. איר זענט דאָך אַ קלוגער, אַ געלערנטער, טאָ טראַכט צו אַ תירוץ.
— העלפט מיר !
— איך וועל אייך העלפן.
זיי זיינען געבליבן שטיל. ער האָט געקוקט אויף איר מיט געבעט. אין זיינע אויגן האָט זיך שוין צוריק אָנגעהויבן צו ווייזן יענער גוט־באַקאַנטער גלאַנץ פון דאַנק. ענדלעך האָט ער געזאָגט :
— איך האָב ניט געוואוסט, אַז איר וועט עס נעמען אַזוי ערנסט.
— און ביי אייך, זעט אויס, איז עס אַ שפּאַס ?...
— נו, — האָט ער צוגעשטימט — איך פאָר. איך וועל ניט פאַרלוירן גיין. און וואָס וועט זיין דער תירוץ ?
— קלערט צו...
— דער קאָפּ דינט ניט.
— עמעצער איז קראַנק ביי אייך אין דער היים...
— זאָל גאָט היטן !
— זאָל גאָט היטן, — האָט זי אים אין טאָן געזאָגט, אָבער אַוועק פון דאַנען מוזט איר !
— איר קענט מיך ניט צווינגען !
— איך בעט אייך ! — האָט זי מיט איין מאָל זיך צעוויינט. איך בעט אייך !

זי איז צו צום פריפּעטשעק, אויסגעדרייט זיך מיטן פּנים צום אויוון און געוויינט. ער איז באַלד אויסגעוואַקסן לעבן איר און זי געוואָלט אַרומנעמען. זי האָט אים אָפּגעשטויסן פון זיך און געזאָגט:

— גייט שוין אַוועק!

— איין קוש! — האָט ער זי געבעטן. איין קוש צום געזעגענען זיך!

זי האָט אים גאָרנישט געענטפערט. זי איז צו צו דער טיר און זי געעפנט אין דער גאַנצער ברייט.

ער איז אַ פאַרשעמטער אַרויס.

***

דער תירוץ איז צוגעקלערט געוואָרן פון אים אַליין. ער האָט געזאָגט, אַז ער איז אַ פּריווילִיקער זעלנער און אים קאָן די אַרמיי רופן ווען זי וויל נאָר. רופן זיי אים איצט.

מינדעלע האָט געוואוסט, ווען ער פאָרט אַוועק. זי האָט אויך געוואוסט, אַז ער, דער סטודענט וועט אויסרעכענען אַ יאַריד־טאָג, ווען שעיה מאָטיע איז אין דער היים ניטאָ און דער לערער וועט זיך קומען מיט איר געזעגענען, כאָטש ער האָט זיך שוין אָפּגעזעגנט מיט דער גאַנצער משפּחה.

יענעם טאָג האָבן די קינדער, נאַטירלעך, ניט געלערנט. זיי האָבן זיך זיך געשפּילט ערגעץ ווייט, אין די גערטנער. מינדל איז געשטאַנעןביים פענצטער און אַרויסגעקוקט אויפן סטודענט. עס איז געווען אַרום צען אַזייגער אין דער פרי. ער האָט זיך ניט געוויזן.

„גאָט צו דאַנקען", האָט זי שטיל אין זיך געזאָגט און באַלד דערפילט, אַז זי זאָגט אַ ליגן, אַז זי וויל, ער זאָל יאָ אָנקומען, זי זאָל אים זען און אין זיינע אויגן זאָל זי ווידער דערבליקן יענעם גלאַנץ פון באַוואונדערונג פאַר איר שיינקייט און פון דאַנק. זיין באַוואונדערונג, זיין באַגייסטערטער בליק אין די שוואַרצע, ברייט און רונד־געוואָרענע אויגן, בשעת זיין קוקן אויף איר, האָבן זי געכישופט און זי שוואַך געמאַכט. אַ מורא האָט זי אָבער געדריקט, אַ מורא און אַ בזיון און די שרעק פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ כאריטינע... ניין, ניין... גוט האָט זי געטאָן.

„און דאָס האַרץ איז מיר גרינג, און דאָס האַרץ איז מיר גרינג" האָט זי זיך געטרייסט.

ער האָט זיך ניט געוויזן. שטיין און אַרויסקוקן איז איר געוואָרן שווערער און שווערער. אַוועק פון פענצטער, טאָמער קומט ער אָן און זי האָט ניט ווען צו באַהאַלטן זיך... איז זי געשטאַנען און געוואַרט, ביז עס איז אָנגעקומען אַ קונה אין קרעמל אַריין. דער קונה איז אַוועק, אַ צווייטער איז געקומען, אַ דריטער... נאָכדעם איז זי ווידער געבליבן אַליין, און ווידער ביים פענצטער... עס איז שוין באַלד אַריבער די עלפטע שעה. ער איז ניט געקומען. ערשט האָט זי דערפילט, אַז סע נאָגט איר „דאָס האַרץ". זי איז געווען שטאַרק הונגעריק. זי האָט עפּעס אויף גיך איבערגעכאַפּט און זיך גענומען צוצוגרייטן וועטשערע פאַרן מאַן.

עס איז געוואָרן צוועלף אַזייגער. די קינדער זיינען אַריין מיט אַ געוואַלט „עסן"! זי האָט זיי אָנגעהאָדעוועט. זיי זיינען צוריק אַוועק זיך שפּילן.

זי איז געבליבן אַליין. זי האָט פאַרגעזעצט איר קיך־אַרבעט. פון צייט צו צייט איז זי צו צום פענצטער און אַרום אַ צוואַנציק מינוט נאָך צוועלף האָט זי אים דערזען. „אָ! — האָט זי געקלערט. ווי אויסגערעכנט ער איז! פון צוועלף ביז צוויי איז מיטאָגצייט ביי די פויערים, און דעמאָלט וועט זיך קיינער פון זיי ניט ווייזן אין איר קראָם. אַ שעה עסן זיי און די אַנדערע שעה שלאָפן זיי. ערשט נאָך צוויי קאָן זיך צוריק באַווייזן אַ קונה".

זי איז אַרויס אויפן בוידעם און פון דאָרט, דורך דער שטרויענער עפענונג, נאָכגעקוקט פאַניטשן. ער איז צוגעקומען און לאַנג געקלאַפּט אין דער טיר. ער האָט זי אַפילו געעפנט, אָבער באַלד אַרויס אויפן הויף און זיך געלאָזט צום טויער. ער איז אַרויס דורכן קליינעם טירל דערביי און מיט דער שמאָלער שטויביקער גאַס זיך דערווייטערט.

מינדל האָט געזען, ווי ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך אומגעקוקט, אָפּ־געגאַנגען עטלעכע שפּאַן און זיך ווידער אָפּגעשטעלט. ענדלעך איז ער אַוועק. זי האָט געוואוסט אַז ער וועט זיין שווער רענצל ניט קאָנען פאַרטראָגן צום וואָקזאַל, זעקס ווירסט. זי האָט אַפילו געוואוסט, וועמען ער האָט גע־דונגען אים צופירן צו דער סטאַנציע. זי האָט זיך איינגעקוקט און געזען ווי ער דערווייטערט זיך.

שפּעטער איז זי אַראָפּ פון בוידעם און איז אַריין אין שטוב, זי האָט זיך איינגעהערט. עס האָט פון צייט צו צייט זיך דערטראָגן דאָס קלאַפּן פון אַ פויערשן וואָגן. זי האָט געוואַרט אויפן קלאַנג פון אַ בריטשקע, דעם בעל־גוף איוואַן טערעשטשענקאָס געלער שאַראַבאַן.

ווען זי האָט דערהערט דעם געוואונטשטן קלאַנג, האָט זי אַ לויף אַרויס געטאָן אין גאָרטן און פון דאָרטן געזען די בריטשקע אָנקומען. נאָך איר איז נאָכגעלאָפן דעם בעל גופס גרויסער געלער הונט. און קינדער האָבן זיך געיאָגט נאָך דער בריטשקע און אויך אירע קינדער זיינען נאָכגעלאָפן און געפּאָכעט מיט די הענטלעך. און דער לערער האָט פון דער בריטשקע זיי געענטפערט מיטן פּאָכן פון אַ ווייס טיכעלע. אָט דאָס ווייסע, ציטערדיקע טיכעלע אין דער קלאָרער זומערדיקער לופט מיט דער אויסגעשטרעקטער האַנט און מיטן אומגעדרייטן שמייכלענדיקן פּנים האָבן געשוועבט פאַר מינדלס אויגן אויך נאָכדעם, ווען זי האָט דאָס אַלץ שוין מער ניט געזען.

זי האָט איצט, קוקנדיק אויפן סטודענט, וועלכער האָט זיך דערווייטערט פון איר אַלץ מער און מער, ניט געטראַכט שוין, צי זי האָט געטאָן גוט, צי ניט. זי האָט נאָר געפילט, אַז דאָס פּאָכעדיקע טיכעלע, דאָס האַלב אומגעדרייטע שמייכלענדיקע פּנים נעמען עפּעס מיט זיך פון איר אויף שטענ־דיק, אַז סע וועט זיך מער קיינמאָל צו איר ניט אומקערן.

און זי האָט זיך ביטער צעוויינט.

# אין די לעוואַדעס

## קאַפּיטל איינס

די לעוואַדעס האָבן זיך אָנגעהויבן ביי דער בריק, וואָס האָט צעטיילט דאָס דאָרף טיכאָנקע אויף צוויי ווינקלען און זיי האָבן זיך פאַרענדיקט אַ פּאָר ווערסט ווייטער, ביים דאָרף אַלעקסאַנדראָווקע. אויף איין זייט בריק, צו מערב צו איז געווען די טיכאָנקער אָזערע. זי איז געצוימט געווען פון אַ קלייגער, הילצערנער דאַמבע און איר איבערפלוס איז אַריינגעפאַלן אין דער שמאָלער ריטשקע, וואָס איז געפלאָסן אין אַ קרומער ליניע, ביז אַלעקסאַנדראָווקער אָזערע.

אויף איין זייט לעוואַדע צו צפון האָבן זיך באַרג־אַרויף געהויבן די פויערשע גערטנער און אַקעגן — די פּריצישע פעלדער.

די גאַנצע לעוואַדע האָט באַלאַנגט צום טיכאָנקער פּריץ און יאָרן־לאַנג איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף צווישן אים מיט די פויערים. זייערע פי פלעגן אַריין אין די לעוואַדעס, און זיינע דינער פלעגן זיי „פאַרנעמען״. פאַרנעמען האָט געמיינט, פאַרשליסן אַ פויערשע קו, צי אַ פערד אין פּריצישן שטאַל, און דער פויער האָט באַדאַרפט צאָלן שטראָף. גיין אויסקויפן אַ קו ביים פּריץ פלעגט אַ פויערטע, אָדער אַ קינד, ווייל אַ פויער האָט געקאָנט געווען פון גרויס כעס עפּעס אָפּטאָן אַזוינס, וואָס וואָלט געבראַכט אַן אומגליק אויף אים, אויף זיין משפחה און אפשר אויפן גאַנצן דאָרף.

אין אַזוינע פאַלן פלעגט זיך איבערן דאָרף צעטראָגן אַ געוויין, וואָס האָט פאַרהילכט אַלע שטיבלעך אַרום און זיך פאַרענדיקט ערשט, ווען די קו, דאָס קעלבל, צי דאָס פאַרזינדיקטע פערד איז אומגעקערט געוואָרן אין אייגענעם שטאַל.

ווי אַזוי אַ קו איז „פאַרנומען״ און אויסגעוויינט געוואָרן, האָט מען שפּעטער דערציילט און איבערדערציילט... ווי אַזוי די פויערטע האָט זיך דערוואוסט פון „איר גרויסן אומגליק״, ווי זי האָט געוויינט און געקלאָגט, ווי די קו האָט דערהערט פונעם פּריצישן שטאַל דער פויערטעס געוויין און פון גרויס בענקעניש גערעוועט, ווי אַ מענטש וואָלט געוויינט; ווי די קו האָט, אַ באַפרייטע, געלעקט דער באַלעבאָסטעס פּנים און ווי די גליקלעכע פויערטע האָט געפירט די קו אַהיים און זי דערביי אַרומגענומען.

דערביי האָבן מאַנסבילן בייז געסאָפּעט מיט די נעזער, ווייבער האָבן שטיל געוויינט און געשאָלטן און קליינע שקצימלעך האָבן זיך פאַרמאָסטן מיט

די פּויסטן אויפֿן פּריצישן הויף, וואָס האָט פֿון ווייטן זיך געזען צווישן די גרויסע, שווערע ליפּנביימער.

אָבער דער קאַמף האָט שוין לאַנג אויפֿגעהערט. ווען די געשעעניש, וואָס ווערט דאָ באַשריבן, איז פֿאָרגעקומען, איז די לעוואַדע שוין געווען פֿאַרנומען דורך דעם זומער פֿון די פּויערים, אַזוי ווייט, ביזן עק פֿונעם דאָרף. ווייטער האָט אַ פּויער ניט געוואַגט אַרויפֿשיקן זיינע בהמות. דאָס האָבן געוואוסט קליין און גרויס.

דערפֿאַר איז די לעוואַדע פֿון יענער זייט פֿרייוויליק אָפּגעהיט געוואָרן דווקא פֿון די מוזשיקעס. ווי אַן אומגעזעענע צוים איז דאָרט אַוועקגעשטעלט געוואָרן. און דאָס גראָז און די ווילדע בלימעלעך האָבן זיך דאָרט אין די זומערן אַזוי שיין צעוואַקסן ווי נאָר עס קאָן געמאָלט זיין אויף פּיכטער שוואַרצער ערד.

צוויי מאָל אין יאָר, סוף פֿרילינג און סוף זומער, האָבן פּויערים גע־קאָסעט דאָס פּריצישע היי און זי אויסגעלייגט אין רייען סטויגן. און צו אַלע וואונדערלעכע זומער־ריחות פֿונעם דאָרף, איז צוגעקומען דער גערויך פֿון גע־שניטן גראָז. די סטויגן היי זיינען מיט דער צייט אַריבערגעפֿירט געוואָרן צום פּריץ, און די לעוואַדע איז פֿאַרבליבן ווי איינגעפּירט לעצטנס: דער גרעסטער טייל, די פֿעלדישע, פֿאַרן גוט־באַזיצער און די דאָרפֿישע — פֿאַר די פּויערים.

געווען אין טיכאָנקע ערטער צום פּיטערן קי, שאָף, פּויערשע און פּרי־צישע, און ווען די פֿאַסטעכער פֿלעגן אין די זומער־פֿרימאָרגנס אַרויסטרייבן די טשערעדעס אין פֿעלד אַריין, האָט זיך געדאַכט, אַז קיין פּי איז שוין אין דאָרף ניט פֿאַרבליבן. אָבער די לעוואדע איז קיינמאָל ניט געווען אָן זיי.

צום אַלעם ערשטן האָבן אַהער געבראַכט זייערע גענדז די קליינע קינדער. דאָ האָבן זיך אויך געפּאַשעט איניקע פֿערד, וואָס אַ פּויער האָט ניט באַדאַרפֿט צו דער אַרבעט. קעלבלעך און לאָשיקלעך האָבן דאָ אומגע־בריקעוועט, זיך פֿאַרמאָסטן איינס אויפֿן אַנדערן און זיך טאָקע דערלאַנגט קלעפּ אויך. אַ קאַלב האָט זיך געלאָזט קעגן אַ לאָשיקל, גרייט אים אַ שטויס טאָן מיטן אָנהערנדיקן קאָפּ, און ער האָט דערביי געכאַפּט אַ שטויס פֿונעם לאָשיקלס הינטערשטע פֿיס. די פֿערד זיינען געווען געפּענטעט ביי די פֿאָ־דערשטע פֿיס און זיי האָבן זיך געבריקעט מיט די הינטערשטע. דערביי האָבן זיי בייז און פֿאַרצווייפֿלט געהירזשעט. דאָ האָבן זיך אויך אומגעדרייט עטלעכע שאָף און אַ פּאָר באַראַנעס, דאָס זיינען געווען די אָרעמסטע באַשעפֿענישן אין דאָרף. זייערע אייגנטימער זיינען געוויינלעך געווען אַלמנות, אָדער יתומים. זיי זיינען געווען אַזוי אָרעם, אַז זיי האָבן ניט געקאָנט צאָלן דעם פּאַסטעך פֿון דער דאָרפֿישער טשערעדע און זייערע פּי האָבן זיך דאָ, ווי איבעריקע, אומגעבלאָנקעט. זיי זיינען געשטויסן געוואָרן פֿון בהמות, געביסן געוואָרן פֿון די בייזע גאָנערס און געשלאָגן געוואָרן פֿון אַ קינדערשער בייטש. אויך עטלעכע מאָגערע קי האָבן דאָ געגריזשעט דאָס ווייכע, צעטויטשעטע גראָז.

און קיין שלום האָט צווישן די אַלע באַשעפעניש ניט געהערשט. אַ געשלעג איז אָנגעגאַנגען אָן אַן אויפהער און פאַרשאַפט די קינדערשע פּאַסטעכלעך אַ גרויסע הנאה. פון ווילדער פרייד זיינען זיי געשפרונגען אין דער לופטן, נאָכגעמאַכט די אַלע העוויות פון די קעמפנדיקע באַשעפעניש... זיי האָבן זיך געבוצקעט מיט די שטערנס, ווי קעלבער, געפּיצקעט מיט די פיס, ווי פערד און בייז געשיפעט, ווי די גאַנערס. ניט איין מאָל האָבן זיי זיך אַזוי צעהיצט, אַז זיי האָבן זיך דערלאַנגט מיט די בייטשן, וואו עס האָט זיך געמאַכט, דעמאָלט איז צום רעווען פון די פי אויך צוגעקומען דאָס געוויין פון אַ געשלאָגן קינד.

די גאַנצע שטיק דאָרפישע לעוואדע האָט אין אַ זומערדיקן טאָג אויסגעזען, ווי אַ מין הימישער זאָאָלאָגישער גאָרטן, וואו אויך דער מענטש האָט זיך באַטייליקט און זיין קול האָט זיך אויסגעמישט מיט די קולות פון פי און עופות.

אַוודאי איז טיכאָנקע (און אַלעקסאַנדראָווקע, און אַנדערע דערפער אַרום) געווען ניט נאָר שטיל און אייביק רואיק, נאָר שיר ניט ווי אַ סימבאָל דערפון. אַזוי האָט זיך געדאַכט און אַזוי וואָלט ווירקלעך געדאַרפט זיין. אָבער די לעוואַדע איז געווען ווי אַ שפּיגל פון דעם גאַנצן דאָרף מיט די עטלעכע הונדערט אייַנוואוינער. די שוואַכערע בהמה האָט געלעבט אין שטענדיקער שרעק פאַר דער שטאַרקערער, דער אָרעמער פּויער האָט מורא געהאַט ניט נאָר פאַר דער היימישער פּאָליציי, פאַרן סטאַראָסטע מיט די דעסיאַטסקיס, ניט נאָר פאַרן רייכן פּריץ און זיינע דינער, נאָר אויך פאַרן בעל־גוף און די דאָרפס־יידן האָבן געלעבט אין אייביקער שרעק פאַר די פּויערים. די מורא האָט זיך איבערגעגעבן די קינדער, און זיי האָבן דאָ, אויף דער לעוואַדע, זיך דערציילט שרעקלעכע געשיכטעס פון ניט־גוטע, מכשפים, מכשפות און וואָווקולאַקעס, און אויך מעשיות וואָס האָבן זיך אויף אַן אמת פאַרלאָפן אין דאָרף. עס זיינען געווען געשיכטעס וועגן אויפגעבראָכענע קאַמערן, וועגן אונטערגעצונדענע הייזער. און זינט צו די אַלע פי און עופות איז צוגעקומען האראסימס חזירל, האָט קליינוואַרג זיך דערציילט און איבערדערציילט אַ געשיכטע, וואָס איז שווער צו גלייבן און וועלכער מע טאָר אין די אויגן פון אַ דערוואַקסענעם ניט דערמאָנען, אלא ניט, כאַפּט מען קלעפּ.

די טאַטעס האָבן פאַרזאָגט צו שווייגן; די מאַמעס האָבן פאַרבראָכן מיט די הענט, אָבער דאָ, אויף דער פרייער לעוואדע, צווישן זיך, האָבן קליינוואַרג געקוקט אויפן חזירל, וואָס איז געווען צוגעבונדן צו אַ קורצן פלאָקן און מער געלעגן אין פייכטן גראָז, ווי געגעסן. און זיי האָבן זיך אַזוי ווי פאַרהערט, ווער פון זיי עס קאָן בעסער דערציילן דאָס וואָס טאַטע־מאַמע האָבן פאַרבאָטן צו דערמאָנען.

די מעשה איז געווען וועגן דעם רייכסטן פּויער אין דאָרף, דאַוויד קאזאטשענקאָ. מען דערציילט, אַז ווען זיין ערשטע ווייב איז אים געשטאָרבן, האָט

ער אַפּילו קיין חודש ניט געוואַרט און חתונה געהאַט מיט אַ רייכער מיידל פון אַן אַנדער דאָרף. פון דער ערשטער ווייב איז אים פּאַרבליבן אַ זון און אויך די צווייטע האָט אים געבוירן אַ ייִנגל. דעם ערשטן האָט ער געהאַסט און פאַרטריבן. לייט האָבן מיט אים „די לעכער פּאַרשטופּט". ווען ער האָט חתונה געהאַט און געוואָרן אַ מענטש פאַר זיך, איז ער געווען אַ שומר פון די פּריצישע פעלדער, אַ נאַכטיקער היטער. ווינטער האָט ער געהיט די מאַגאַזינען תבואה פון פּריץ.

ער האָט שוין געהאַט פינף קינדער און עס האָט זיך אים זייער שווער געלעבט.

דער פאָטער האָט אַלץ וועגן אים ניט געוואָלט וויסן. לייט האָבן אָנגעהויבן קוקן קרום אויפן רייכן פויער. קיינער האָט אָבער ניט געוואַגט אים צו זאָגן אַ דעה. אָבער הינטער די אויגן האָט מען אים געקיבעצט און גוטע ברידער האָבן אים איבערגעגעבן. מילא, ביים לעבן קאָן דאַוויד טאָן וואָס ער וויל, וואָס וועט ער אָבער טאָן נאָכן טויט? ניט נאָר טאַרען, דער ייִנגערער, איז אַ זון, אויך יענער, האַוורילע, איז זיין געזעצלעך קינד, און אויך אים קומט ירושה.

אַזוי האָט דאַווידן באַהערשט אַ גרויסע און אַ שווערע זאָרג, וואָס האָט אים ניט געלאָזט רוען.

ביז, איינמאָל, אין אַ פּראָסטיקער ווינטערנאַכט, האָט דאַוויד גענומען זיין ביקס און איז מיט איר אַוועק צו האַווריליעס שטיבל און — דער קליינער דערציילער האָט, אויפן פויערשן שטייגער, ניט נאָר מיט ווערטער איבערגעגעבן, די געשעעניש פון יענער נאַכט, נאָר די גאַנצע סצענע אויסגעשפּילט, נאָכמאַכנדיק די קלאַנגען פון דאַווידס טריט. עס איז געווען ווינטער, און דער שניי האָט געסקריפּעט אונטער זיינע שווערע שטיוול. און דער קליינער פּאַסטעכל האָט נאָכגעמאַכט דעם סקריפּ, דאָס האַלטן פון דער ביקס, דעם שרעקלעכן אויסדרוק פון די אויגן.

„און דאָס פּאַרשאָלטענע האַרץ זיינס בום־בום... און דער זון, האַווורילע, האָט אָפּגעגעסן וועטשערע, זיך איבערגעצלמט אויף די הייליקע בילדער און זיך אָנגעהויבן אָנטאָן אַ שמאַטע אויף אַ שמאַטע, אַ ספּענצער אַ סוויטע אויף אַ סוויטע און נאָך אַ סוויטע. און אויף דער סוויטע דעם פעלץ, און אויפן פעלץ אַ בורקע. און דעם ספּענצער. און אַלע סוויטעס מיטן פעלץ, מיט דער בורקע, מיט אַ שטריק אַרומגעבונדן. און אַלע קאָלנערס ביים האַלדז אויך מיט אַ שטריק איבערגעבונדן, אַז דער זיידע־פּראָסט זאָל אים צום טויט ניט פאַרפרירן. און דאָ קומט ער, קומט ער, דער פאַרשאָלטענער... ער שטעלט אָן די ביקס אַקעגן דעם פענצטער, אַקעגן דעם אייגענעם זון און — טררראַך־טאַראַראַך!

„און דאָס גלאָז אין פענצטער האָט זיך צעבראָכן־צעבררעקלט און די קויל איז אַריין אין דער בורקע, אין פעלץ... אין איין סוויטע, אין דער

אַנדערער, אין דער דריטער... אַט־אַט־אַט!... שיר צום העמד ניט דער־גאַנגען!ביים לעצטן ספּענצער שטיין געבליבן...

„די האַווריליכע שרייט, די קינדער וויינען און קלאָגן... און ער, זייער שפּייזער, שטייט ווי אַ שטומער. ער וויל אויפהויבן די האַנט זיך צלמען און קען ניט. ער קוקט אויף דער וויב, אויף די קינדער און זאָגט: „ציט!" (שאַט!) ער גייט אַרויס אין דרויסן און הייבט אָן שרייען „געוואַלד!" „געוואַלד!" „גע־וואַלד!"

דער דערציילער שרייט אויף אַן אמת „געוואַלד" מיט אַזאַ שרעק און מיט אַזאַ מורא, אַז אייניקע צוהערער רעווען ווי די קעלבער. בייזערט ער זיך אויף זיי, ווי ער וואָלט געווען דער גרויסער מאַנסביל און, פּונקט ווי האַווריליע, וועמען ער האָט נאָר־וואָס נאָכגעמאַכט, קוקט ער מיט אַ שטרענגן בליק אויף די פּאַסטעכלעך און זאָגט: „ציט!".

דער וויטערדיקער טייל פון דער מעשה איז געווען וועגן די שפּורן פון דאַווידס טריט, וואָס האָבן געפירט פון זיין הויז צו האַווריליעס און — צוריק, און ווי די אַנגעלאָפענע פויערים האָבן יענע שפּורן פאַרטראָטן און פאַר־ווישט.

דערביי איז אויך געווען דער סטאַראָסטע און ער האָט אַ זאָג געטאָן: „הייסט עס אַזוי, גוטע מענטשן: ניטאָ קיין שפּורן, איז די זאַך אַן אָפּגעשלאָסענע, און מיר האָבן דאָ מער ניט וואָס צו שטיין... אַהיים, אַהיים, צעגייט זיך!"

די פויערים האָבן זיך ניט גערירט. אַלע האָבן געוואוסט, אַז דאַוויד פאַרמאָגט אַ יאַגד־ביקס...

און נאָך איידער דער פאַרשטייער פון דער מאַכט האָט צייט געהאַט צו געבן זיין באַפעל „צעגייט זיך, הייס איך אייך!" האָבן זיך די פויערים אַ לאָז געטאָן צו דאַווידס הויז. זיי האָבן אים אויפגעוועקט. עס איז שוין געווען שפּעט, אָבער זיי האָבן גוט געזען, אַז ער איז נאָך ניט געהאַט געשלאָפן און — — — — ער האָט געקרעכצט...

דער קליינער דערציילער האָט נאָכגעמאַכט דעם דאָרפישן בעל־גוף, ווי ער קרעכצט און אַז מע פרעגט אים, וואָס אים איז, זאָגט ער, אַז אַ האַנט טוט אים שטאַרק וויי. און אַז מע פרעגט אים, צי האָט ער ניט געהערט די געשרייען מיט די געוואַלדן און פאַרוואָס איז ער אויך ניט געקומען צולויפן, זאָגט ער מיט אַ וויינענדיק קול: „אוי, רוקאַ מאַיאַ, רוקאַ מאַיאַ!" (מיין האַנט) דער דערציילער קרימט איבער דאָס קרעכצן און דאָס געוויין... זיין פּנים איז צעקרימט, אָבער די גרויע אויגן לאַכן, לאַכן מיט חוזק... און אַלע צוהערער, די שיקסעלעך און די שקצימלעך קרעכצן און וויינען אין אַ כאָר... און באַלד נאָכדעם לאַכן אַלע, לאַכן און פאַרגייען זיך...

און דאָ דערהערט זיך דאָס רוישן פון אָנקומענדיקן וואָגן. הייבט מען אָן טרעפן, ווער איז דאָס. און נאָך פון גאָר וווייט דערקענט מען שוין די פערד... און אָט קומט אַ פּוסגייער. אויב אַ היימישער, איז גוט. אויב

אָבער אַ פרעמדער, רוקט מען זיך צונויף און מען וואַרט מיט חשד. קאָן אַמאָל זיין אַ שלעכטער מענטש, צי גאָר אַ פאַרשטעלטער כישופמאַכער, צי אַ לץ, וואָס פאַרקיצלט דיך צום טויט...

דער גרויסער, זומערדיקער טאָג ציט זיך לאַנג־לאַנג און עס דאַכט זיך, אַז די הייסע זון וועט קיינמאָל ניט אונטערגיין. אָבער ווען דער פאַרנאַכט דערנענטערט זיך, הייבן זיך אָן ווייזן רייטער, וועגענער געשפּאַנט אין פערד און אין אָקסן און פוסגייער, איינציקע און אין גרופּן. עס ווייזן זיך אויך די פריצישע וועגענער מיט די אַרבעטער פון די פעלדער, שקצים און שיקסעס זיצן אין די וועגענער און זינגען. פון די קוימענס אין די פויערשע שטיבלעך ווייזן זיך רויכלעך. טיכאָנקע קאָכט וועטשערע. צייט אויך פאַר דער קליינ־וואַרג צו פאַרלאָזן די לעוואַדע. אַהער קומען די אייגנטימער פון די שאָף, פון עטלעכע קי און פערד. און אָט ווייזט זיך דער יתום, האראסים. ער איז אַלט אַ יאָר זיבעצן און ער האָט קיינעם ניט אין דאָרף. אַרבעט ער ביים פריץ און וואוינט אין אַ ברויזעלע שטיבעלע, אַ נידעריקס און אַ קרומס. אויף אומצופאַלן ניט קיין שטאָל פאַרמאָגט ער, ניט קיין שייער. איין פאַר־מעגן באַזיצט ער: דאָס חזירל, וואָס ער האַלט מיט זיך אין שטיבל. יעדן פרימאָרגן פון היינטיקן זומער פירט ער עס אַרויס אויף דער לעוואַדע, און אין אָוונט פירט ער עס צוריק אַהיים. דאָס חזירל איז זיין איינציקער פריינד, זיין האָפענונג. עס איז אַ זי. עס וועט לאַנג ניט נעמען, זי וועט האָבן עטלעכע חזירימלעך, און...

און די פויערים רופן אים שוין באַצייטנס „באַהאַטש" (נגיד).

ער רעדט צו קיינעם ניט, אין דאַרפישן כאָר הערט זיך ניט זיין קול. אַפילו צו קינדער רעדט ער ניט, מחמת אַלע לאַכן און מאַכן חוזק פון אים.

נאָר פון איין מענטשן לאַכט דער דערשלאָגנסטער אין דאָרף אָפּ: דאָס איז — פון בערל דעם „אייעריקן", דעם אָרעמען יידן, וואָס גייט אום פון שטיבל צו שטיבל און קויפט אויף אייער. ווען נאָר ער פירט זיין פאַרמעגן אויפן שטריק און באַגעגנט בערלען, זעט ער ווי דער ייד רוקט זיך אָפּ אויף אַ זייט. האראסים שמייכלט חוזקדיק. ער זאָגט קיין וואָרט ניט, נאָר זיינע גרויסע ווייסע ציין בלאַנקען צולהכעיסדיק אַרויס פון זיין קרומלעך־דער־שלאָגן מויל. ער ווייסט, אַז ביי בערלען איז חזיר טריף...

דער גרעסטער אָפּלאַכער און חוזק־מאַכער פון האראסימען איז טאַרען קאָזאַטשענקאָ. ווען ער טרעפט אָן דעם יתום פירן דאָס חזירל, שטעלט ער אים אָפּ און פרעגט אים, וואָס ער און זיין חבר, זיין „טאָוואַרישטש", מאַכן.

— נו — מאַכט טאַרען צו האראסימען — וואָס מאַכט עפּעס דיין טאָ־וואַאַרישטש?

ער ציט לאַנג־לאַנג אויס די „אַ" און לאַכט אַליין פון זיין גרויסער חכמה. און אויב עמעצער איז דאָ דערביי, לאַכט מען אינאיינעם, און עס איז פריילעך אין טיכאָנקע.

טאַרעצן איז אין איינע יאָרן מיט האראסימען. ער איז הויך און דין, ווי אַ פּריצישער. ער האָט געענדיקט די דאָרפישע שקאָלע. די שענסטע און רייכסטע מיידלעך פונעם דאָרף רעדט מען אים, און ער ברעקלט זיך. ער העלפט אַ ביסל אַרויס דעם פאָטער אין פעלד, אָבער ער אַרבעט זיך ניט איבער און ער איז דער איינציקער אין טיכאָנקע מיט ריינע הענט. אָט פאַר די ריינע הענט האָט אים קיינער ניט ליב.

ער האָט זיך זיין לידנשאַפט: יאַגד און הינט. איבערהויפּט — דער הונט, ראַבטשיק, אַ בידעריקער, מיט אַ לאַנגן זשוואַווע קערפער, וואָס איז גרייט צו וואַרפן זיך אויף מענטש און אויף חיה. טאַרעצן דאַרף אים בלויז הייסן.

זינט די פויערים האָבן געוואָרפן אַ חשד אויף זיין פאָטער, אַז ער האָט דאָס געשאָסן אויף האורילען, האָט ער אָוועקגעגעבן דעם שטילן הונט, זשאָוטיאַק, און זיך פאַרשאַפט ראַבטשיקן, אַז מע זאָל זיך גוט איבערלייגן, איידער מע קומט אַרויף צו זיין טאַטן.

ראַבטשיק איז שטענדיק צוגעבונדן אויף אַ קייט, און ווען טאַרעצן בינדט אים אָפּ, האָבן טיכאָנקער מורא צו גיין אין גאַס, סיידן טאַרעצן גייט מיט.

האָט זיך טאַרעצן געמאַכט אַ געוואוינהייט פון צייט צו צייט זיך ווייזן אויף דער בריק פאַרנאַכט, גראָד דעמאָלט, ווען האראסים פירט זיין חזירל אַהיים. דער יתום פילט אַ פראָסט אין רוקן פון שרעק און דאָס חזירל שאַרט זיך און רייבט זיך אָן די פיס פון זיין שפייזער.

ראַבטשיק בורטשעט בייז, גרייט צו וואַרפן זיך אויפן קרבן. האראסים סטראַשעט:

— איך דאַרף בלויז אַ זאָג טאָן, נאָר אַ וואונק טאָן, וועלן די קישקעלעך פון דיין טאָוואַרישטש ליגן אין שטויב... נאָר אַ וואונק טאָן... האַ, וואָס זאָגסטו, באַהאַטש?...

וואָס זאָל ער זאָגן, האראסים? ער פילט, אַז די קני ברעכן זיך אים. אָט וועט ער פאַלן. ער פאַרגיכערט זיין גאַנג, אָבער טאַרעצן לאָזט אים ניט אָפּ, ביז ער דערזעט טרערן אין יענעמס אויגן. דעמאָלט לאַכט ער אַזוי הויך און אַזוי ברייט, ווי נאָר אַ נגידישער בן־יחיד קאָן זיך פאַרגינען אין טיכאָנקע. ער שטייט, מיט די ריינע הענט אָנגעשפּאַרט אין די באָקעס און לאַכט. און ראַבטשיק קוקט אים אָן מיט חידוש.

## קאַפּיטל צוויי

דער גרויסער זומער איז געווען שיין ליכטיק און הייס, און די רעגנס האָבן אים נאָך שענער געמאַכט. זיי האָבן געלאָשן די הייסע זון־שטראַלן און באַפרוכפּערט אַלע געוויקסן אין די גערטנער, אין די פעלדער און אין שכנות־דיקן וועלדל, וואָס האָט פון צווישן די גראָזן פריילעך און לאָקעדיק געוואונקען מיט ליכטיק־רויטע פּיליניצעס. אַלץ איז געוואַקסן און זיך אָנגעגאָסן מיט

אַ געשמאַקער רייפקייט. בייטאָג האָבן די רייפע קאָרן און ווייץ־זאַנגען אין די פעלדער זיך איבערגעגאָסן אין אַ גאָלדיקער ווייגנדיקייט, וואָס האָט גע־קוויקט דאָס אויג און געבראַכט אַ דאַנק־תפילה אויף די ליפּן פון די טיכאָנקער פּויערים און יידן. די פעלדער זיינען ניט געווען זייערע, אָבער זיי האָבן געבענטשט דאָס ברויט מיט אַ ברכה.

צו די שטילע נאַכט־קלאַנגען אין דאָרף זיינען צוגעקומען דאָס פאַלן פון רייף־געוואָרענע באַרנעס, עפּל און פלוימען. קינדער זיינען אומגעגאַנגען מיט פולע קעשענעס פון די גערטנער.

אַלץ אַרום איז געוואַקסן, זיך געריסן אַרויף, אַרויף און מיט די אַלע געוויקסן האָבן זיך אויך געשטרעקט אַרויף די טיכאָנקער קינדער, דאָס יונג־וואַרג. ווער וואָלט אין האַרבסט געווען דערקענט די קליינע פּאַסטעכער פון די געגנדן? אַפילו זייערע שטימען האָבן זיך זינט דעם פרילינג געביטן און זיי האָבן זיך געבייזערט אויף זייערע קלענערע שוועסטער און ברידער, שיר־ניט ווי דערוואַקסענע. זאָל נאָר דער ווינטער אַריבער, וועט שוין פאַר זיי זיין ניט שיין צו פּאַשען גענדז. אין פעלד וועלן זיי גיין!

פון די קעלבלעך זיינען געוואָרן היפּשע קעלבער, די לאָשיקלעך האָבן זיך אויסגעיאָגט, די גרינלעך־פוכאָווע גענדזלעך האָבן זיך אָנגעטאָן אין האַר־טע פעדערן. זיי האָבן זיך געטראָגן אין דער לופטן, געפּאַטשט מיט די יונגע שטאַרקע פליגל און די יונגע גאָנערס האָבן זיך שוין באַצייטנס געביסן.

טאַרען איז נאָך געוואָרן העכער און דינער און זיין הונט — שטרענגער און בייזער. אַפילו האראסים האָט זיך איבערן זומער אַ יאָג אויס געטאָן אין דער הויך און אין דער ברייט און אַ געזונטע רויטקייט האָט דורכגעשפּאַרט די פאַרברענטקייט אויף זיין יונג פּנים. און זיין חזירל, זיין האָפענונג אויף אַ בעסער לעבן, איז אַזוי אויסגעוואַקסן, אַז ער האָט עס שוין מער ניט געקאָנט נעמען אויף די הענט און זיך שפּילן דערמיט. ער האָט שוין אויך מער ניט גערעדט צו אים, ווי צו אַ קליין קינד, נאָר גוטמוטיק זיך געבייזערט און געדראָט מיט אַ פינגער. פאַרן אַנטשלאָפן ווערן, יעדן אָוונט, האָט זיך האַ־ראסים לאַנג איינגעהערט אינעם אָטעמען פונעם גרויסן, שווערן באַשעפעניש און פאַרטאָג האָט ער געריסן די מידע אויגן פונעם שלאָף און אין דער האַלב־פינצטערניש זיך איינגעקוקט אינעם חזיר, וואָס האָט גיכער אויסגעזען, ווי אַן אָטעמענדיקער זאַק, איידער ווי אַ לעבעדיקע באַשעפעניש. דער פאַרענדערטער כריוק פון דער חזירטע האָט האראסימען געפרייט און געטרייסט און ער האָט שוין באַצייטנס געזען, ווי זי ליגט אין זיין שטיבל אויף אויסגעבעטער שטרוי און אַרום איר זיבן אַכט, און אפשר גאַנצע צען קלייניקע חזירימלעך... ווי ער האָדעוועט זיי, ברענגט זיי אויף און זיין פאַרמעגן וואַקסט און צעוואַקסט זיך. דאָס ערשטע בויט ער זיך אויס אַ שטיבל און האָט חתונה... ער ווערט אַ באַלעבאָס. ער נעמט אַ מויד מיט פעלד. ער ווערט אַ באַלעבאָס פאַר זיך. ער האָט פעלד, אַ שייער, אַ שטאַל. פערד, אַ קו, שאָף, חזירים און אַ הונט,

אַ הונט, וואָס זאָל זיין שטאַרקער און בייזער פון ראַבטשיקן. די צוויי הינט באַגעגענען זיך. אַ קאַמף ברעכט אויס און ראַבטשיק וואַלגערט זיך אין שטויב, אַ צעביסענער...

ניט־פאַרווירקלעכטע נקמה איז אויך זיס... און די טרויעריקע ווירק־לעכקייט איז מער ניט טרויעריק און די באַליידיקונג טוט ניט אַזוי שטאַרק וויי. און הארַאסים רייסט זיך אויף פון שלאָף און גייט צו זיין שווערער אַרבעט, רייניקן די שטאַלן פון די פריצישע קי און אָקסן. אין דרויסן איז שוין קיל, אָבער די לעוואדע איז נאָך אַלץ גרינלעך. פירט ער אַהין די חזירטע, בינדט זי צו צום פלאָקן און גייט וואוהין ער מוז גיין. ער קוקט זיך אום און זעט ווי די חזירטע קוקט אים נאָך, מער מיטן רונדן שנוק, ווי מיט די אויגן. ער דראָט איר מיט אַ פינגער און דערווייטערט זיך פון איר. און ער זעט זי ניט, ביז פאַרנאַכט.

און ווען ער קומט צוריק זי אָפּנעמען, טרעפט ער שוין דאָרט, ווי גע־ווייגלעך די גאַנצע לעוואדע פאַרפלייצט מיט אַלע היימישע באַשעפענישן און קינדער, גרייט צו טרייבן זייערע געבנדז אַהיים.

ער פירט דאָס באַשעפעניש אויף אַ שטריק, אָבער די חזירטע דאַרף מען ניט שלעפּן, זי פירט אים ביז אַהיים, און ער איז זיכער, אַז זי איז די קליגסטע אין דער וועלט. ביים טויערל שטעלט זי זיך אָפּ און עפנט אים מיט איר פאַרשמירטן, ראָזלעכן רונדן שנוק. ער לאַכט גליקלעך און פּאַטשט זי אין גרויסן בויך.

אָבער איידער ער גייט דורך דעם שטיק וועג פון דער לעוואדע ביז זיין שטיבל, בעט ער גאָט, אַז עס זאָל ניט אָנטראָגן טארענען מיט ראַבטשיקן. ער האָט מורא פאַרביידן; טארען קאָן אָנרייצן און ראַבטשיק קאָן צערייסן... ער האָט איינמאָל צוגעזען, ווי צוויי הינט האָבן צעריסן אַ חזיר. זיי האָבן אים נאָכגעיאָגט... איין הונט האָט זיך איינגעביסן אינעם חזירס קורצן עקל און דער אַנדערער — אָן אַן אויער. דער חזיר איז געפאַלן אוןביידע האָבן זיך אַרויפגעוואָרפן אויף אים... דעם חזירס מוראדיק געשריי קאָן ער ניט פאַר־געסן. און ווען ער דערזעט נאָר טארענען מיט זיין כלב, שטעלט ער זיך פאָר, ווי זיין האָפענונג ווערט צעריסן אויף שטיקער און דאָס בלוט רינט, רינט...

הארַאסימס מורא איז ניט געווען אומזיסט. עס איז געשען גאָר גיך. ער האָט יענעם פאַרנאַכט געפירט די חזירטע אַהיים. איז אָנגעקומען טארען. מיט אים האָט געשפּאַנט ראַבטשיק און געקוקט מיט רויטלעכע אויגן דאָ אויף הארַאסימען, דאָ אויף דער שווער־גייענדיקער חזירטע.

טארען האָט אַ שמייכל געטאָן אין דער קרום און געזאָגט:

— ווי דו און זי זייבען גרויס געוואָרן! גרויס און פעט...

הארַאסים האָט ניט געענטפערט. ער האָט געציטערט פון כעס און מורא און זיך ניט אומגעקוקט.

— דוראַק (טפש) מע רעדט צו דיר! — האָט טאַרען זיך געבייזערט.

באַלד זיינען אויף דער בריק אַרויף עטלעכע פּאַסטעכלעך. אויך דער־וואַקסענע זיינען אָנגעקומען, און אַלע האָבן געלאַכט פונעם אַרעמאַן. און איינער האָט אַ זאָג געטאָן: „דער באַהאַטש (נגיד) גרויסט זיך!...״

— אָט וועל איך אָנרייצן ראַבטשיקן, וועט ער אים קליין מאַכן...

— מע דאַרף ניט — האָט אַן עלטערע פויערטע באַמערקט. טאַרען האָט זי באַטראַכט מיט חוזק און אָנגערייצט ראַבטשיקן. דער הונט האָט אַ שווערן שפּרונג געטאָן. האראַסים האָט אָן כוחות געשריגן. די חזירטע האָט דערפילט דעם הונטס פּיסק ביים אויער. זי האָט זיך אַ ריס געטאָן. האראַסים איז געפאַלן אין שטויב. ער האָט זיך קוים אויפגעהויבן. ער האָט געוויינט. טאַרען האָט געלאַכט, און מיט אים די פּאַסטעכלעך און די דער־וואַקסענע.

די חזירטע האָט געטאָן אַ פאַרצווייפלטן שפּרונג און דערפילט, אַז דעם אויער האָט זי דערווייל אָפּגעראַטעוועט. ראַבטשיק האָט זיך איצט פאַר־מאָסטן אויף איר קורץ עקל. ער האָט עס שוין באַלד אָנגעכאַפּט... זי האָט עס ווי אויסגעריסן ביי אים פונעם פּיסק. זי האָט נאָך איין שפּרונג געטאָן און, דערלאַנגענדיק מיט די קורצע פיס די ערד, זיך געטאָן אַ שפּאַר אָן מיט אַלע פיר געשפּאָלטענע טלאָען, אויפגעשפּרונגען אין דער לופטן, און זיך גע־שווינד אַ דריי אום געטאָן מיטן שנוק צום שונא. ווידער מיט אַלע פיר און מיטן שווערן קערפּער זיך אַ הייב אויף געטאָן און — אַ שפּרונג קעגן דעם טויטלעכן פּינט.

אירע קליינע אויגן זיינען געווען ווי פאַרגליווערט אין זייער אַנטשלאָסנ־קייט, געמישט מיט טויטשרעק. זיי האָבן גיכער אויסגעזען בלינד. און אַזוי, מיט אָט דעם טעמפּן, פאַרגלעזטן בליק און מיטן ראָזלעכן רונדן שנוק פאָרויס, האָט זי געטאָן אַ שפּרונג, מיטן גאַנצן אימפּעט אַריין אין ראַבטשיקן און אים אומגעוואָרפן.

דאָס איז פאָרגעקומען אַזוי פלוצעם פאַרן הונט און פאַר די צושויער, אַז איך אין צייט, ווי אין כאָר האָט זיך דערהערט ראַבטשיקס רחמנותדיק קול און אַ געשריי פון פרייד פון שרעק, צי פון איבעררעשונג, צווישן די צושויער.

ראַבטשיק איז געלעגן אין שטויב. זיין שווערער, לענגלעכער קערפּער האָט זיך קאָנוואולסיוו געוואָרפן. זיין הינטערשטער פוס איז געווען ביי דער חזירטע אין מויל. זי האָט דעם ביינערדיקן פוס איינגעביסן און אים ניט געקאָנט איבערברעכן.

— ראַטעוועט! ראַטעוועט! — האָט דער שטאָלצער טאַרען אָן שטאָלץ געשריגן. ער האָט זיך געריסן צום חזיר, און מורא געהאַט צוצוקומען. דערביי איז האראַסים געשטאַנען ווי פאַרגליווערט. שווערע טרערן זיינען אים גערונען איבער די באַקן.

אייניקע פויערים האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום חזיר. טאַרען איז מיט־

געלאָפן. אָבער דאָ האָט ער דערהערט, ווי עמעצער האָט אַ זאָג געטאָן: „דעם מערדערס זון קומט אָפּ פאַר זיין טאַטנס זינד". „ריכטיק געזאָגט", האָט אַ צווייטער אונטערגעכאַפּט.

טארעץ האָט גוט געהערט, וואָס לייט האָבן אים אַריינגעזאָגט אין דער צייט פון זיין בייזן הונטס מפלה, אָבער ער האָט ניט געקאָנט דערקאָנען דעם ווידערשפּעניקער. ער איז געלאָפן ראַטעווען ראַבטשיקן און געהאָלפן די פויערים בריקען די חזירטע מיט זייערע פיס.

די חזירטע האָט קוים באַפרייט איר מויל פונעם איינגעביסענעם ביין. זי האָט ווילד און מוראדיק געכריוקעט, ווישנדיק דעם פאַרבלוטיקטן שנוק אינעם שטויב פון דער בריק, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט באַפרייען פון אַן אומריינער זאַך.

ראַבטשיק איז אַ הינקעדיקער אַוועק. טארעץ איז אים נאָכגעגאַנגען, און ער האָט שוין איצט קלאָר געהערט אַ חוזקדיק געלעכטער הינטער זיך. אָבער ער האָט זיך קיין איינציק מאָל ניט אומגעקוקט. ער איז נאָכגעגאַנגען ראַבּ־טשיקן און די פויערים האָט זיך געדאַכט, אַז ניט נאָר דער פאַרוואונדעטער הונט הינקט, נאָר עס הינקט אויך זיין גרויסאַרטיקער באַלעבאָס, דער רייכ־סטער און פאַרנעמסטער אין טיכאָנקע.



# אַ קריסטמעס מעשה

די שטאָטישע ביבליאָטעק איז שיר־ניט מיין צווייטע היים. שעהנלאַנג פֿאַרברענג איך דאָרט ניט נאָר לייענענדיק, נאָר אויך צוקוקנדיק, ווי אַנ־דערע לייענען. אַ גרויסע און אַ טיפֿע שטילקייט הערשט דאָ. זי ווערט נאָר איבערגעריסן פֿונעם גאַסן־געררויש, וואָס דרינגט אַהער, אָדער פֿון עמעצן, וואָס פֿאַרגעסט זיך וואו ער איז און כאַפּט זיך אַרויס מיט אַ הויך וואָרט. אַזאַ איינער קוקט זיך שולדיק אַרום, און די שטילקייט ווערט צוריק איינגעשטעלט. עס הערט זיך קוים אַ שאָרך פֿון אַן איבערגעמישט בלאַט, דאָס קרעלן פֿון אַ בלייער אויפֿן פּאַפּיר, אָדער דאָס שטילע פּליסטערן פֿון צוויי, וואָס נוצן אויס דאָס אָרט פֿאַר אַ געשפּרעך.

גרויס, הויך, ברייט און ליכטיק איז דאָס לייענצימער און דער סופֿיט רוט דאָ אויף ווענט פֿון ביכער, ביכער פֿון איין שפּראַך, דאָס לשון פֿונעם לאַנד. און דאָ פֿאַרנעם איך דאָ דאָס געזאַנג פֿון דיכטער, וואָס האָבן געזונגען ניט אויף יידיש, אָבער איך האָב שוין זייער לשון דערקאָנט און זיי זיינען מיר מער ניט פֿרעמד.

אייגן און היימיש איז מיר דער צווייג פֿון דער ביבליאָטעק, וואָס געפֿינט זיך אין אַן אַנדער טייל פֿון דער שטאָט. דאָס איז דער „אויסלענדישער צווייג". דאָ זיינען די גרעסטע פֿעלקער פֿון דער וועלט פֿאַרטראָטן מיט אַ קליינער צאָל ביכער און דאָ אויף די פּאָליצעס שטייען אויך מיינע יידישע און העברעאישע ביכער און אפֿילו ספֿרים.

דאָס לייענצימער איז דאָ אַסך קלענער ווי דאָרט, אין דער גרויסער ביבליאָטעק, און די שטילקייט ווערט דאָ אויך ניט אַזוי שטאַרק געהיט. עס הערט זיך דאָ אַ רוסיש וואָרט, אַן אוקראַיניש, פּויליש, דייטשש, איטאַ־ליעניש און שפּאַניש. און אויך אַ יידיש וואָרט דערהער איך אַמאָל, אָבער אַזוי זעלטן, אַז עס ווערט אומעטיק. בייע יידישע און העברעאישע ביכער קומען־צו און עס איז ניטאָ, ווער עס זאָל זיי נעמען אין די הענט אַריין. ווען איך דערזע שוין אַמאָל אַ בעלן אייף אַ יידיש בוך, קוק איך יענעם מענטשן נאָך, ווי ער וואָלט געווען אַן אומגעוויינלעכע דערשיינונג. עס זיינען נאָך דאָ יידן וואָס לייענען יידיש, אָבער זיי האָבן זייערע אייגענע ביבליאָטעקן.

איין שטענדיקן יידיש־לייענער האָב איך דאָ געטראָפֿן. ער איז אַן עלטערער מאַן, אַ שווייגער. ער זיצט שטענדיק אויפֿן זעלביקן אָרט, ביים גרויסן פֿענצטער ביי דער מעריבדיקער וואַנט, און לייענט.

ווען איך האָב אים דאָס ערשטע מאָל דערזען, האָב איך אַ קוק געטאָן

אויף אים מיט פּאַראַיבל: דאָס איז דאָך געווען מיין אָרט, דאָס באַקוועמסטע, מחמת, ווען די פּאַרנאַכטיקע זון שיינט אַריין דורך די גרויסע שויבן און מע זיצט מיט די פּלייצעס צום פענצטער, זיינען די אויגן באַשיצט פונעם שטאַרקן זונליכט, און דאָס געלייענטע בוך — ליכטיק. דערפאַר בין איך אָבער באַלוינט געוואָרן מיט אַן אומגעווינלעך בילד פונעם עלטערן מענטשן: זיין שלעכט־געגאָלט פּנים איז געווען אין שאָטן און זיינע גרויסע אַוועק־טאַרטשנדיקע אויערן זיינען געווען דורכגעזונמען פונעם זונליכט אַזוי שטאַרק, אַז עס האָט אויסגעזען, ווי זיי ברענען, אַ טונקל פּנים מיט צוויי ברענענדיקע אויערן — אַזוינס האָב איך נאָך אין מיין לעבן ניט געזען און זיך עס אפילו ניט פאָרגעשטעלט. דער קאָנטראַסט צווישן דעם פּנים און די אויערן איז געווען אַזוי שאַרף, אַז איך האָב איבערגעריסן מיין לייענען און זיך איינגעקוקט.

דער מאַן האָט מיך אָפּגעמאָסטן מיט אַ בייזן בליק און עפּעס אַ בורטשע געטאָן.

אַ שטיפעריש געפיל האָט מיך אַרומגעכאַפּט... איך האָב כלומרשט געלייענט, און אין דער אמתן פאַרגנבעט געקוקט אויף די צוויי „ברענענ־דיקע" אויערן.

צו ערנסט זיינען געווען די ביכער, צו שווער און ערנסט דאָס יידישע לעבן, אז איך זאָל זיך פאַרגינען לאַכן. איצט האָט מיר גאָט באַשערט.

---

איך האָב זיך ליב צו טיילן מיט מיינע איינדרוקן פונעם געלייענטן. האָב איך אַ פּאָר מאָל געמאַכט אַ פּאַרזוך צו פאַרפירן אַ שמועס מיטן מענטשן, וואָס האָט פאַרכאַפּט מיין אָרט, אָבער ער האָט מיך אָפן איגנאָרירט. מיט זיין גאַנצן האַלטן זיך האָט ער מיר געגעבן צו פילן, אַז איך שטער אים. בין איך אַוועק צו אַן אַנדער טיש, אָבער איך האָב שוין אַזוי מאַרקירט, אַז איך זאָל אים זען אין דער זעלביקער פּאָזע וואָס פריער.

איין פאַרנאַכט זע איך, ווי אויף מיין אָרט, וואָס איך האָב אָפּגעטראָטן, זעצט זיך אַ יונגע פרוי. זי קוקט זיך אַרום, ווי אַ פרעמדע, קוקט זיך איין אין דעם עלטערן מאַן. אירע ליכטיק־גרויע אויגן ווערן דורכגעזונמען מיט געלעכטער. עס ציטערן שוין די ווינקלען פון איר ברייטלעך מויל און דאָס גאַנצע פּנים אירס ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן אָנשטרענגונג, וואָס וועט אָט־אָט אויסברעכן אין אַ הילכיק געלעכטער. זי דערזעט מיך און זי דערקענט שוין אין מיר, אַז איך ווייס אויך פון די צוויי „ברענענדיקע" אויערן. מיר לאַכן שוין ביידע אין זיך. און דאָ ווער איך מיט איין מאָל דורכגעזונמען פון גאָר אַן אַנדער געפיל: די פרוי זעט מיר אויס ניט קיין יידישע און עס פאַרדריסט מיך שוין, הלמאַי איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אָן איר אָפּלאַכן פון מיינעם אַ ברודער.

און צו ווייזן איר, אַז איך בין ניט קיין אָפּלאַכער פון יידן, אַז איך אַליין

בין אַ ייד, הייב איך אויף מיין בוך, אַז זי זאָל זען די יידישע אותיות און מיך ניט אַריינגעמען אין שותפות. איך האָב דערוואַרט אַ קאַלטן, מיט איין מאָל־אָפּגעפרעמדטן בליק, אָבער די פרוי האָט פּאַרקוקט שוין צו מיר, ווי זי וואָלט ביי מיר עפּעס געוואָלט פרעגן.

„אויב, האָב איך געטראַכט, זי וויל עפּעס אויסגעפינען וועגן יידן און יידישקייט, בין איך גרייט". און איך שטעל מיר שוין באַצייטנס פאָר אַ גאַנצע ריי פראַגן, מערסטנס געבויט אויף אומוויסנקייט און פּאַראורטייל, און ווי איך פאַרענטפער איר יעדע פראַגע, און ווי זי זעט איין איר גרויסן טעות, וואָס זי האָט געהאַט וועגן מיר און וועגן יידן בכלל... און ווי דער־ציילט אַנדערע ניט־יידן און זיי הייבן זיך אָן צו שעמען און זיי דערפילן זייער גרויסע זינד קעגן אונדז...

זאָל זי זיך נאָר ווענדן צו מיר, וועט זי שוין קריגן דעם אמתן ענטפער!

איך בין געווען אויפגערעגט און שוין געהאַט טענות צו זיך פאַר אַי־בערגעאיילטקייט: אפשר איז זי גאָר אַ יידישע פרוי... און נאָך אַ גע־דאַנק איז מיר איצט אָנגעקומען: איך אַליין, ווען איך בין די גאַנצע צייט געזעסן אויפן יידנס אָרט, האָב איך דאָך אויך געהאַט „ברענענדיקע" אוי־ערן. און ערשט איצט האָב איך זיך דערמאָנט, אַז מענטשן האָבן מיך ניט איין מאָל באַטראַכט און זיך איבערגעקוקט...

---

דאָס איבערקוקן זיך מיט דער יונגער פרוי האָט אָנגעהאַלטן עטלעכע טעג. איך האָב די גאַנצע צייט געזען, אַז זי וויל מיך פרעגן, און זי שעמט זיך. ביז איך האָב באַשלאָסן איר אָנבאָטן מיין הילף און איך האָב זי די־רעקט געפרעגט:

— איר ווילט עפּעס וויסן?

זי איז צוגעקומען צו מיין טישל און געזאָגט:

— איך זע, איר לייענט יידיש. איך בין אַ יידישע, און איך קאָן קיין איינציק וואָרט ניט...

— וואָס ווילט איר וויסן וועגן יידן? — האָב איך געפרעגט און ניט געקאָנט קאָנטראָלירן מיין שטים, פאַרוואָס — האָב איך אַליין ניט געוואוסט.

זי האָט גערעדט ענגליש. די ערשטע פראַגע, וואָס זי האָט מיר גע־שטעלט, איז געווען ווי זאָגט מען „דזשו" אויף יידיש. „ייד" — האָב איך געענטפערט.

— אָ! — האָט זי אויסגערופן, — דערפאַר רופט מען די שפּראַך יידיש. וועלל — האָט זי באַלד צוגעגעבן — אויב מע רופט די שפּראַך „יידיש" פאַרוואָס האָט מען שוין אויך ניט געביטן דאָס וואָרט „דזשו" אויף ייד? מיינט איר ניט, אַז עס וואָלט געקלונגען בעסער?

— אפשר יאָ, — האָב איך מיט אַ שמייכל געענטפערט — אָבער דאָס

וואָלט ניט געענדערט די באַציאונג צו אונדז... זיי וואָלטן אַלץ געוואוסט, אַז אַ ייד איז אַ דזשו...

אויף אַן עכט־אַמעריקאַנער שטייגער האָט זי געזאָגט:

— אַי געס יו אַר ראַיט (איך קלער, אַז איר זייט גערעכט). אָבער דאָס לעצטע וואָרט אירס האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט אַ טיפן האַרציקן זיפץ און ערשט אָט אין דעם זיפץ האָב איך דערקענט אין איר אַן אייגענע, אַ שוועס־טער, אַ באַליידיקטע שוועסטער. איר קומען אַהער און איר אינטערעסירן זיך מיט יידן און יידישקייט האָט עפּעס געהאַט צו טאָן מיט אירער אַן אי־בערלעבונג. איז דאָס ווירקלעך אַזוי? און אויב יאָ — וועט זי זיך פאַר־טרויען פאַר מיר? די פליגל פון מיין פאַנטאַזיע האָבן מיך שוין ניט איין מאָל פאַרטראָגן און פאַרפירט. איך וועל זיין פאָרזיכטיק. איך האָב פיינט איבערגעשפּיצטקייט און קיין נאַר ווילט זיך ניט בלייבן... האָב איך גע־שוויגן און געוואַרט.

און זי האָט מיך ניט געלאָזט רוען. זי האָט געפרעגט און געפאָרשט און פאַר יעדן ענטפער מיר געדאַנקט און אַלעמאָל אויסגערופן: האַו פאַר־טשונעט אַי עם! (ווי גליקלעך איך בין) איך האָב אָנגעטראָפן אַ יידן, וואָס ווייסט... איז זאָגט מיר: וואָס האָט מען צו אונדז? איך האָב איר בקיצור דערציילט וועגן דער עקשנות פון די יידן, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן די גרעסטע גייסטיקע גבורה און ניט געוואָרן אויס יידן, זיך געלאָזט פאַרטרייבן פונעם אייגענעם לאַנד און אין דער פרעמד, צווישן גרויסע פעלקער, ווייטער, ביזן היינטיקן טאָג געטריי פאַרבליבן דעם אַלטן יידישן גלויבן. פיזיש די שוואַכסטע, גייסטיק — די שטאַרקסטע. און דאָס קאָנען זיי אונדז ניט מוחל זיין.

— יאָ, — האָט זי געזאָגט — אָבער אַמעריקאַניזם איז אויך אַ גרויסע אידייע. דאָס איז דאָך ניט איין פאָלק, פון איין גלויבן און פון איין לשון... עס איז דאָך ווי אַ ריזיקער פיל־קאָלירקער בוקעט, און יעדע בלום מיט איר שיינקייט און מיט איר אייגענעם אַראָמאַט... — און זי האָט מיר צי־טירט די קאָנסטיטוציע פון די פאַראייניקטע שטאַטן, וועגן דער גלייכהייט פון אַלע פעלקער און אַלע מענטשן.

— אַ שיינע אידייע — האָב איך געזאָגט — געוויס, אָבער — האָב איך מיט אַ ביטערן שמייכל צוגעגעבן — עס איז נאָך אַלץ אַן אידייע.

— איר זייט גערעכט, איר זייט אַזוי גערעכט! — האָט זי געזאָגט.

מיר זיינען ביידע שטיל געוואָרן. איך האָב ממש געזען, ווי זי ליידט, ליידט און שוויגט, שוויגט וועגן דער הויפּט־זאַך, וועגן דעם עיקר. איך האָב פאַרקוקט אין אירע ליכטיק־גרויע אויגן, אַזוינע גרויסע, לענגעכדיקע, מיט אַ שאָטן, וואָס האָט זיך פון דער טיף געריסן אַרויף און זיך ניט גע־קאָנט דורכרייסן.

— קאָן איך זען, וואָס איר לייענט? — האָב איך געפרעגט.

זי האָט מיר דערלאַנגט דאָס בוך. דאָס איז געווען אַ זאַמלונג וועגן יידישע ימים טובים.

מיט אַ שמייכל, ווי איינער איז זיך מודה אין זינד האָט זי געזאָגט:

— ביז איצט האָב איך אויך „געוואוסט” וועגן אונדזערע ימים טובים... לויט די שפייזן... פסח — מצה, חנוכה — לאַטקעס, פורים — האָמנטאַשן... די אַנדערע פייערטעג האָבן זיך ביי מיר אויסגעמישט דערפאַר וואָס קיין ספּעציעלע עסנס האָט מען ביי אונדז אין דער היים ניט סערווירט...

איך האָב זי באַטראַכט. זי האָט אויסגעזען יונג, אין די פריע צוואַנ־ציקער, און אין די אויגן — אַזוי פיל ליידן, וואָס איז געווען אַ שאַרפער דיסאָנאַנס צו איר יוגנטלעך פריש געזיכט.

מיין נייגעריקייט איז געשטיגן. איך האָב שוין קלאָר געזען, אַז איר אינטערעס אין יידישקייט שטאַמט ניט בלויז פון נייגעריקייט און מיט מיינע רייד האָב איך איר אוודאי ניט גרינגער געמאַכט. האָט זי דאָך פאַרקוקט צו מיר ניט נאָר ווי צו אַן עלטערן, — נאָר אויך ווי צו אַ וועגווייזער. איז מיט וואָס פאַר אַ רעכט האָב איך מינימיזירט די גוטע און ליכטיקע זייטן פון אַמעריקע? איך האָב עס ניט געטאָרט טאָן! און ניט אין אַזאַ פאַל!

האָב איך אַ שמייכל געטאָן צו איר, ווי איך וואָלט געווען דער דאָקטאָר און זי מיין פּאַציענטקע און איך האָב געזאָגט:

— שטרענגקייט איז ניט שטענדיק די ריכטיקע מאָס, און ווען עס קומט צו אַמעריקע, דאַרפן מיר, יידן, אוודאי ניט זיין שטרענג. דאָס וואָס אַמעריקע האָט געטאָן פאַרן יידישן פאָלק, דאַרף ערשט אָפּגעשאַצט ווערן: אַמעריקע האָט אונדז געגעבן אַ היים און דער עכטער, דער אידעאַלער אַמע־ריקאַנער איז אונדזער פריינט, יעס מע'ם... יעדער ניט־ייד ווערט פון אונדז גערופן „גוי”. אָבער עס זעט מיר אויס אַז פאַר אַ גוטן אַמעריקאַנער פּאַסט זיך גאָר דאָס וואָרט ניט...

איך האָב ווייטער אַנטוויקלט מיין טעאָריע, און דאָ האָב איך באַמערקט, ווי מיי יונגע צוהערערין מיט זיך צו באַהאַלטן אַ שמייכל, אַ שמייכל פון אַ דערוואַקסענעם איבער אַ יינגערן פון זיך... און איך בין דאָך, לויט מיין אָפּשאַצונג צוויי מאָל עלטער געווען פון איר!

און איך האָב דאָך מיין מילדן טאָן צו ניט־יידן גענומען צוליב איר. היינט ווי קומט דאָס?... איר שמייכל האָט אָפּגעקילט מיין שטראָם רייד און איך בין באַלד שטיל געבליבן.

— רעדט, רעדט — האָט זי מיך געמונטערט — איר רעדט אַזוי שיין!

אָבער מער האָב איך אין יענעם מאָמענט ניט געקאָנט זאָגן. אויב זי שטימט ניט מיט מיר, וויל איך וויסן פאַרוואָס. איך האָב באַמערקט, ווי מע קוקט אויף אונדז און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך האָב אוודאי גענומען אַ העכערן טאָן...

ווי וואָלט געווען — האָב איך געזאָגט — מיר זאָלן זיך דורכגיין אין גאַס? דאָרט וועלן מיר זיך פילן פרייער.

זי האָט בלויז אַ ווײַלע זיך געקווײנקלט. איך האָב זיך אויפגעשטעלט דער ערשטער און איר געוואָלט העלפן אָנטאָן איר מאַנטל, אָבער זי האָט דאָס מיך ניט געלאָזט טאָן.

איך האָב געכאַפּט אַ קוק צום עלטערן מאַן ביים פענצטער. די זון איז שוין געווען אַזוי נידעריק, אַז זיינע אויערן זיינען מער ניט געווען דורכ־געגומען פון איר ליכט.

מיין אומבאַקאַנטע באַקאַנטע האָט זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג. איך בין איר נאָכגעגאַנגען. איר היטעלע איז נאַכלעסיק געזעסן אויף די בלאָנדע קוים־געקרוילטע האָר. עפּעס שוואַכס און קינדערש איז געווען אין איר דינעם ווייסן נאַקן און אין די שמאָלע פּלייצעס. נאָר די טריט האָט זי גע־שטעלט זיכערע און גרינגע, ווי זי וואָלט קוים באַרירט דעם שטייניקן טראָטואַר.

— דאָ איז מיין קאַר — האָט זי אָנגעוויזן אויף אַן אויטאָ איבערן וועג.

איך האָב אַ זייטיקן קוק געטאָן אויף איר: וועט זי וואַגן זיך אַריינזעצן מיט אַ פרעמדן מאַן אין אַ קאַר? און ווי זי וואָלט מיר געענטפערט אויף מיין געדאַנק, האָט זי געזאָגט:

— אָבער איך בין ניט מיד... בעסער גיין, אָלראַיט?

— אָלראַיט — האָב איך צוגעשטימט.

נאָך אַ ווײַלע בין איך איר נאָכגעגאַנגען. באַלד האָב איך זיך אויס־געגלייכט מיט איר.

מיר זיינען געגאַנגען און געשוויגן.

— איר האָט דאָך געוואָלט ריידן — האָט זי מיר דערמאָנט.

— ניין — האָב איך איר אין טאָן געענטפערט — איך האָב געוואָלט הערן, וואָס איר האָט צו זאָגן.

— זאָגן האָב איך ניט וואָס, סיידן דערציילן אַ גאַנצן מעשה. איז ווער האָט עס געדולד אויסצוהערן מעשיות?

— איך האָב זייער ליב מעשיות — האָב איך שטיל אויסגערופן.

— אָבער... — זי האָט זיך פאַרהאַקט.

— זאָגט גאָרניט — האָב איך איר געעצהט — סיידן איר ווילט.

זי האָט אַ קוק געטאָן צו מיר, ווי זי וואָלט מיך עפּעס געפרעגט, אָדער מיך אויסגעפּרובירט, צי קאָן זי זיך מיר פאַרטרויען. זי האָט מיך אָבער גאָרניט געפרעגט און איך האָב גאָרניט געענטפערט. מיר האָבן געשפּאַנט שווייגנדיק.

עס איז געווען סוף יאַנואַר. קיין סך שניי איז ניט געווען, און די ביסלעך, וואָס האָבן זיך פאַרוואַלגערט אין די ווינקלען פון די דעכער, צי אויף הוילע צווייגן פון די ביימער, האָבן זיך געשמאָלצן און מיט אַ פריילעכן

כליופּ געפאַלן צום טראָטואַר. יעדער פאַלנדיקער טראָפּן האָט געטראָגן אַ זון מיט זיך און זיי האָבן מיר געבלענדט די מידע אויגן. די יונגע פרוי האָט געלאַכט.

— וואָס לאַכט איר? — האָב איך זיך געחידושט.

— זעט, זעט — האָט זי געזאָגט — אַזעלכע קאָמישע, פריילעכע טראָפּנס. זיי מאַכן מיך צום לאַכן. און זיי האַלטן אין איין רינען. און דער גאַנצער אינדרויסן האָט עפּעס אַן אויסזען, ווי אַ פּנים וואָס לאַכט דורך טרערן... זעט נאָר די צווייגן, האָט זי געזאָגט, ווייזנדיק אויף די הוילע, שוואַרצלעכע צווייגן, וואָס האָבן זיך געריסן אַרויף צו די הימלען. — זיי וויינען און זיי לאַכן. איז עס ניט קאָמיש?

איך בין געווען דורכגענומען פון אירע רייד, אָבער איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז זי טוט דאָס בכיון, אַבי ניט דערציילן, וואָס זי וויל... און אפשר שעמט זי זיך? וועל איך זי, ווי מע זאָגט, ביי דער צונג ניט שלעפּן.

און דער פאַרנאַכט איז ווירקלעך געווען אַן אויסערגעוויינלעכער, סיי לויט דער פלוצעמדיקער וואַרעמקייט, סיי אויך לויט אויסזען פון דעם האַלב־פאַרוואָלקנטן הימל. זיין מזרח־זייט איז געווען פאַרשטעלט פון אַ אויסגעשטשערבעטער וואַנט, ווי אַ קייט בערג. זייערע שפּיצן האָבן זיך געקרישלט און געענדערט דעם אויסזען פון די אויבערשטע ברעגן. פון זיי, צו מעריב צו, האָט זיך דער הימל געשפּרייט אין לויטערער שטילקייט און די מעריבדיקע פאַרוואָלקנטע זייט האָט זיך ווי אָנגעצונדן, פריער מיט אַ פלאַמיקער רויטקייט און באַלד איבערגעגאַנגען אין אַ קאָליר פון שטאַרק־צעגליטן זשאַר. און סיי די רויטקייט און סיי אויך די גליהיקייט האָבן זיך געהאַלטן אין איין ענדערן און איבערגיסונגען און זיך בייטן מיט די קאָלירן, ווי מיט פאַרביקע מאַנטלען. וואָס ווייטער די וואָלקנס זיינען געווען פון דער פאַרגייענדיקער זון, אַלץ ליכטיקער זיינען זיי געווען און אַלץ העלער האָבן זיי געברענט. און די שטיקער הימל צווישן יענע וואָלקנס האָבן געביטן זייער קאָליר פון ווייסלעך־בלוי אויף גרינלעך־בלוי, אויף גראַנאַט. די זון האָט מען ניט אַרויסגעזען. דאָס האָט זי ערגעץ ווי אין געהיים געשפּונען אירע וואונדערלעכע פאַרבן.

מיט איין מאָל האָט זי זיך באַוויזן, שוין אַ האַלב־פאַרזונקענע, אַן שטראַלן, ווי עמעצער וואָלט זיי אָפּגעשוירן און זיי צעוואָרפן הינטער די צעגליטע וואָלקנס.

איך האָב מער ניט געקאָנט קיין טריט שטעלן. איך האָב אָנגעכאַפּט די יונגע פרוי ביי דער האַנט. זי האָט אויף מיר פאַרדעכדיק אַ קוק געטאָן און געפרעגט:

—וואָס איז דאָס?

איך האָב זיך אַנטשולדיקט און איר אָנגעוויזן אויף דער „אָפּגעשוירע־נער" זון.

— יאָ — האָט זי געזאָגט און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אויך איר שטים וויברירט אַנדערש און קלינגט ווייכער ווי אין דער ביבליאָטעק, כאָטש דאָ האָט זי מער ניט געפּליסטערט.

מיר זיינען נאָך אַ היפּשע ווײַלע געשטאַנען. איך האָב געזאָגט:

— איר זעט די קאַפעטעריע? לאָמיר אַריין נעמען אַ קאַפּי.

זי האָט זיך געקווינקלט. איך האָב שוין געהאַט פאַרדראָס. וואָס ברעקלט זי זיך? האָט זי מורא פאַר מיר, האָט זי ניט באַדאַרפט פאַרפירן מיט מיר קיין רייד. אַז איך וויים אפילו ניט ווי זי הייסט.

— לאָמיך וויסן מיט וועמען איך רייד — האָב איך ברוגזלעך אַ זאָג געטאָן.

— און איך וויים דאָך אויך ניט — האָט זי מיר צוריקגעענטפערט.

איך האָב איר געזאָגט מיין נאָמען.

— איך הייס מיסעס פּיטערס, אָבער איר קאָנט מיך רופן, ווי מיין באָבע רופט מיך: שרהלע.

—דאָס איז אַ פיינע קאָמבינאַציע — האָב איך געזאָגט און זיך ניט געקאָנט באַהערשן ניט איבערצוחזרן איר ערשטן און צווייטן נאָמען. אַלץ איז מיר היינט געווען אויסערגעוויינלעך: דאָס פּלוצעמדיקע וואַרעמע וועטער, דער אומגעווייגלעכער זונפאַרגאַנג, די נייע באַקאַנטשאַפט און „שרהלע פּיטערס!" אָבער מיין פאַרלאַנג אויסצוגעפינען ווער און וואָס מיין נייע באַקאַנטע איז, איז ניט דערפילט געוואָרן. מיר האָבן שוויגנדיק געטרונקען אונדזער קאַפּי. עס האָט מיר אויסגעזען, אַז זי וויל עפּעס זאָגן, אָנהייבן צו דערציילן, אָבער זי האָט ניט געוואָלט, צי ניט געוואַגט. האָט זי מיך אַ פרעג געטאָן:

— ווי אָפט קומט איר אַריין אין דער ביבליאָטעק?

— אַזוי אָפט ווי מעגלעך — האָב איך געענטפערט.

— נו, וועלן מיר זיך נאָך זען — האָט זי מיר פאַרשפּראָכן.

***

ווען מיר האָבן זיך אויף מאָרגן פאַרנאַכט געטראָפן אין דער ביבליאָטעק, האָט מיך שרהלע פּיטערס אויפגענומען ווי אַן אַלטן באַקאַנטן מיטן וואַרעמען היימישן אַמעריקאַנישן אויסרוף: "האַי?" אויפן אָנלען פון איר שטול איז געהאַנגען איר גרינער מאַנטל מיטן פוטערנעם קאָלנער. זי האָט געטראָגן דאָס זעלבע סוועטערל וואָס נעכטן, אַ קאָליר פון בלייכן גע־וועלקטן בלוי. דאָס קליינע היטעלע אויף איר קאָפּ איז ווי נעכטן געווען נאַכלעסיק אָנגעטאָן און די העל־בלאָנדע קרוילן זיינען פריי געפאַלן אויף איר קליינעם שטערן.

איך בין צוגעקומען צו איר טיש און זיך פאַרנויגט. איר פּנים איז געווען פאַררויטלט, באַלעבט. איך האָב אַ קוק געטאָן צו „מיין" אָרט,ביים מעריבדיקן פענצטער. דאָרט איז ווידער געזעסן דער עלטערער ייד און

געלייענט, אָבער דאָס וועטער איז געווען פאַרוואָלקנט, און זיינע אויערן האָבן זיך ניט געקאָנט „אָנצינדן".

מיסעס פיטערס האָט מיר געוויזן איר בוך. דאָס איז געווען „די וועלט פון שלום עליכם".

— הי איז גרעיט! — האָט זי אויסגערופן. איך האָב גערן צוגע־שטימט און זיך קוים באַהערשט איר ניט צו זאָגן, אַז ווען זי זאָל דעם זעל־ביקן שרייבער קאָנען לייענען אין אָריגינאַל, וואָלט שלום עליכם נאָך געווען „גרעיטער". מיט מיינע היימישע יידן האָב איך זיך געקאָנט אַמפּערן, אָבער ניט מיט אַמעריקאַנער. מוסר זאָגן איז מיר געווען דערווידער. איך האָב צו די אַמעריקאַנער יידן קיין טענות ניט געהאַט. לויט מיין מיינונג, זיינען זיי געווען ניט ערגער פון מיר. זיי זיינען געווען אַנדערש, אָבער „אַנדערש" האָט דאָך עס ניט געקאָנט זיין, מחמת זיי זיינען געוואַקסן און דערצויגן געוואָרן אין אַן אַנדער סביבה און מיט אַן אַנדער לשון. פונדעסטוועגן האָב איך זיך דאָך ניט באַהערשט און איך האָב געפרעגט (ניט אָן פניות):

— מיט וואָס איז ער אַזוי גרויס?

— וועלל, — האָט זי געזוכט אַן ענטפער — צום אַלעם ערשטן איז ער אינטערעסאַנט. און דערצו נאָך הומאָריסטיש. און, וואָס מיר געפעלט אין אים, איז: ער פאַרשטייט זייער גוט מענטשן. ער לאַכט ניט פון זיי, נאָר מיט זיי. ער דערציילט זיי אַ מעשה טאַקע וועגן זיי אַליין, און זיי הערן און לאַכן. און עס ווערט אַזוי גוט אויפן האַרצן צו הערן מענטשן לאַכן גוטמוטיק!

ניט אַזוי גלאַטיק האָט זי אַרויסגעבראַכט איר געדאַנק, ווי איך גיב אים איבער, אָבער איך האָב דערזען פאַר זיך אַ באַלעזענעם, שיין־אַנטוויקלטן מענטשן, און איך האָב זי קאָמפּלימענטירט פאַר אירע רייד.

איך האָב זיך צוגעזעצט און פאַרקוקט אין מיין בוך. אויך זי האָט זיך פאַרטיפט אין לייענען. אַרום אונדז האָט געהערשט די געוויינטלעכע שטיל־קייט פון אַ ביבליאָטעק. דער נעכטיקער פאַרנאַכט, מיין נייע באַקאַנטשאַפט האָט נאָך וויברירט אין מיר מיט דער גאַנצער פרישקייט פון אַן אומגע־וויינלעכער איבערלעבונג. און ווייל אַלץ אַרום און אויך דער פאַרוואָלקנטער אין דרויסן האָט אויסגעזען אַזוי געוויינלעך, האָב איך נאָך שאַרפער דער־פילט דעם נעכטן.

מיטאַמאָל האָט מיסעס פיטערס זיך האַרציק צעלאַכט. מענטשן האָבן זי באַטראַכט מיט פאַרדראָס און איבערראַשונג. זי האָט זיך אַנטשולדיקט און צו מיר, און צו אַלעמען ביי די טישן געזאָגט:

— עס טוט מירווירקלעך לייד, איך האָב זיך ניט געקאָנט העלפן. — און מיר האָט זי שטיל געזאָגט: — עס איז אַ געפאַר אַזאַ בוך צו לייענען אין אַ ביבליאָטעק... מע דאַרף עס נעמען אַהיים און דאָרט זיך גוט אָנלאַכן... זייט מוחל, איך שטער אייך?

— ניין — האָב איך אויפריכטיק געזאָגט.

— ווילט איר אפשר ריידן מיט מיר אַזוי ווי נעכטן? — האָט זי אַ פרעג געטאָן.

איך האָב צוגעשטימט און זי איז מיך באַלד „באַפאַלן" מיט פראַגן וועגן יידן און יידישקייט. איך האָב איר אַפילו געדאַרפט דערקלערן דעם חילוק פון מילכיקס און פליישיקס. דערביי האָט זי מיר דערציילט, אַז אין אַ שפּאַס זאָגט איר באָבע אויף פליישיקס „שיקס" און אויף מילכיקס — „כיקס"... ניט נעכטן, ניט היינט האָט זי דערמאָנט אירע עלטערן, נאָר וועגן דער באָבען האָט זי גערעדט און זי ניט אויפגעהערט צו לויבן.

זי האָט זיך געהיט ניט צו שטערן די לייענער מיט אירע רייד, האָט זי געפליסטערט. איך האָב זיך צוגערוקט צו איר און זיך איינגעהערט:

— ... וויסן איז אַ גרויסע זאַך! איז זייט אפשר ניט אַזוי גלוביק, ווי מיין באָבע, אָבער זי האָט מיר ניט געקאָנט דערציילן דעם חילוק פון מילכיקס ביז פליישיקס. זי האָט זיך שיר צעוויינט, ווען איך האָב זי דאָס געפרעגט. זי האָט געמיינט, איך לאַך פון איר. און אפשר זייט איר יאָ פרום? אָבער עס מאַכט ניט אויס. איר און מיין באָבע באַלאַנגט צו דער זעלביקער קאַטעגאָריע. איך... איך בין עפּעס אַנדערש.

ווידער האָט זי אַ זיפץ געטאָן אַזוי ווי נעכטן, אַזאַ טיפן עכט־יידישן זיפץ, וואָס קומט פון דורות ליידן.

— לויט אייער אינטערעס אין יידן, שוין ניט ריידן פון אייער אָפּשטאַם, דאַרפט איר זיך ניט פילן ווי אַ צווייטקלאַסיקע יידין.

— אַ צווייטקלאַסיקע? — האָט זי איבערגעפרעגט און ביטער אַ לאַך געטאָן. — אַפילו קיין דריטקלאַסיקע אויך ניט... כאַ־כאַ! דאָס איז אַ שפּאַס: „צווייטקלאַסיקע"... ווען איך זאָל געוועזן פאָלגן מיין באָבען, וואָלט דערצו ניט געוועזן געקומען...

איך האָב איר איבערגעשלאָגן די רייד:

— וואָס איז גאָר די באָבע? איר האָט, גאָט באַהיט, ניט קיין עלטערן?

איר קליין לענגלעך פּנים איז אויסגעקרימט געוואָרן פון אַ שלעכטער גרימאַסע.

— מיינע עלטערן... יאָ, מיינע עלטערן. זיי האָבן מיך געשטאָפּט מיט אַלעם גוטן. אַלץ האָב איך ביי זיי אויסגעפּירט: די בעסטע קליידער, וואָס מער שפּראַכן און פּיאַנאָ, און טאַנצן. און אַנדערש איז זיי ניט אָנגעשטאַנען, נאָר האַרוואַרד אוניווערסיטעט. אַזוי פּאַ און אַזוי מאַ. ביידע האָבן געגלויבט, אַז זיי זיינען די בעסטע און אַז אויך איך און מיינע דריי ברידער זיינען די בעסטע קינדער.

„ווען ניט די באָבע, וואָלטן מיינע ברידער אפילו קיין בר־מצוה ניט געוועזן געהאַט. איך געדענק זייער לערער. „ראַבי" האָבן מיר זיי גערופן. זיי זיינען געוועזן אַזוינע פרעמדע, אָרעמע, אַז עס איז געווען אַ רחמנות אויף זיי צו קוקן. מיינע ברידער האָבן אָפן געלאַכט פון יענע יידן און זיי אין די

אויגן איבערגעקרימט זייער שלעכטן ענגליש. און איך האָב אויך געלאַכט, זייער שטאַרק און זייער געשמאַק געלאַכט. איצט באַגרייף איך, אַז יענע ראַבאַיס האָבן זיך ביי אונדז אין שטוב געפילט ווי צווישן שלעכטע גוים. דעמאָלט האָב איך עס ניט פאַרשטאַנען... און מיינע עלטערן? ווּעלל, זיי האָבן ניט אַזוי אָפּן געחוזקט פון די פרומע מלמדים, אָבער זיי האָבן אונדז, קינדער, קיין איינציק מאָל ניט באַשטראָפט דערפאַר. דעמאָלט האָט נאָך דער זיידע געלעבט. זיידע־באָבע האָבן געוואוינט ווייט פון אונדז, און זיי האָבן ניט געוואוסט, וואָס פאַר אַ פיקניק יעדער פון מיינע ברידער האָט מיט זיין ראַבאַי... מיין זיידע האָט אויך אויסגעזען, ווי אַ ראַבאַי. איך האָב אים איינמאָל געטראָפן דאַוונען אין אַ שאַל״...

— אַ טלית — האָב איך מיסעס פיטערס באַמערקט.

—אַ וואָס?! — זי האָט זיך שטאַרק פאַרוואונדערט. איך האָב איר בקיצור דערציילט וואָס אַ טלית מיינט און איך האָב דערזען איר קליינע האַנט זיך ציען צו מיינער. זי האָט מיר געדריקט מיין האַנט און געדאַנקט, און געדאַנקט. — ווי ווילד האָב איך דעמאָלט געמוזט אויסזען אין מיין זיידנס אויגן! און אויפן שטערן איז ביי אים געזעסן אַ שוואַרץ, פירעקעכדיק קעסטעלע! און זיין לינקער אָרעם איז ענג געווען איינגעבונדן מיט אַ לע־דערנעם פאַסעק... אָ, ער איז מיר געווען אַזוי קאָמיש! איך האָב זיך שטאַרק־שטאַרק צעלאַכט... — ווידער האָב איך מיין דערציילערין אי־בערגעריסן און איר דערציילט וועגן לייגן תפלין. — ווי גוט, אָ, ווי גוט, וואָס האָב איך געטראָפן! און, אָ, ווי איך שעם זיך איצט! דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב דעם זיידן געזען אין טלית און תפלין. ער איז שוין דאַן געווען אַזוי שוואַך, אַז אין שוהל האָט ער שוין ניט געקאָנט גיין און געדאַוונט אין דער היים. אָבער איך, ווילדע צוועלף־יעריקע ציג, האָב דעמאָלט גאָרניט פאַרשטאַנען, און איך האָב מיר אַזוי געמאַכט דעם חשבון: דער זיידע מיינער זעט אויס ווי די מלמדים; מיין טאַטע איז שוין ווי אַ „ריעל אַמעריקען דזשענטלמען״, אָבער זיין ענגליש איז פול מיט גרייזן. דערפאַר אָבער איך און מיינע ברידער — אָ־האָ! קיינעם וועט אפילו ניט איינפאַלן, אַז מיר זיינען יידן!

„דאָס געדענק איך, איז מיר זייער געפעלן, און איך האָב זיך געשראָקן, צי איז אין מיין פּנים פאַראַן אַ סימן פון אָנגעהעריקייט מיט מיין זיידן, צי מיט די מלמדים פון מיינע ברידער.

„איר קאָנט אוודאי מיינען, אַז איך האָב פיינט געהאַט מיינע זיידע־באָבע? פאַרקערט, איך האָב זיי זייער ליב געהאַט און דער באָבעס מאכלים זיינען נאָך אַלץ די בעסטע אין דער וועלט. און איר צעבראָכענער ענגליש האָט אין זיך „אַלע זיבן חנען״. (די דריי ווערטער האָט שרהלע געזאָגט אויף יידיש און זי האָט מיר טאַקע באַלד דערקלערט: אַזוי זאָגט מיין באָבע אויף אירע אייניקלעך, אַז זיי האָבן אַלע זיבן חנען). אָ, אירע געפילטע פיש,

אירע קוגלען און, דערהויפּט, איר באָרשטש, רויט ווי פייער. און זי סער־ווירט אים שטענדיק אַזוי הייס! נעמסט אַריין אַ לעפל באָרשטש אין מויל אַריין, און דו האָסט מורא, אַז דו וועסט זיך אָפּקאָכן... היינט אירע קוקיס, האַרטע ווי שטיין און פול מיט צעריבענע ניס און מאָן!

„פאַר יעדן עסן האָט די באָבע מיך געלערנט עפּעס זאָגן און מיך ניט געקאָנט אויסלערנען. נעכטן, נאָך אונדזער באַקאַנטשאַפט, בין איך געווען ביי איר. זי האָט מיך אויפגענומען מיט עסן און מיט טרינקען. איך האָב זי געבעטן מיט מיר זאָגן יענע ווערטער, וואָס זי האָט מיך קינדוויז ניט גע־קאָנט אויסלערנען. זי האָט זיך צעוויינט, און איך — אויף איר קוקנדיק. איך האָב געזאָגט די ווערטער און האָב זיי באַלד פאַרגעסן. אָבער דריי געדענק איך נאָך: „ברוך אַתּה אַדוני".

— וואָס פאַר אַ געוויין? — האָב איך געפרעגט.

— יאָ, — האָט מיסעס פּיטערס פאַרגעזעצט — אַז איך דערצייל איך שוין, מעג איך שוין גיין ווייטער... די באָבע האָט געוויינט אויף מיינע צרות און איך — און איך אויף מיין נאַרישקייט. אָט די אַלטיטשקע, וואָס גלויבט אַזוי ריין, נאָר ווי אַ קינד קאָן גלויבן און וואָס קאָן גאָרניט דער־קלערן. זי האָט קיינמאָל קיין בוך ניט געלייענט און קולטור און ציווילי־זאַציע זיינען איר אַזוי פרעמד, ווי דורות גלויביקע יידן פאַר איר, — זי, דווקא זי, האָט מער פאַרשטאַנען פון מיר, וואָס האָט דורכגעמאַכט האַרוואַרד אוניווערסיטעט. זי האָט זיך איר קולטור, די קולטור פון אייביקן אויפ־האַלטן זיך, ווי אַ פאַלק. און דאָס איז אַזאַ מעכטיקע פעסטונג, אַז קיין שטורעם וועט זי ניט אומוואַרפן.

„ווען איך האָב אָנגעהויבן „אויסגיין" מיט דזשאַנין, האָב איך אים פריי געבראַכט צו מיינע לעטערן אַהיים און אים פאַרגעשטעלט פאַר זיי. זיין טאַטע איז געווען זייער אָנגעזען אין שטאָט און טאַקע פון גרויסן אַמערי־קאַנער יחוס. געדענק איך, ווי מיינע לעטערן האָבן דזשאַנין אויפגענומען. מיט אַ מין כבוד! און ווי שטאָלץ איך בין געווען, וואָס דזשאַני איז געווען מיינער! עס וועט ניט נעמען לאַנג, און איך וועל ווערן מיסעס פּיטערס און טראָגן ווייטער זיין שיינעם און גרויסן יחוס אין דער ווייטערדיקער גע־שיכטע פון אַמעריקאַנער אַריסטאָקראַטן.

„ווען דזשאַני איז אַוועק אַהיים, האָבן מיך טאַטע־מאַמע גראַטולירט. אָבער איך האָב באַמערקט אויף ביידנס פּנימער עפּעס אַזוי ווי שרעק.

„דער טאַטע האָט מיך אַריינגערופן אין זיין קאַבינעט און מיך גע־פרעגט, ווי ווייט האַלט עס שוין ביי מיר מיט דזשאַנין.

„ער איז מיינער! — האָב איך אין עקסטאַז אויסגערופן — דעדי, ער איז שוין אינגאַנצן מיינער!

„ער איז זייער אַ פיינער באָי — האָט דער טאַטע ניט זיכער אָנגעהויבן, — אָבער ער איז פון אַן אַנדער גלויבן.

„— פון אַן אַנדער גלויבן? — האָב איך מיט חוזק איבערגעפרעגט.
— ער איז ניט קיין גלויביקער. דעדי, ער גייט אפילו ניט אין טשוירטש.
נו, און איך גיי ניט אין שוהל. מיר זיינען ביידע אַמעריקאַנער.

„— איך בין ניט קיין נאַרישער ראַבאַי, — האָט מיר פּאַ דערקלערט
— און איך וועל דיר ניט שטערן, אָבער, טאָכטער, באַקלער זיך, איידער עפּעס,

„— וואָס מיינסטו, דעדי, זיך באַקלערן? ניטאָ וואָס צו קלערן.
דזשאַני איז מיינער, און איך — זיינע, און אין יוני איז אונדזער חתונה.

„דעדי האָט מיך געקושט און מיך גראַטולירט. די מאַ האָט עפּעס גאָר קיין אָנטייל ניט גענומען. זי איז געווען פאַריאָגט אין מיין טאַטנס געשעפטן. סוחרים האָבן זי גערופן „אַ מאַנסבילשע קאָפּ".

„און איך בין געווען אַזוי נאַריש, אַזוי אומפאַרגיבלעך נאַריש, אַז איך האָב דזשאַנין געפירט צו דער באָבען. זי האָט זיך געפרייט ביז טרערן און ניט אויפגעהערט אונדז צו ווינטשן גליק. זי האָט ניט געוואוסט, אַז זי רעדט ניט צו אַ יידן, און זי האָט געווינטשעוועט אויף יידיש און אַסך מאָל ווידערהאָלן דאָס וואָרט „מזל טוב".

„נו, דאָס האָט אויך דזשאַני פאַרשטאַנען און ער האָט איר געדאַנקט. די באָבע האָט גליקלעך געלאַכט און מיך געבעטן, אַז ווען גאָט וועט מיר געבן אַ ייִנגל, זאָל איך אַ נאָמען געבן נאָכן זיידן משה.

מיט איין מאָל האָב איך דערפילט אַ שטאַרקע היץ אין פּנים, אַזוי ווי עמעצער וואָלט מיך פּלוצעם זייער שווער באַליידיקט: אַ פיינער יחוס!...
דזשאַניס זון זאָל הייסן משה... קיין קרימערע און מער אומגעלומפּערטע זאַך האָב איך זיך אין יענעם מאָמענט גאָרניט געקאָנט פאַרשטעלן און איך האָב אַ קלער געטאָן: „ווי האָב איך זי גאָר געקאָנט ליב האָבן, אָט די נאַרישע, אומוויסנדיקע אַלטע? ווי וואַגט זי גאָר?!

„— קאָם אָן, לעט׳ס גאָ! — האָב איך בייז אַ זאָג געטאָן צו דזשאַנין. ער האָט מיך מיט חידוש באַטראַכט און איז מיר נאָכגעגאַנגען. די באָבע האָט אונדז באַגלייט. זי האָט ניט פאַרשטאַנען, מיט וואָס זי האָט מיך באַליידיקט. אירע שוואַכע קליינע אויגן האָבן קיין פינטל ניט געטאָן. דאָס מויל האָט געווינטשעוועט, און די אויגן האָבן אויסגעדריקט שרעק און איבערראַשונג.

„אין דרויסן האָב איך פריי געלאָזט מיין געלעכטער, אַזוי אַז דורכגייער האָבן מיך מיט חידוש באַטראַכט. אויך דזשאַני האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן און איך האָב געזען, אַז מיין געלעכטער געפעלט אים ניט. ער איז געווען העכער פון מיר. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט און פאַרקוקט אין זיינע גרינלעכע אויגן, אַזוינע שטרענגע און באַפעלערישע, אַז עס איז געווען אַ תענוג זיך אונטערגעבן. מע דאַרף זיין אַ פרוי, מע זאָל באַנעמען דעם צויבער פון שטרענגע מענערשע אויגן, קוים־קוים דורכגענומען מיט אַ וואַרעמקייט.

„— וואָס איז דער מער מיט דיר ? — האָב איך אים געפרעגט.

„— וואָס איז מיט ד י ר דער מער ? — האָט ער מיך אין טאָן איבערגעפרעגט.

„— איז דאָס ניט קאָמיש ? — האָב איך געזאָגט און ניט דערזאָגט, ווייל איך האָב זיך אין יענעם מאָמענט געשעמט ניט נאָר מיטן אַלטמאָדישן נאָמען משה, נאָר אויך מיט מיין אַלטפרענקישער באָבען, מיט איר צעקאַליעטשעטן ענגליש און מיט די נאַרישע ווינטשעוואַניעס.

„— דו מיינסט דעם יידישן נאָמען ? — האָט ער געפרעגט. און מיין האַרץ האָט דערביי אין שרעק געקלאַפּט : איך האָב זיך גאָרניט געקאָנט פאָרשטעלן, וואָס נאָך דעם וועט קומען. איך האָב געוואַרט . . . — וועלל, דאַרלינג, זי צווינגט דיך ניט. אָבער . . . אַ שעלמיש פלעמעלע האָט דורכגעלויכטן זיינע קילע אויגן און ער האָט געזאָגט : איך וועט זיך מיט דיר, אַז זי ווייסט ניט, ווער איך בין, אַז זי איז אַ פרומע, כשרע פרוי און מיין גאַנצער יחוס גייט איר ניט אָן. — ער האָט אויף מיר אויספּרובירנדיק געקוקט און מיט אַ שמייכל, עפּעס אַזאַ קליין זייטיק שמייכעלע, ווי דאָס וואָלט געשטעקט נאָר אין איין ווינקל פון זיין שיין, פאַרביק מויל, האָט ער אַ זאָג געטאָן : — אָט דערציייל איר נאָר אַז איך בין ניט קיין ייד, וועסטו דערהערן, וואָס זי האָט צו זאָגן. זי וועט שוין ניט וועלן איר אוראייניקל זאָל אַפילו טראָגן דעם נאָמען פון האָלי מאָזעס, אויב עס וועט זיין מ י י ן קינד.

„— און דיך וואָלט ניט געאַרט, אונדזער זון זאָל הייסן מאָזעס ? (משה האָב איך מורא געהאַט צו זאָגן).

„— פאַוואָס זאָל דאָס מיך אַרן ? — האָט ער געפרעגט. — וואָס איז, דיין זיידע איז געווען אַ פאַרברעכער ?

„— דו מיינסט עס ערנסט ?! — האָב איך זיך ניט געגלויבט. מאָרגן גיי איך צו גרענדמאַ און איר אַלץ דערציילן. איך וועל איר זאָגן, ווי גוט, ווי פאַרשטענדיק דו ביסט . . . אָ, דאַרלינג ! מאַי גוד, גוד באַי ! — און איך האָב אים אין מיטן גאַס אַרומגעכאַפּט און אַ קוש געטאָן. מיין טאַטנס שוואַכע וואָרנונג האָט איצט געהאַט פאַרלוירן איר גאַנצע ווירקונג. ניט נאָר ער, איצט וועט אויך מיין פרומע באָבע איינזען, ווי גוט דזשאַני איז, ווי גוט און ווי עכט־אַמעריקאַניש, מיטן אמתן געפיל, אַז פאַר גאָט זייבען אַלע מענטשן גלייך . . . איך, די יידישע, האָב איך זיך געשטיקט מיטן נאָמען משה, און ער, דזשאַני פיטערס האָט אים אַזוי גרינג און אַזוי שיין אָנגענומען.

„און אויף מאָרגן בין איך שוין געווען ביי דער באָבען און איר דערציילט מיין גרויס גליק : מיין זון וועט טראָגן דעם נאָמען משה, אַזוי ווי זי וויל.

„— די באָבע האָט אויסגעזען גליקלעך, אָבער זי האָט מיך אַ פרעג געטאָן :

„— און ווי הייסט דער טאַטע ?

„— דזשאַני, דזשאַן הייסט ער...

„— ניין, — האָט די באָבע מיך געלערנט — אונדזערע יידן געבן זיי־ערע קינדער אַמעריקאַנער נעמען... אַזוי לאַנג ווי דו ביסט געווען אַ מיידל, האָב איך דיך ניט געבאַדערט. אָבער איצט, טאָכטער, גייסטו ווערן אַ מאַמע. זאָלסטו וויסן, אַז אויב דזשאַניס יידישער נאָמען איז משה, טאָר זיין זון ניט הייסן דעם זעלבן נאָמען.

„איך האָב איר גאָרניט געקאָנט ענטפערן. זי איז געשטאַנען, אַ קליי־נינקע, אין איר שווער לאַנג קלייד ביז דער ערד, מיטן געקווייטלטן טיכל אויפן קאָפּ. די האָר אירע זיינען שוין געווען אַזוי גרוי, אַז זיי האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַרוואַנדלען אין אַ מין געלבלעכקייט. אָבער זיי זיינען גע־ווען געדיכט. די באָבע האָט זיי ענג איינגענומען, און איר קאָפּ האָט אויס־געזען פירעקעכדיק. פון איר שטאַרק-געקנייטשט פּנים האָבן אויף מיר מיט געבעט און מיט ליבע געקוקט צוויי טונקל-ברוינע אויגן. און אַזאַ זהאַרעמקייט האָט פון זיי געשלאָגן! איך האָב זיך אַלעמאָל געוואָרעמט אין די שטראַלן פון די פּאָר אויגן. איצט האָב איך זיך דערפילט ניט גוט. זייער שטיל, וואַרעם ליכט האָט אין מיר געוועקט אַ פינצטערן פאַרדראָס. דער באָבעס אויגן זיינען אין דעם מאָמענט געווען אַ שטער צו מיין גליק. זי האָט דאָך פון גאָרניט ניט געוואוסט, אָבער איך האָב יאָ געוואוסט, ווי אַזוי די באָבע וועט רעאַגירן אויף מיין שריט, און איך האָב ניט געוואַגט צו זאָגן דעם אמת.

„איך האָב זיך קיינמאָל פאַר דער באָבען מיינער ניט אויסבאַהאַלטן. זי האָט געוואוסט, אַז איך היט ניט אָפּ קיין איינציקע פון אירע מצוות, אַז איך עס „העם ענד עגס". זי האָט אפילו געוואוסט, אַז נאָכדעם, ווי דער זיידע איז געשטאָרבן, האָב איך אַריינגענומען אַ קריסטמעס-בוים לכבוד קריסט־מעס. אַלץ האָט מיר די גוטע באָבע מוחל געווען, ווייל זי האָט מיך באַ־טראַכט פאַר אַ נאַריש מיידל. אָבער איצט? איך האָב איר ניט געקאָנט זאָגן דעם אמת. און ניט, ווייל איך האָב רחמנות געהאַט אויף איר. אפשר יאָ, אָבער אין יענעם מאָמענט האָב איך בלויז פאַרדראָס געפילט, פאַר־דראָס אויף דער באָבען, נאָך וואָך וואָס זי לעבט נאָך און שטערט מיר און פאַראַכטונג צו זיך פאַר מיין מוטלאָזיקייט.

„די עלטערן מיינע האָבן מיר ניט געשטערט; די ברידער — דער עלטסטער מעקס האָט חתונה געהאַט מיט אַ יידישע מיידל, אָבער, לויט מיין באָבען, פירן זיי ניט קיין יידישע שטוב; דער מיטלסטער, ראַלף שדכנט זיך צו אַ קריסטלעך מיידל און די „בעיבי" דער 16־יעריקער דאָנאַלד, ער איז דער איינציקער, וואָס ניט נאָר פאַרלייקנט ער ניט זיין יידישקייט, — ער נעמט זיך איבער דערמיט. דאָנאַלד איז די גרעסטע רעטעניש פון דער משפּחה.

„איך האָב מיין שוואַכקייט ניט אויסגעהאַלטן, זיך אויסגעדרייט מיט

אַ תירוץ, אַז איך אַליין ווייס ניט דזשאַניס אמתן (איך האָב גוט אין זינען געהאַט ניט צו זאָגן יידישן) נאָמען און איך בין אַוועק און מער צו דער באָבען ניט געגאַנגען.

„זי האָט זיך געזאָרגט, טעלעפאָנירט. מיין ענטפער איז געווען „פאַר־נומען".

„אָבער עמעצער האָט איר אָפּגעטראָגן, אַז מיר גרייטן זיך אַלע צו מיין חתונה. איז זי געקומען מיט אַ געוויין און מיט אַ קלאָג: פאַרוואָס קומט דאָס מיר און וואָס האָט מען צו איר?...

„דער טאַטע האָט זי אַריינגענומען אין זיין קאַבינעט. איך געדענק, איך האָב זייער געוואָלט זיך איינהערן, אָבער ווידער, ווי דעמאָלט, ביי דער באָבען, אין איר וואוינונג, האָב איך אפילו אויף דעם קיין מוט ניט געהאַט. איך בין געזעסן ביי זיך, אין מיין צימער און געוואַרט, די באָבע זאָל שוין אַוועקגיין און אַן עק זאָל עס נעמען.

„זי איז אַוועק. צו דער חתונה איז זי ניט געקומען, נאַטירלעך. נאָר אַ טאָג פאַר דער חופה האָט זי מיר צוגעשיקט אַ קוויטעלע. עס איז געווען אַזאַ ענגליש, אַז נאָר איך האָב אים געקאָנט דעשיפרירן, אָבער איך האָב זי פאַרשטאַנען. גאָר אויבן, ביים ברעג פונעם בייגעלע פּאַפּיר איז געווען אָנגעשריבן מיט ענגלישע אותיות מזל טוב און וויטער האָט זי מיך גע־וואָרנט, איך זאָל זיך היטן פאַר דזשאַנין, ווייל ער וועט מיך באַליידיקן. ער מעג זיין דער בעסטער, האָט זי געשריבן, אָבער ער וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן, אַז דו ביסט אַ יידיש קינד. ער וועט אַמאָל נעמען אַן איבעריקן טרונק, צי פאַר עפּעס ווערן אין כעס אויף דיר...

„איך האָב דאָס בריוועלע געריסן מיט אַזאַ כעס, ווי דאָס וואָלט פאַר־שעלט דעם וועג צו מיין גליק. די פּיצלעך פּאַפּיר האָב איך געשמיסן צום דיל און זיי געטראָטן מיט די פיס.

„איר פאַרשטייט דאָך, אַז איך האָב חתונה געהאַט מיט דזשאַנין.

„מיין באָבעס וואָרנונג האָט ניט געווירקט. דזשאַניס עלטערן האָבן באַצאָלט דירה־געלט פאַר אונדזער וואוינונג אויף אַ גאַנץ יאָר. מיינע על־טערן האָבן בייגעשטייערט מעבל. דזשאַני האָט אויך געהאַט אַ באָבע. האָט זי אונדז געקויפט אַ נייעם אויטאָמאָביל. מיר זיינען געווען גליקלעך.

„מיר זיינעןביידע געוואָרן לערער אין היגן האַי־סקול. דאָס לעבן איז געוואָרן אַזוי ליכטיק, גרויס, פול מיט אינהאַלט. מיר האָבן נאָך אונדזערע קינדער ניט געהאַט, האָבן מיר דערוויל דערצויגן יענעמס קינדער אינעם עכטן שיינעם אַמעריקאַנער גייסט. אָבער וויפל מיר האָבן ניט אַריינגעטאָן אין אונדזערע סטודענטן, האָבן מיר ווי באַהאַלטן א רעזערוו פאַרן קינד, וואָס וועט קומען פון אונדזביידן. און נאָך איידער עפּעס, זיינען מיר ביידע שוין באַצייטנס זיכער געווען, אַז אונדזער קינד וועט זיין אויסערגעוויינלעך.

"אויך די מחותנים האָבן זיך געהאַלטן פריינדלעך. זיי האָבן באַזוכט

איינע די אַנדערע און איך — אונדז. דזשאַניס באָבע האָט מיך ניט אויפֿ־געהערט צו קושן ביי יעדער באַגעגעניש און לויבן מיין שיינקייט, מיין חכמה און מיין בריהשקייט. נאָר מיין באָבע איז ערגעץ ווי אָפּגעשוואומען אין אַן אַנדער וועלט, אין אַן אַלטער, אָפּגעלעבטער פֿאַרגעסענער וועלט. יוו אַזוי איך האָב זי געקאָנט פֿאַרגעסן, ווייס איך נאָך אַלץ ניט. אָבער זי איז אינגאַנצן אַרויס פֿון מיין זכרון, אַזוי ווי זי וואָלט קיינמאָל ניט געלעבט. און טאָמער האָב איך זיך יאָ אַמאָל דערמאָנט אין איר, האָב איך אין זיך געשמייכלט אויף איר פֿאַרשימלטקייט... קיין יידיש קאָן איך גאָרניט, אָבער דאָס וואָרט „פֿאַרשימלט" נוצט אפילו דזשאַני...

„איך האָב געקלערט: וואו ליגט די גרענעץ צווישן מיר און דזשאַנין? מיר זיינען ביידע פֿרייע אַמעריקאַנער און מיר האָבן זיך ליב. ווי האָט עמעצן גאָר געקאָנט איינפֿאַלן, אַז דזשאַני איז אַנדערש? סיידן נאָר — אַזאַ אַלט־מאָדישער פֿרוי, ווי מיין באָבען...

„דער איינציקער וואָס פֿלעגט מיר דערמאָנען דזשאַניס ניט־יידיש־קייט, איז געווען מיין ברודער דאָנאַלד. „וואָס מאַכט עפּעס דיין שייגעץ?" פֿלעגט ער מיך פֿרעגן. מיך האָט עס פֿאַרדראָסן און איך האָב דאָנאַלדן געענטפֿערט, אַז ער איז אויך אַ שייגעץ. דערויף האָט מיר מיין ברודער גע־ענטפֿערט: „אוודאי בין איך אַ שייגעץ, אָבער — אַ יידישער..."

„ער האָט מיך אַרויסגעבראַכט פֿון מיין געדולד און איך האָב אים פֿאַר־באָטן צו רופֿן דזשאַנין „שייגעץ".

אַ פּלוצעמדיק ליכט האָט מיט איין מאָל איבערגעריסן שרהלעס פּליס־טערן. איך בין אַזוי געווען פֿאַרשלונגען פֿון דער דערציילונג, אַז איך האָב אַ ציטער געטאָן, ווען מע האָט אָנגעצונדן דאָס ליכט אינעם לייענצימער. איך האָב מורא געהאַט, אַז מיין דערציילערין וועט פֿונעם ליכט געשטערט ווערן און ניט וועלן, צי ניט קאָנען פֿאָרזעצן.

די גאַסן־לאָמפּן האָבן נאָך ניט געברענט, און דאָס ליכט אין צימער האָט די גרויסע פֿענצטער מיט איין מאָל טונקל געמאַכט. אויף אַ מאָמענט האָב איך דערוואַכט צום אַרומיקן לעבן. איך האָב דערהערט דאָס שאָרכן פֿון איבערגעמישטע בלעטער און דאָס פּליסטערן פֿון מענטשן ביי די דער־בייאיקע טישן. דער רויש פֿון די דורכלויפֿנדיקע אויטאָמאָבילן אין גאַס האָב איך יאָ געהערט און ניט געהערט. אַלץ אַרום מיר, פֿון דער נאָענט און פֿון דער נאָענטער ווייט האָט באַקומען אַ ניט־רעאַלן אויסזען און אַ ניט־ווירקלעכן קלאַנג. און שרהלע, די וואָס לעבן מיר, אַ שטילע, אַ פֿאַר־טרוילעכע, און יענע פֿון דער דערציילונג, עפּעס די זעלביקע און ניט די זעלביקע...

— דאָס ליכט — האָט זי געזאָגט מיט אַ טאָן, ווי מע וועקט איינעם אויף פֿונעם שלאָף. זי האָט פֿון איר האַנטבייטל אַרויסגענומען אַ קלאָר־ווייס טיכעלע און אָפּגעווישט די ליפּן. נאָכדעם האָט זי מיך מכבד געווען

מיט טשואינג גאָם. זי האָט איר חלק אַריינגענומען אין מויל, אַ קיי געטאָן און פאַרגעזעצט: — איך האָב אייך שוין גענוג אָנדערציילט און איך קום באַלד־צו צום סוף.

— פאַרקערט — האָב איך זי געמונטערט — איר דאַרפט זיך ניט איילן. דאָס לייענצימער וועט נאָך זיין אָפן אַ גוטע פּאָר שעה. זי האָט אַ לאַך געטאָן.

— ווערן אַ לערער אין אַ סקול, וואו איך אַליין האָב מיט יאָרן צוריק געלערנט, איז עפּעס אַזוי ווי אומקערן זיך צוריק אַהיים פון דער ווייט. דאָס זעלבע געפיל, האָט מיר דזשאַני געזאָגט, האָט אויך ער געהאַט. אָבער דאָס וואָס מיר האָבן געטראָפן אין אונדזער אַמאָליקן האַי־סקול גאָר אַן אַנדער דור, האָט אונדז אָנגעזאָגט, אַז מיר זיינען שוין פון אַ פריערדיקן... און מיר זיינען דאָך נאָך געווען אַזוי יונג!

„אפילו די באַאַמטע האָבן זיך געביטן, נאָר די גרויסע צימערן, מיט די אַלטמאָדישע וואַסער־פאָנטאַנען, אין די קאָרידאָרן זיינען געווען די זעלביקע.

„מיר האָבן זיך גיך באַקענט און אַפילו באַפריינדעט מיט די לערער און ערשט צווישן זיי האָבן מיר געטראָפן דריי, וואָס האָבן אינאיינעם מיט אונדז זיך אַמאָל געלערנט. מיט די דריי האָבן מיר זיך געפילט היימיש. מיר האָבן זיי איינגעלאַדן צו זיך און מיר זיינען געגאַנגען צו־גאַסט צו זיי.

„זיי זיינען אַלע דריי קריסטן. ניט זיי, און אוודאי ניט דזשאַני, האָבן מיר ווען עס איז געגעבן צו פילן, אַז איך בין פון אַן אַנדער פאָלק. איך האָב זיך געפילט אינגאַנצן פריי. איינע פון די דריי איז געווען אַ לערערין. זי איז נאָך ניט געווען פאַרהייראַט, און איך האָב זיך אויף איר ניט באַליידיקט, ווען איך האָב באַמערקט אַ קנאהדיקן בליק. זי איז נאָך אַלץ אַ מיידל.

„דזשאַני איז אינגאַנצן געווען פריי פון רעליגיע. פון מיר איז דאָך אָפּגערעדט. אונדזער טשוירטש איז געווען: די ביבליאָטעק, דאָס בעסטע טעאַטער און די סימפאָנישע קאָנצערטן. היינט די לעקטאָרן און די דיס־קוסיעס דערביי און נאָכדעם?... עס האָט זיך ביי אונדז איינגעשטעלט אַ ריין, שיין, גאַנץ און פרוכטבאַר לעבן.

„איין מאָל איז אין אַ דיסקוסיע אויפגעקומען די פראַגע וועגן יידן. דאָס ערשטע מאָל אין די זעקס וואָכן פון מיין פאַרהייראַט לעבן האָב איך דערפילט, אַז כאָטש איך ווייס וועגן יידן גאָרניט, בין איך אַ צד. איך בין געווען דערשטוינט צו הערן, אַז ביידע מענער און זייערע פרויען און אויך די עלטערע מיידל האָבן ניט באַרעכטיקט אַנטיסעמיטיזם, נאָר זיי האָבן געזאָגט, אַז יידן פּראָוואָצירן קריסטן צו פּאָגראָמען.

„דזשאַני האָט זיך איבערגעקוקט מיט מיר ווי מיט אַן אייגענער און ער האָט געזאָגט:

„— עס איז שוין אין דער טבע פון פאַרברעכער צו זוכן און צו געפינען אַ באַרעכטיקונג פאַר זייערע מעשים.

„די עלטערע מיידל האָט די ערשטע דערווידערט. אויך די צוויי מענער און זייערע ווייבער האָבן מיט דזשאַנין ניט געשטימט. נאָר איינער פון זיי, ווילי מעין, האָט מיושבדיק צוגעגעבן: ״אַי געס, יור׳ ראַיט״.

„— איך דענק, אַז איך ב י ן — האָט דזשאַני געזאָגט — איר רעדט וועגן יידן. וואָס איז גאָר נאָר זיי? די ווייסע ווערן כלומרשט פּראָוואָצירט פון נעגערן, צי — פון אינדיאַנער, די טערקן — פון אַרמענער און די יאַפּאַנעזער — פון כינעזער. מיר זיינען די גרויסע און די שטאַרקע, און ווען מיר נוצן אויס אונדזער כוח צו רויבן שוואַכע, מעגן מיר האָבן דעם מוט צוצוגעבן אונדזער שולד.

„אויב איך בין ביז יענעם אָוונט געווען פאַרליבט אין דזשאַנין, האָב איך אים איצט דערצו־נאָך פאַרגעטערט. מיר, אַ יידיש קינד, וואָלט ניט איינגעפאַלן צו געבן אַזאַ שאַרפן ענטפער, אַזאַ שאַרפן און אַזאַ גערעכטן.

„דזשאַני האָט געפילט, אַז ער האָט אויסגענומען ביי מיר און ער האָט מיך אפילו אַ פרעג געטאָן, צי זע איך אַמאָל מיין באָבע.

״— רייד מיר ניט פון איר! — האָב איך אויסגעשריגן.

„— וועלל, האָט ער געזאָגט — איך האָב צו איר גאָרניט. זי קאָן וועגן מיר אַנדערש ניט טראַכטן, ווי זי טראַכט . . . דאָס איז די אַלטע וועלט.

„— צו אַלט צו לעבן — האָב איך אַ זאָג געטאָן. און ערשט איצט פיל איך די גאַנצע נאַרישקייט און קינדישקייט פון מיינע ווערטער. און ערשט איצט זע איך איין, אַז ניט נאָר צוויי פעלקער קאָנען זיך ניט פאַרשטיין, אויך צוויי מיטגלידער פון איין משפחה קאָנען ווערן פרעמדע. איך און מיין גוטע פרומע באָבע זיינען דעמאָלט געווען צעריסן אויף שטענדיק. ווען דער טאַטע האָט מיר געזאָגט, אַז די באָבע איז פון שטענדיקן וויינען ליגן געבליבן קראַנק, האָט עס מיך ניט פאַרדראָסן. „זאָל זי ניט זיין קיין נאַר!״ האָב איך וועגן איר געטראַכט.

„יאָ, איך האָב געטראַכט אַסך און — אַסך געדאַנקען. איצט געפעלן זיי מיר גאָרניט, און איך חידוש זיך נאָר, ווי האָב איך דאָס געקאָנט. און איך בין בלויז מיט צען וואָכן עלטער געוואָרן. זיי זיינען געווען די גרויסע שול אין מיין לעבן און איך האָב אַסך געלערנט, אוי, האָב איך געלערנט!

שרהלעס קול האָט זיך געענדערט, געקלונגען טרוקן און הייזעריק. זי האָט צעעפנט איר האַנטבייטל, אַרויסגענומען אַ סיגאַרעט, זיך דערמאָנט, אַז דאָ טאָר מען ניט רויכערן און נערוועז צוריק באַהאַלטן דעם סיגאַרעט.

מע האָט געהאַט נאָר־וואָס אָנגעצונדן די גאַסן־לאָמפּן און איך האָב דערזען, ווי עס הייבט אָן צו שנייען. די ווייסע פלאַטערלעך האָבן זיך ווי ליכטיקע פליגעלעך געטראָגן אַרום דעם עלעקטרישן לאָמפּ אין גאַס. איך האָב דערזען די באַוועגונג אין דרויסן. אַ שיכור האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים

פענצטער אַקעגן מיר און געשמייכלט. זיינע אויגן האָבן געטרערט און די נאָז, אַ רויטלעכע, איינגעפּרעסט אין דער שויב.

איך האָב זייער געוואָלט הערן די ווייטערדיקע דערציילונג און איך האָב געזאָגט:

— איר דערציילט אַזוי שיין, אַז איך וואָלט געהערט און געהערט...

שרהלע האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט פּאַראיבל. זי האָט טרוקן געזאָגט:

— וואָס מיינט איר, איך דערצייל? דאָס איז אייך ניט קיין דערציילונג!

— ווייל עס איז אמת, דערפאַר איז עס אַזוי וויכטיק! — אויך איך האָב גענומען אַ העכערן טאָן און איך האָב גערעדט, ווי מע זאָגט, „מיט האַרץ". אָבער אַלע מיינע גוטע רייד האָבן מער אויף שרהלען ניט געווירקט. חוץ דעם האָט זי אויסגעזען זייער ניט געזונט. זי האָט זיך געביטן אין פּנים. עס איז מיט איין מאָל פאַרלאָפן מיט אַ געדיכטער רויטקייט און באַלד איז דאָס געוואָרן בלאַס. אַ שווייס האָט באַדעקט איר ליכטיקן שטערן.

— עס איז מיר ניט גוט — האָט זי אַ זאָג געטאָן. זי האָט געכאַפּט איר מאַנטל און איז ממש אַרויסגעלאָפן אין דרויסן. נאָכלויפן האָב איך זיך געשעמט. האָב איך איר נאָכגעשפּאַנט. ווען איך בין אַרויס אויפן טראָטואַר, האָב איך זי דערזען אַ געבויגענע אָפּבריכן.

איך בין צוגעקומען צו איר און איר געוואָלט העלפן, אָבער זי האָט מיך ניט געלאָזט. אויפן קעגנאיבערדיקן טראָטואַר איז געשטאַנען איר קאַר, אוודאי איר חתונה־מתנה. זי האָט זיך אַריינגעזעצט. איך בין געבליבן שטיין, ווי אַן אָפּגענאַרטער. איך האָב זיך קוים באַהערשט איר ניט נאָכצושרייען...

איך בין אַוועק שפּאַצירן. דער שניי איז געפאַלן און געפאַלן, און איך האָב געפילט ווי די ברעגן פון מיין הוט ווערן שווערער. די לופט האָט זיך פון די ריינע ווייסע פלאַטערלעך ווי געריייניקט און זי האָט פאַרשמעקט מיט אַזאַ דינעם־דינעם אַראָמאַט. מיט ווערטער קען מען אים ניט איבערגעבן. מע קאָן נאָר זאָגן: אַזוי שמעקט נאָר פרישער פאַלנדיקער שניי. ער קילט און פרישט און קרעפּטיקט און איר רופט שטיל אויס: „ווי גוט!"

אויף מאָרגן פאַרנאַכט בין איך געווען אין דער ביבליאָטעק, אָבער שרהלע איז ניט געקומען ניט מאָרגן און ניט איבערמאָרגן.

גאַנצע דריי וואָכן האָב איך אויף איר געוואַרט. און ווען נאָר איך האָב געטראַכט וועגן איר, האָב איך מיר אַליין ווייטער געשפּונען דעם פאָדעם פון איר דערציילונג.

פאַרשיידענע סיטואַציעס האָב איך מיר צוגעקלערט און כלערליי קלימאַקסן האָב איך צוגעשטעלט. אָבער קיינע פון זיי האָט ניט געשטימט מיט דערווירקלעכקייט, וואָס שרהלע פּיטערס האָט מיר צוגעשטעלט, ווען מיר האָבן זיך ווידער געטראָפן.

עס איז געווען אַ זוניקער, אָבער אַ פאַרבלאָזער פאַרנאַכט. דער גאַנ־צער הימל איז געווען פון איין קאָליר און די זון האָט זיך אַ בייזע געזעצט, מיט רויטע פליאַמעס אַרום. זי האָט מיר געבלענדט די אויגן און איך האָב זיך געבעטן ביי איר, זי זאָל שוין אונטערגיין און מיך צורו־לאָזן.

איך בין געהאַט צוגעקומען צו דער ביבליאָטעק און, זינט שרהלע האָט מיך איבערגעלאָזט יענעם אָוונט, האָב איך שוין פון אַ מין געוואוינהייט, געכאַפּט אַ קוק, צי קומט זי ניט אפשר ווידער. וויפל מאָל האָב איך עס שוין געטאָן ?... היינט האָט זי מיך ניט גענאַרט. זי איז אַרויס פון דער קאַר און זיך געלאָזט גלייך צו מיר, אַזוי ווי אַן אייגענע.

איך האָב זי באַטראַכט. זי האָט אויסגעזען ניט געזונט, עפּעס ווי קלענער געוואָרן, קלענער און מאָגערער. אין די אויגן האָט געטליעט אַ ווייטיק־דיקע מידקייט.

אויך איך האָב געטאָן אַ גיי צו איר און איך בין זיך מודה, אַז איך האָב זיך קוים באַהערשט ניט אַ קוש טאָן זי, אַזוי אייגן איז זי מיר געוואָרן נאָך דער דערציילונג. איר פאַרענדערונג צום ערגערן האָט געוויזן, אַז עס איז ניט סתם גערעדט.

אויב עס וועט איר גרינגער ווערן פונעם דערציילן, זאָל זי. אויב ניט... איך וועל זי מיט קיין וואָרט ניט פּראָוואָצירן. אַזוי האָב איך באַשלאָסן און אַזוי האָב איך געטאָן. אָבער זי האָט ניט געוואַרט אויף מיין דערמוטיקונג.

ווען מיר זיינען אַריין אין לייענצימער און זיך אָוועקגעזעצט ביים טיש, האָב איך אפילו פאַרגעסן אַ קוק טאָן צום מעריבדיקן פענצטער, וואָס „צינדט אָן" די 'אויערן ביי די וואָס זעצן זיך אויפן בענקל דערביי...

מיסעס פיטערס האָט שולדיק פאַרקוקט צו מיר, און ווען זי האָט אָנגע־הויבן ריידן שטיל, האָב איך דאָס מאָל געפילט, אַז הויך ריידן וואָלט פאַר איר געווען שווער.

— דעם אמת, מיין פריינד, וואָס האָט איר געקלערט וועגן מיר ?

— געקלערט ? — האָב איך איבערגעפרעגט — יאָ, געקלערט און געזאָרגט.

— אָן פאַרדראָס ? — האָט זי זיך צוגעבויגן צו מיר.

— וואָס פאַר אַ פאַרדראָס קאָן איך האָבן אויף אייך ?

— איך קאָן ניט דערקלערן פאַרוואָס, נאָר די גאַנצע צייט האָב איך געפילט, אַז איך האָב געהאַנדלט ניט ריכטיק.

— פאַר אייערע האַנדלונגען דאַרפט איר זיך פאַר מיר ניט פאַרענטפערן — האָב איך געפסקנט.

זי האָט זיך אויסגעגלייכט אויף איר אָרט. איר קליין שיין מויל האָט זיך קוים אַ קרום געטאָן. די אויגן האָט זי ברייט אָן עפן געטאָן און איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז זי וועט אויסשרייען פון ווייטיק.

— נו — האָט זי נאָך אַ ווײַלע שווײַגן אָנגעהויבן — עס איז שוין באַלד נאָך אַלעמען.

— וואָס מיינט איר!? — האָב איך פֿאַרחידושט געפֿרעגט.

— עס האַלט בלויז ביי פּאַרמאַליטעטן... מיר גטן זיך.

— אָבער... — האָב איך ווי פּראָטעסטירט.

— איך פֿאַרשטיי אײַך... עס שטימט ניט מיט דעם וואָס איך האָב אײַך ביז איצט דערציילט.

— זיכער ניט... — קיינער האָט איך ניט געשטערט און דזשאַני זעט דאָך אויס צו זיין אַזאַ איידעלער, אַזאַ פֿאַרשטענדיקער!

— אין דעם האָב איך קיינמאָל ניט געצווייפֿלט... ער זאָגט, אַז ער האָט מיך ליב און איך גלויב אים, און עס טוט מיר שרעקלעך ווי אים אי־בערלאָזן. איך פֿיל אַזאַ גרויסע־גרויסע ליידיקייט אַרום מיין האַרצן. און צו אים האָב איך גאָרניט. אָבער... ווי זאָל איך אײַך זאָגן? עס איז ניט דזשאַני, עס איז זיין וועלט און די ווירקונג פֿון דער וועלט אויף אים.

טאָ וואָס איז ער שולדיק, אויב די וועלט זיינע האָט אויף אים געהאָט אַזאַ ווירקונג?

איך האָב זיך שיר־ניט דערשראָקן פֿאַר מיינע רייד: עס איז אויסגעקומען, אַז איך, וואָס איך האַלט זיך פֿאַר אַ נאַציאָנאַלן יידן, זאָל צוריידן אַ יידישע טאָכטער זיך צונויפֿקומען מיט אַ ניט־יידישן מאַן.

— איר פֿאַרשטייט וואָס איך מיין — האָב איך שולדיק, שולדיק פֿאַר איר באָבען און פֿאַר אַלע גוטע יידן — צוגעגעבן.

— זיכער פֿאַרשטיי איך אײַך — האָט זי געזאָגט — אײַך גייט אין גערעכטיקייט און מיר גייט אויך אין דעם. און די גערעכטיקייט אין דעם פֿאַל איז... ווי זאָל איך דאָס אילוסטרירן? ווי אַ ריינע קלאָרע פֿליסיקייט אין אַ שיינער און איידעלער כלי. דאָס איז מיין מאַן דזשאַני פּיטערס. אָבער אויפֿן דעק פֿון דער כלי האָט זיך אָפּגעזעצט אַביסעלע אומריינקייט. דאָס איז דער גרויסער, אַלטער פֿאָראורטייל פֿון ניט־יידן קעגן אונדז. ביי אַ געלעגנהייט קומט די אומריינקייט אַרויף און צעגייט זיך איבער דער גאַנצער פּליסיקייט. איך ווייס, אַז עס איז אַ שוואַכער פֿאַרגלייך, אָבער בעסערס קאָן איך ניט צוקלערן.

„איך בין זיכער, אַז פֿון זיין ניט־שיינעם שריט איז ער אַליין אויך גע־וועזן איבעררראַשט. ער האָט מיך געבעטן און איבערגעבעטן. איך האָב אים געוואָלט פֿאַרגעבן, און ניט געקאָנט, נ י ט געקאָנט! איך האָב אים נאָר צוגעגעבן, אַז ע ר איז ניט שולדיק.

„אין ווען איך זאָג „די וועלט זיינע", מיין איך ניט נאָר די אַלטע, די פֿאַרגאַנגענע, איך מיין אויך די וואָס אַרום אים און אויך די, וואָס דער־ציען דעם יונגן אַמעריקאַנעם דור, די צוויי פֿאַרלעך און די עלטערע מיידל. מיר האָבן זיי אַלעמען איינגעלאַדן אויף אַ קריסטמעס הוליאַנקע.

„דזשאַני האָט מיר ניט באַדאַרפט דערמאָנען וואָס איינקויפן. איך האָב שוין געוואוסט זיינע באַליבטע מאכלים. און דער קריסטמעס־בוים איז געשטאַנען אַזאַ גרויסאַרטיק־שיינער! און ווען איך האָב אָנגעצונדן די אַלע קאָלירטע לעמפּעלעך, האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז יעדער לעמפּעלע איז דאָס אויג פון אַ מלאך, פון אַ מלאך פון שלום, לכבוד דעם פּרינץ פון שלום. איך בין יענעם אָוונט, איידער דזשאַני איז אַריינגעקומען פון דער אַרבעט אַזוי דורכגענומען געווען פון אַ קריסטלעך געפיל, אַז איך בין גרייט געווען מיט פרייד אָנצונעמען דאָס קריסטלעכע גלויבן. דאָס איז געווען דער ע ר ש ט ע ר, ווירקלעך דער ערשטער יום־טוב אין מיין לעבן. ביי מיינע עלטערן האָב איך ק י י ן יום־טוב ניט געהאַט. זונטיק האָט מען גערוט. אויך שבת בין איך אין סקול ניט געגאַנגען... איך האָב גערוט פאַרשיידענע אַנדערע טעג און אָוונטן, אָבער רו איז קיין יום־טוב ניט. אַ יום־טוב, מיין איך, פאַר דער גאַנצער משפחה, קינדער, עלטערן, זיידע־באָבע, פעטערס און מומעס מיט קוזינס און קוזינעס... דריי און אַמאָל פיר דורות אינאיינעם, מיט איין גוט יום־טובדיק געפיל אין האַרצן, — אַזוינע ימים טובים האָב איך געזען ביי אונדזערע קריסטלעכע שכנים. און ביי מיר האָט זיך פאַרגנבעט אַ געדאַנק, אַז זיי זיינען בעסערע מענטשן ווי מיר, בעסערע מענטשן און בעסערע אַמעריקאַנער.

„און ווען דזשאַני זאָל מיר ניט געווען אַזוי אָפּטאָן, ווער ווייסט ווי ווייט איך וואָלט פאַרגאַנגען מיט מיינע געדאַנקען.

„נו, מיין פריינד... איך ווייס ניט, צי בין איך געוואָרן אַ בעסערע יידין, אָבער איך האָב סיי אונדז, סיי זיי דערזען אין אַן אַנדער ליכט... און צו פאַרדאַנקען האָב איך עס מיין דזשאַנין... און ניט אַזוי אים, ווי זיינע פריינד... אוי, זיינע פריינד!

— איר מיינט די האַי־סקול לערער? — האָב איך געפרעגט.

— יאָ, זיי מיין איך. טאַקע.

— וואָס איז געשען?

— עס איז געשען אַן אומגלויבלעכע זאַך. און געווען איז עס טאַקע קריסטמעס־נאַכט אַזוי ווי דזשאַני וואָלט געוואוסט, אַז איך וועל ניט אין זינען האָבן קויפן בראַנפן, האָט ער עס מיר דערמאָנט. איך האָב דאָס אויך איינגעהאַנדלט. די חברה האָט עס אויסגעליידיקט גאָר גיך. דזשאַני האָט גענומען עטלעכע גלעזלעך. איינער פון די לערער האָט געוואָלט נאָך. עס איז שוין מער ניט געווען. ער האָט איבערגעקערט די ליידיקע פלאַש. עס זיינען פון איר אַרויס אַ פּאָר טראָפּנס. מיר האָבן אַלע געקוקט און געלאַכט.

„מיטאַמאָל האָב איך דערהערט אַ גראָב זידלוואָרט. דער לערער האָט גערעדט צו דער ליידיקער פלאַש און זי געזידלט. אַלע האָבן זיך צעלאַכט. איך האָב זיך פאַרלוירן. איך האָב אַ קוק געטאָן אויף דזשאַנין. ער האָט עפּעס שיכורלעך געזונגען. ער האָט געטייטלט מיטן פינגער צום לערער,

ווי ער וואָלט זיך געריצט מיט אים און דערביי אַזוי האַרציק געלאַכט, אַז ער האָט אונדז אַלעמען אָנגעשטעקט... דער לערער האָט געטאָן אַ שפּאַן צו די מאַנטלען, אָנגעטאָן איינעם און אַרויס אין דרויסן. מיר האָבן אים געפּרואווט פאַרהאַלטן. עס האָט ניט געהאָלפן.

„באַלד איז ער צוריק אַריין און מיט אַ פינצטער פּנים אָנגעזאָגט, אַז עס איז שוין שפּעט און די בראָנפן־קראָם איז געשלאָסן. איך ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר איך האָב זיך דערמיט אַזוי דערפרייט, אַז איך האָב אַ פּליעסקע געטאָן מיט די הענט אַזוי הויך, אין דער לופטן...

„—לוק עט האַר (קוק זי נאָר אָן) — האָט דער לערער באַמערקט.

„— שי׳ז רילי העפּפּי — האָט די עלטערע מיידל אים אונטערגעהאָלפן.

„— פאַרוואָס ניט? — האָב איך איבערגעפרעגט — מיר זיינען שוין אַזוי אויך שיכור.

„— ביי איך — האָט די עלטערע מיידל געזאָגט און אירע קליינע, ברוינע אויגן האָבן דערביי געלאַכט — ביי איך איז דאָס שיכרות און ביי אונדז — פריידיק מיטן געבורט פון גאָטס זון.

„איך האָב אַ קוק געטאָן אויף דזשאַנין. ער האָט אָפּגעמאָסטן ביידע די לערערין און די אַנדערע געסט און זיי געוואָרנט:

„— דאָנ׳ט טאָטש מאַי סוויט ליטל דזשו! אַי׳ם וואָרנינג יו... — ער האָט זיי אַלעמען מיט אַ פינגער געוואָרנט און דערביי געשפּאַסט: — שי׳ז גאָאינג טו גיוו מי עי סאָן ענד היז נעים איז גאָאינג טו בי משה...

— מער האָט ער זיך ניט געקאָנט באַהערשן און זיך צעלאַכט... און די גאַנצע גרופּע האָט מיט איין מאָל אויסגעבראָכן אין אַזאַ פריילעך און לוס־טיק געלעכטער. און אין דעם האָב איך דערפילט אַ טיף־פאַרבאַהאַלטענע שנאה, וואָס האָט נאָר געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט זיך דורכצוברעכן און אַרויס אויף דער אויבערפלאַך...

„— סטאָפּ איט, דזשאַני!!! — האָב איך אַ געשריי געטאָן און איך בין מיט איין מאָל ניכטער געוואָרן. איך האָב דערפילט, אַז ניט נאָר יעדער מענטש ביי מיר אין הויז לאַכט פון מיר, אַז אויך דאָס גלאַנציקע געשיר לאַכט און יעדער פאַרביק לעמפּעלע אויפן קריסטמעס־בוים לאַכט, לאַכט...

„— איך בין אַרויס פון צימער. איך האָב געוואָלט וויינען, און ניט געקאָנט. זייער געלעכטער האָט נאָך העכער געקלונגען און מיך פאַרפאָלגט. איך האָב געכאַפּט אַ מאַנטל אויף זיך. איך האָב געהערט לויפנדיקע טריט און דזשאַניס קול. ער האָט מיך גערופן.

„— קאַם בעק, ליטל דזשו! — האָב איך דערהערט דזשאַניס שיכורע שטים און דאָס פאַרשטאַרקטע געלעכטער פון דער גרופּע. אויך ער האָט שוין געלאַכט מיט זיי.

„איך בין אַראָפּגעלאָפן אַלע טרעפּ, און דאָס געלעכטער זייערס האָט מיר נאָכגעיאָגט; איך בין שוין געווען אין גאַס, און דער אָפּשיילעכער

קלאַנג פון יענעם געלעכטער האָט מיך פאַרפאָלגט. וואָס פאַר אַ געלעכטער איז עס געווען? און ווי אַזוי זאָל איך אייך איבערגעבן דעם קלאַנג? אַזוי קער אוודאי קלינגען דאָס געלעכטער פון אַ פייניקער, בשעת זיין קרבן צאַפּלט זיך פון ווייטיק, וואָס ער פאַרשאַפט אים. אַזוי קאָן נאָר קלינגען דאָס געלעכטער פון אַ סאַדיסט.

„איך האָב אַזוי גיך געשפּאַנט, אַז איך האָב דערפילט אַ שטעכעניש אין די זייטן. און דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן האָב איך דערפילט אַ מורא, אַ פּשוטע, פיזישע מורא פאַר מיין לעבן.

„איך האָב זיך אַליין ניט געריכט, אַז מיין האַנדלונג וועט זיין אַנטגיל־טיק, אָבער איר זעט דאָך: עס איז געשען.

„וואָס איך האָב אין יענעם מאָמענט אין גאַס געפילט און וואָס איך האָב געטראַכט, קאָן איך געענוי ניט וויסן, אָבער איין געדאַנק, געדענק איך גוט, האָט ניט אויפגעהערט צו וויברירן אין מיר און מיך שטאַרקן אין מיין מאַכטלאָזיקייט: „משהלע, האָב איך ניט אויפגעהערט צו ווידערהאָלן, משהלע וועט ניט זיין דיינער, דזשאַני, ניט דיינער און ניט מיינער!"

„איצטער דערמאָן איך זיך, ווען איך האָב דזשאַנין אָנגעזאָגט די בשורה, אַז איך בין פאַרגאַנגען אין טראָגן און ווי מיר האָבן זיך ביידע געפרייט. אָבער דאָרט, אין גאַס, אַנטלויפנדיק פון יענעם אָפּשיילעכן געלעכטער, האָב איך זיך געזאָגט, אפשר ניט קלאָר, אָבער איך האָב זיך אַליין זייער גוט פאַרשטאַנען: „מיין קינד, אַ יינגעלע, צי אַ מיידעלע, אויב עס וועט איין־איינציק מאָל איבערלעבן דאָס וואָס איך טראָג איצט אַריבער, — לוינט זיך ניט.

„ווען איך האָב זיך מיט אייך באַגעגנט, האָב איך נאָך געהאַט זיין קינד אין זיך. איצט איז אויס. אויס קינד, אויס דזשאַני. כאָטש ער וויל מיך איבערבעטן, וועל איך איצט צו אים מער ניט קומען, ניט צו אים און ניט אפילו אין סקול אַריין לערנען דאָרט מיט אים און מיט די אַנדערע — קינדער. איך וועל ניט פאַרלוירן גיין. איך וועל געפינען אַן אַנדער סקול. און אויב ניט, וועל איך לערנען מיט יידישע קינדער. און אויב ניט וועל איך לערנען מיט זיך אַליין, ווייל איך פיל, אַז נאָכן האַרוואַרד אוניווער־סיטעט און נאָך דער גאַנצער רייכער קולטור, וואָס איך האָב אין זיך אַריינ־גענומען און זיך אַזוי איבערגענומען דערמיט, אַז נאָך אַלעם דעם, ווייס איך גאָרניט וועגן מיין פאָלק."

שרהלע איז שטיל געבליבן. זי האָט אַרויסגענומען דאָס טיכעלע פון איר בייטל. איך האָב מורא געהאַט, אַז זי וועט זיך צעוויינען, אָבער אירע אויגן זיינען געווען טרוקן און געברענט מיט אַן אומהיימלעך־עקשנותדיק פייער און מיט אַן אומפאַרענדערלעכן באַשלוס.